י. ד. בערקאָוויטש

# אונדזערע ראשונים

## זכרונות־דערציילונגען וועגן שלום־עליכם און זיין דור



פאַרלאַג „המנורה", תל־אביב

תשכ"ו — 1966

## א

# די אָדעסער קאָלאָניע

קיין בעסערן אָרט ווי אָדעס האָט דער אַריבערגעוואַנדערטער „העולם" זיך ניט געקאָנט ווינטשן. מיר זענען אַריינגעפאַלן אַהין אין אַ צייט, ווען אָדעס האָט אַרויסבאַוויזן אַ שטאַרקע כוונה איבערצונעמען פון די אַלטע, אָפּגעשוואַכטע, האַלב־דעגענערירטע העברעאיש־ליטעראַרישע צענ־טערס, ווילנע און וואַרשע, די אויבערהאַנט אין דעם יידישן גייסטיקן לעבן, אויסשליסלעך אויפן באַדן פון העברעאישער אויפלעבונג, — און האָט עס געהאַלטן ביי דערגרייכן. אין די לעצטע עטלעכע יאָר פאַר דער וועלט־מלחמה איז אָדעס געוואָרן דער האָפּערדיקער העברעאישער צענ־טער אין רוסלאַנד — שוין דער לעצטער, ווייל נאָך דער מלחמה, דורך דער רעוואָליוציע, איז אַלץ פאַרטיליקט געוואָרן אינעם גרויסן חורבן.

אייגנטלעך, האָט אָדעס, די רייכע לוסטיקע האַפן־שטאָט פון די לייכטזיניקע „אָדעסיטן", פון שטענדיק־אָן פאַרמאָגט ביי זיך אַ וואַרעמען נעסט פון אָנגעזעענע ערנסטע טוער און שאַפער אויפן יידיש־קולטורעלן געביט, סיי אין העברעאיש, סיי אין יידיש און רוסיש. אינאיינעם מיט דער צעבליאונג פון דער רייכער יידישער געמיינדע, אַ צוזאַמענגעגאָסענע פון ענערגישע און פעאיקע עלעמענטן פון פאַרשיידענע יידישע ווינקלען, אָנהייבנדיק מיט די אויפגעקלערטע גאַליציאַנער סוחרים (די באַוווסטע „בראָדער") און ענדיקנדיק מיט די ליכט־דאָרשטיקע אימיגראַנטן פון דער ווייטער ליטע, — האָט דאָרט אויך רייך געבליט, רייכער און פרייער ווי אין אַלע יידישע צענטערס אין רוסלאַנד, די השכלה מיט אַלע אירע שפּעטערדיקע נאַציאָנאַל־יידישע פאַרצווייגונגען. פאַר דער העברעאיש־משכילישער אינטעליגענץ, פאַר שרייבער, לערער און באַפרייטע בית־מדרשניקעס, השכלה־לעכצער, איז אָדעס געווען אַן אויסערגעוויינלעכער רייץ־פּונקט נאָך אין די יונגע יאָרן פון פרץ סמאָלענסקין, וועלכער האָט

דאָרט אָנגעהויבן זיין ערשטן פעריאָד אַלס פייער־זייל פון דער העברע־אישער השכלה. אַפילו די ערשטע שפּראָצן פון דער יידישער פּרעסע אין רוסלאַנד האָבן זיך לכתחילה געהאַט באַוויזן אין אָדעס: דער „המליץ" אויף העברעאיש, דער „קול מבשר" אויף יידיש און דער „ראַזסוויעט" אויף רוסיש. ווער רעדט שפּעטער, אַז ס'איז אויפגעגאַנגען די קלאַסישע פּלעיאַדע פון אָדעסער יידישע שריפטשטעלער: מענדעלע מוכר־ספרים, בן־עמי, ליליענבלום, ראַווניצקי, אחד־העם, דובנאָוו, לעווינסקי און דער יינגסטער און ליכטיקסטער ביאַליק, — האָט מען פון אַלע שטעט אין דעם יידישן תחום, פון נאָענט און ווייט, ווו נאָר עס האָט געקלאַפּט אַ דאָרשטיק האַרץ נאָך יידישן ליכט, געקוקט צו אָדעס, ווי צום העלסטן ווינקל פון יידישער קולטור־שאַפונג און לויטערן געהויבענעם גייסט, דאָרט ווו די אמתע שכינה רוט.

פון דעסטוועגן האָט אָדעס אין פאַרלויף פון לאַנגע יאָרן ניט דער־גרייכט די מדרגה פון אַ פאַקטישן ליטעראַרישן צענטער, וואָס זאָל זיין אַרומגערינגלט פון אַ נאָענט־צוגעטוליעטער יידישער סביבה, ווי עס איז געווען ווילנע אין די השכלה־יאָרן, און ווי עס האָט אויסגעזען וואַרשע אין דעם שפּעטערדיקן נאָך־השכלה־פעריאָד. צי מחמת אויסערלעכע סיבות (די ווייטע אָפּגעשיידקייט פונעם געדיכטן יידישן תחום), אָדער מחמת אינערלעכע מאָטיוון (אַן אָפּגעפרעמדקייט פון די לעבעדיקע פאָלקסמאַסן, וואָס האָט זיך אָפּט געגרענעצט מיט גייסטיקן סנאָביזם) — נאָר די אָדעסער שריפטשטעלערישע קאָלאָניע איז יאָרן־לאַנג פאַרבליבן ניט מער טאַקע ווי אַ ווייטע קולטור־קאָלאָניע פון דעם ברייטן רוסיש־יידישן קאָנ־טינענט. זי האָט געוואָרפן סנאָפּעס שטראַלן פון דער ווייטן, ווי פון אַ העלן, נאָר ווינקלדיקן ליכט־פונקט; זי האָט אָבער ניט געוואַרעמט פון אינווייניק, ווי אַ צענטראַלער ברען־פונקט, ווי אַ לעבעדיק וואַרעם האַרץ. ספּעציעל פאַר דער העברעאישער שריפטשטעלער־גרופּע אין אָדעס האָט געפעלט דער שטענדיקער צופלוס פון יוגנט, פון אויפגעקלערטער בית־מדרשדיקער אינטעליגענץ, דאָס וואָס ווילנע האָט באַקומען פון די ליטווישע ישיבות, און וואַרשע — פון די חסידישע שטיבלעך. אַזאַ עלעמענט האָבן די אָדעסיטן דער העברעאישער ליטעראַטור ניט געקאָנט

צושטעלן. האָבן טאַקע די אָדעסער שריפטשטעלער געלעבט, ווי אויף אַ פרעמדן פּראַקטיקן אינזל, אומגעגאַנגען צווישן די שטאַרק־רוסיפי־צירטע לעבנסלוסטיקע אָדעסיטן, ווי צווישן ווילדע, נאַר פרעמדע „ניי־טיווס". אַז פרץ פלעגט זיך באַווייזן אויף די וואַרשעווער גאַסן אין זיין ברייטער פלאַטערדיקער פעלערינע, פלעגן אים נאָכקוקן מיט טשיקאַווער פאַרערונג צענדליקער פאַרבייגייער, יונג און אַלט, און ניט איין חנעווו־דיק פריילין (צום מיינסטן — פון די שטודירנדיקע „ליטוועטשקעס") פלעגט אים אַנטקעגנקומען מיט אַ וואַרעמען דערפרייענדיקן שמייכל. און אַז מענדעלע מוכר־ספרים פלעגט זיך לאָזן שפּאַצירן איבער אָדעס, האָט זעלטן־ווער פון די אָדעסער לייט געוווּסט, ווער דער שלאַנקער זקן איז. טאָמער וואָלט איינער געפּרוווט זיי זאָגן, אַז דאָס איז מענדעלע — וואָלט דאָס פאַר זיי געקלונגען ווי אַ ווילדער חידוש: וואָסער „מענ־דעלע" — אַ גוטער ייד? אַ בעל־מופת? ווי קומט ער אין אָדעס?...

די גייסטיקע אָפּגעזונדערטקייט פון דער אָדעסער שריפטשטעלע־רישער קאָלאָניע האָט געשאַפן אין דער העברעאישער ליטעראַטור אַ באַ־זונדערע אָדעסער טראַדיציע — אַ טראַדיציע פון ליטעראַרישער זויבער־קייט, פון גוטן ליטעראַרישן טאָן, פון אויסגעזוכטן געלייטערטן וואָרט. דערויף האָבן די אָדעסער געהאַט צוויי גרויסע וועגווייזער: אויפן קינסט־לערישן פעלד — מענדעלען, אויפן געדאַנקלעכן — אחד־העמען. די דאָזיקע אָפּגעזונדערטקייט האָט זיי אָבער אָפּגעהאַלטן פון לעבעדיקער טעטיקייט, פון געוואַגטן ליטעראַרישן אויפטו, וואָס זאָל דערוואַרעמען זיי אַליין און באַפרוכפּערן אויך אַנדערע. זיי זענען געווען זייער פאַר־זיכטיק און אָפּגעהיט; זיי האָבן מער געחלומט פון גוטע ליטעראַרישע פּלענער, איידער זיי דורכגעפירט. דורכפירן זאַכן האָבן זיי איבערגע־לאָזט פאַר וואַרשע. וואַרשע האָט געדרוקט צייטונגען, אַרויסגעגעבן גאַנצע ביבליאָטעקעס מיט ביכער, פאַרפלייצט דעם מאַרק מיט קינדער־ליטעראַטור. ניט אַלץ, וואָס וואַרשע האָט געדרוקט, איז געווען גוט. דערהויפּט האָט עס אויסגעזען שלעכט ביי די אָדעסער פיינשמעקער, די געאיידלטע איבערקלייבער, וואָס האָבן דורך דער צווייפלהאַפטער וואַרשעווער פּראָדוקציע נאָך מער פאַרטיפט זייער אייגענע אָפּגעזונדערט־

קייט, זייער שטאָלץ מיט די אייגענע ריינע, קלאָרע, שטראַלנדיקע, נאָר ניט־באַוועגלעכע, שטייענדיקע וואַסערן.

אַזאַ איז געווען אָדעס אַ צייט מיט יאָרן. אַזאַ האָט אויך שלום־עליכם זי געקענט. ער האָט ליב געהאַט די אָדעסער חברים אהבת־נפש, זיך געפילט געהויבן פון זייער פריינדשאַפט, געבענקט נאָך זיי פון דער ווייטן מיטן גאַנצן האַרצן — אָבער נאָר אויף קומען צו זיי צוגאַסט אויף עפּעס אַ יום־טוב, פאַרברענגען מיט זיי אַ קורצע צייט אין וואַרעמע געהויבענע געשפּרעכן, זיך אויסלאָדן פאַר זיי מיט דעם וואָס ער פאַר־מאָגט און זיך אָננעמען פון זיי מיט עכטן געלייטערטן רוח־הקודש. בלייבן אָבער אין אָדעס אינדערוואָכן, פאַרזינקען אין איר אָפּגעהיטער פאַרגליווערטקייט — דאָס האָט זיך אים ניט געגלוסט. ער האָט מורא געהאַט פאַר די אָדעסער „חלומות", וואָס פירן צו גאָרנישט. פאַר אים האָט חלומען געהייסן — וואַגן, געשטרויכלט ווערן, פאַלן און ווידער אויפשטיין. אין אָדעס האָט מען געחלומט, זיצנדיק געמיטלעך אויף דער קושעטקע... און דערפון האָט אויך טיילווייז געשטאַמט שלום־עליכמס אומצופרידנקייט, וואָס מיר זענען אַריבערגעפאָרן מיטן „העולם" קיין אָדעס. ער האָט ניט געגלויבט, אַז דער „העולם" וועט דאָרט אויסהאַלטן. און טאָמער וועט ער ניט אויסהאַלטן, וועלן אים די אָדעסער קאָנען העלפן סיידן נאָר מיט אַ זיפץ פונעם טיפן האַרצן...

שלום־עליכם האָט אָבער איצטיקס מאָל ניט געטראָפן. די לעצטע יאָרן איז אין אָדעס געשען עפּעס נייעס. די אָדעסער האָבן אויפגעגעבן זייערע חלומות אויף דער קושעטקע און זענען אַריבער צו טעטיקייט. בעסער געזאָגט: זיי האָבן זייערע לאַנג־אויסגעוואַרעמטע חלומות און פלענער ענדלעך אָנגעהויבן פאַרווירקלעכן. מיר האָבן אין אָדעס געפונען אַ היפּשע אויפלעבונג — עס האָט דאָרטן געהאַלטן ביי אַ גוטן אָנהייב פון אַ לעבעדיקן העברעאיש־ליטעראַרישן צענטער.

קודם־כל, און מער ווי אומעטום, האָט מען דאָס געפילט אין ביאַליקס און ראַווניצקיס אויפטו — אין זייער יונגן פאַרלאַג „מוריה". פון אַ קליינעם פאָרזיכטיקן פּרווו אַרויסצוגעבן גוטע זויבערע שול־ביכער אויף העברעאיש, אַלס קעגנזאַץ צו דער ביליקער, שלעכט־פאַרפּאַסטער,

אומפּאַראַנטוואָרטלעכער קינדער־ליטעראַטור, מיט וועלכער די וואַרשע־וער גרויס־פאַבריקאַציע האָט פאַרפלייצט די שולן און תלמוד־תורות איבער דער גאַנצער וועלט, ווו יידן געפינען זיך, — איז אויסגעוואַקסן אַ גוט־אַוועקגעשטעלטער מוסטערהאַפטער פאַרלאַג, וואָס האָט זיך ערשט געהאַלטן אין פאַרצווייגן אויף פאַרשיידענע ליטעראַרישע געביטן. דער פאַרלאַג האָט שוין איצט געהאַט זיין באַשטימטע סיסטעם און אָנגעצייכנטע דערציערישע אידייע: צו געבן דעם העברעאישן לעזער, אין געלייטערטער פאָרם, די גאָלדענע קייט פון יידישן שאַפן אין משך פון דורות — אָנגעהויבן מיט אַ צוגעפאַסטן תנ״ך פאַר דער שול און מיט אַ גערייניקטן, מאָדערן־איבערגעבויטן מדרש פאַר דער יוגנט, און געענדיקט מיט אַן אויסוואַל פון דער נייער, וועלטלעכער העברעאישער ליטעראַטור, ביז מענדעלע מוכר־ספרים און ווייטער. דער פונדאַמענט פון דעם פאַרלאַג האָט זיך אַרויסבאַוויזן צו זיין דאָס נייע מדרש־בוך, דער „ספר האגדה״ — דאָס גרויסע בוך אין זעקס טייל, וואָס די פאַר־לעגער אַליין, ביאַליק און ראַווניצקי, האָבן געשאַפן, געזאַמלט פון תלמוד און מדרשים, אויסגעלייטערט פון דעם אַלטן אָנגעוואַקסענעם פסולת, איבערגעגאָסן די אַראַמעאישע עלעמענטן אין קרישטאָל־ריינעם העברע־אישן מדרש־לשון, אַריינגעלייגט אין דער אַרבעט טיפן וויסן, טאַלאַנט און געשמאַק, צונויפגעשטעלט פון צעוואָרפענע שטיקער אַ גרויס ליכטיק ליטעראַריש ווערק אין זעלטענער אַרכיטעקטאָנישער גאַנצקייט, אויס־געשליפן אַ טייערן דימענט, אין וועלכן עס שפּיגלען זיך אָפּ ביאַליקס גרויסע אינטואיציע און ראַווניצקיס קלאָרקייט און פּינקטלעכקייט. דער „ספר האגדה״ איז געוועזן פאַר אונדזער דור, און וועט בלייבן פאַר די קומענדיקע דורות, אַ גרויסע אַנטפּלעקונג — די אַנטפּלעקונג פון דער מדרש־ליטעראַטור אין איר געלייטערטער פראַכט. פון אַלטע פאַרשאָטענע קוואַלן האָט זיך אַ גאָס געטאָן, אין איין שטאַרקן קאָנצענטרירטן שטראָם, לעבעדיק זיס וואַסער. דער איינדרוק פון דעם בוך איז געוועזן איבערראַשנד, און זיין דערציערישער ווערט פאַר דער העברעאישער ליטעראַטור איז ניט אָפּצושאַצן. עס האָבן זיך אַרויפגעוואָרפן אויף אים דאָרשטיק ניט נאָר העברעאישע סטודענטן פון דעם יונגן דור, נאָר אויך

שרייבער, לערער, משכילים, אויך יידן תלמידי־חכמים פון דער אַלטער וועלט, די וואָס האָבן ביז אַהער געדולדיק געבלאָנזשעט איבער די ווילד־פאַרוואַקסענע סטעפּעס פון די אַלטע מדרשים. עס האָבן זיך מיט אים אין דער שטיל געקוויקט אַפילו רבנים, מגידים, משולחים פון ישיבות, חסידישע גוטע יידן... פאַרשטייט זיך, אַז אויך דער מאַטעריעלער ערפאָלג איז געווען גרויס. דער „ספר האגדה" האָט אויסגעהאַלטן אַ סך אויפלאַגעס און האָט, צוזאַמען מיט אַנדערע געלונגענע שול־אויסגאַבעס, אַוועקגעשטעלט דעם פאַרלאַג „מוריה" אויף אַ פעסטן באָדן. „מוריה" איז געוואָרן די זיכערסטע מאַרקע אויפן העברעאישן ביכער־מאַרק. אַ בוך, וואָס ביאַליק און ראַווניצקי האָבן אַרויסגעלאָזט, איז אויפגענומען געוואָרן פון דעם העברעאישן עולם מיט פולן צוטרוי, אַז עס וועט אים געגעבן דאָס בעסטע און דאָס שענסטע.

איצט האָט דער פאַרלאַג „מוריה" שוין פאַרמאָגט אויף דער באַזאַרנע־גאָס גאַנצע צוויי געביידעס, איינע לעבן דער אַנדערער: אין איינער האָט זיך געפונען די קאַנטאָר מיטן לאַגער, און אין דער צווייטער האָט געאַרבעט אַ היפּשע דרוקעריי, וואָס האָט אָפט ניט געקלעקט פאַרן אייגענעם געברויך. פון דעסטוועגן האָט מען זיך אַיינגעקוועטשט און פון פריילעכקייט וועגן אַריינגענומען דרוקן אויך אונדזער „העולם". ביאַליקס פאַרלאַג־און־דרוקעריי איז שוין אָבער סייווי געווען פאַר די אָדעסער העברעער אַ פריילעכער, לעבעדיקער צענטער. די טיר האָט זיך דאָרט ניט צוגעמאַכט פון פאַרשיידענע באַזוכער.

עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז אָדעס פאַרמאָגט אַ היפּשע העברעאישע אינטעליגענץ, גאָרניט אין ערך גרעסער און לעבעדיקער, ווי אין דער אָפּגעלאָזענער פאַראומערטער ווילנע. אַחוץ דער אַלטער גוואַרדיע פון די אָדעסער „חובבי ציון", חברים און תלמידים פון אחד־העם, האָט זיך לעצטנס אין אָדעס באַוויזן אַ העברעאישע יוגנט פון גאָר אַ נייעם שניט: מאָדערנע ישיבה־לייט, העברעאישע סעמינאַריסטן. דער באַוווסטער אָדעסער רב חיים טשערנאָוויץ („רב צעיר"), באַוווסט אין דער העברעאישער ליטעראַטור מיט זיינע וויסנשאַפטלעכע ווערק, „התלמוד", „לתולדות השולחן ערוך" און „קיצור התלמוד", און באַוווסט

אין דעם רוסישן יידנטום אַלס דער איינציקער מאָדערנער רב (ניט „ראַבינער") מיט אַן אייגענעם פרייען קוק אויף דער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג פון יידישקייט, — האָט מיט עטלעכע יאָר צוריק געגרינדעט אין אָדעס אַ מאָדערנע ישיבה, וואָס איר אויפגאַבע איז געווען אויפ־צושטעלן אַ דור פון אינטעליגענטע רבנים און סתם יונגע תלמידי־חכמים, דערצויגן אין נאַציאָנאַל־יידישן גייסט און געלייטערטן יידישן וויסן. די דאָזיקע ישיבה האָט צו זיך צוגעצויגן פון פאַרשיידענע ווינקלען אין רוסלאַנד, דערהויפט פון דער אַרומיקער אוקראַאינע, אַ נייעם טיפּ יידישע יונגעלייט, דאָרשטיקע נאָך יידישער געלערזאַמקייט, טשיקאַווע אין זייער יונגער באַגייסטערטער שטרעבונג צו סינטעזירן אַלטע יידישקייט מיט נייער, צונויפגיסן אַ בלאַט גמרא מיט יידישער קולטור־געשיכטע, רמב"ם מיט אחד־העם, זוהר מיט ביאַליקס פּאָעזיע. קיין רבנים זענען פון די ישיבה־לייט, דאַכט זיך, ניט אַרויסגעקומען. עס איז פון זיי אָבער געבליבן אַ געקליבענע גרופּע איידעלע יידישע אינטעליגענטן, אָנגעזאַפּט מיט יידישן וויסן און יידישע אידעאַלן, צווישן זיי אויך אַ צאָל יונגע שריפט־שטעלער און תלמידי־חכמים. אין דער צייט, ווען מיר זענען געקומען קיין אָדעס, איז שוין חיים טשערנאָוויץ דאָרט ניט געווען. ער האָט זיך פּלוצעם מיישב געווען, אויפגעגעבן דאָס רבנות, אַוועקגעפאָרן אין זיינע פערציקער יאָרן אַליין ווערן אַ סטודענט, שטודירן יורידישע וויסנשאַפט אין די אויסלענדישע אוניווערסיטעטן. די אָדעסער העברעאישע אינטע־ליגענץ האָט אָבער די ישיבה ניט געלאָזט פאַלן. צווישן אירע לערער און שטיצער האָבן זיך איצט גערעכנט ד"ר יוסף קלויזנער און אויך ביאַליק, וועלכע האָבן ביידע, יעדערער אויף זיין שטייגער, באַגייסטערט די תלמידים.

די דאָזיקע יונגע מחנה העברעאישע סטודענטן האָט אויפגעוואַרעמט און באַלעבט אויך די סביבה פון די עלטערע אָדעסער העברעער און ציוניסטישע באַלעבאַטים, וואָס האָבן זיך איצט געטוליעט צו ביאַליקן און צו זיין צעבליטן פאַרלאַג, ווי צו אַ ניי־וואַקסנדיקן צענטער. ביי אַ העברעאישער פאַרזאַמלונג, צי ביי אַ לעקציע, פלעגט דער זאַל פול ווערן מיט אַן אויפגעלעבטן רוישנדיקן עולם, יונג און אַלט, ביז צו די

לעצטע בענקלעך — אַ זאַך, וואָס מע האָט שוין לאַנג ניט געזען ניט אין ווילנע, ניט אין וואַרשע.

אונדז, די איבערגעוואַנדערטע ליטוואַקעס, האָבן די אָדעסער אויפֿגענומען מיט ליכטיקע קרובישע פּנימער און מיט אַ באַזונדער אָדעסער מונטערקייט: „גוט וואָס איר זענט צו אונדז געקומען, דאָ איז אַייער אָרט, מיר וועלן לעבן אינאיינעם, ווי גאָט אין אָדעס!"... דערצו איז געווען פֿרילינג, אויף די שיינע ברייטע אָדעסער גאַסן האָבן זיך צעבליט די אַקאַציעס, זייער זיסער אַראָמאַט האָט יום־טובדיק באַרוישט דאָס האַרץ, געוועקט נייע האָפֿענונגען, צוגעזאָגט אַ ניי אינטערעסאַנט לעבן אין דער דאָזיקער פֿרישער, פֿריילעכער, יום־טובדיקער שטאָט.

פֿון מיין ערשטן האָפֿערדיקן בריוו איז אויך שלום־עליכם מונטערער געוואָרן און האָט גלייך אויפֿגעגעבן זיין אומצופֿרידענע שטעלונג צו אונדזער איבערוואַנדערונג קיין אָדעס. ער האָט געשריבן: „איך בין זייער צופֿרידן, וואָס אָדעס און אירע מענטשן געפֿעלן אַייך". איין זאַך נאָר האָט ער ניט געוואָלט גלייבן: אַז דער פֿאַרלאַג „מוריה", וואָס האָט געשלאָסן מיט מיר אַן אָפּמאַך אויף די ווייטערדיקע בענדער פֿון שלום־עליכם אין מיין העברעאישער איבערזעצונג, האָט זיך אונטערגענומען מיר צאָלן הונדערט רובל אַ חודש. פֿון וואַנען וועלן ראַווניצקי און ביאַליק נעמען הונדערט קאַרבן אַ חודש? וואָס איז דאָרט פּלוצעם געשען מיט די ליבע אָדעסער „בעלי־חלומות"? זיי זענען פֿון זינען?... אויב ס'איז נאָר אמת, איז דאָך עס טאַקע משיחס צייטן!...

ב

# ח. נ. ביאַליק אין אָדעס

אָנדערהאַלבן יאָר האָב איך פאַרבראַכט אין אָדעס, אין דער אויסדערוויילטער משפחה פון די אָדעסער שרייבער, און די דאָזיקע צייט איז מיר פאַרבליבן אין זכרון, ווי דער ליכטיקסטער פעריאָד פון מיינע יונגע שרייבער־יאָרן. דאָס איז געווען איינער פון יענע טייערע פעריאָדן אין אַ מענטשנס לעבן, וואָס אַז מע דערמאָנט זיך אָן זיי נאָכדעם, אין די שפעטערדיקע יאָרן, גליען זיי אַרויס פון דער פאַרנעבלטער פאַרגאַנגענהייט, ווי ליכט־עטאַפּן, ווי הייסע העלע זומערדיקע ליכט־קוואַלן, פון וועלכע דער יונגער גייסט האָט דאָרשטיק געטרונקען און זיך אָנגענומען מיט וואַרעמקייט אויף אַ סך קומענדיקע ווינטערן.

די משפחה פון די אָדעסער שריפטשטעלער איז שוין דעמאָלט געווען ניט אַזוי גרויס אין צאָל, ווי פריער. ליליענבלום און לעווינסקי זענען געשטאָרבן, אחד־העם און בן־עמי, דובנאָוו און טשערנאָוויץ האָבן אויסגעוואַנדערט אין דער פרעמד. זיי פלעגן גאַנץ אָפט דערמאָנט ווערן פון די פאַרבליבענע, ווער מיט טיפער פאַרערונג, ווער מיט ליבשאַפט און ווער מיט חברשער בענקשאַפט — יעדער איינער פון זיי האָט איבערגעלאָזט אין דער משפחה זיין דויערנדיקע השפעה און זיין אומפאַרגעסלעכן רושם. די אָדעסער שריפטשטעלער האָבן זיך אַרויסבאַוויזן ווי מאָדנע ליטעראַרישע באַשעפענישן: זיי האָבן (מיט עטלעכע אויסנאַמען פון פרעמדלעכע, דרויסן־שטייענדיקע עלעמענטן) ניט געוווּסט אין זייער סביבה פון דעם גוטבאַקאַנטן שרייבערשן געפיל, וואָס ווערט אָנגערופן „קנאת סופרים". זיי האָבן ניט מקנא געווען איינער דעם אַנדערנס גרויסקייט, פאַרגונען מיטן גאַנצן האַרצן איינער דעם אַנדערן זיין פאַרנומענעם פּלאַץ אין דער ליטעראַטור, און אַדרבה — וואָס מער געהויבן דעם חברס פּלאַץ איז געווען, אַלץ מער האָבן די איבעריקע דערמיט שטאָלצירט,

ווייל דאָס האָט צוגעגעבן כבוד און געהויבנקייט דער גאַנצער ליטע־ראַרישער משפּחה. די דאָזיקע עכט־קרובישע באַציאונגען האָבן פאַר־אייניקט אין איין געשלאָסענעם זעלישן בונד מענטשן פון ניט־גלייכער ליטעראַרישער מאָס, פון פאַרשיידענע גראַדן טעמפּעראַמענט, און אויך פון פאַרשיידענע „עטנישע" אָפּשטאַמונג און כאַראַקטער. דער פילאָזאָ־פיש־אַריסטאָקראַטיש־האַרבער, שטרענג־געמאָסטענער, ערנסט־אָפּגעהיטער אחד־העם איז געווען ברודערלעך פאַרבונדן מיטן לייכטן, פעליעטאָניס־טיש־גוטמוטיקן לעווינסקי, — דערביי האָט דער ערשטער געשטאַמט פון דער אוקראַאיניש־חסידישער „גילדענער פּאָן", און דער צווייטער — פון אָרעמע ליטווישע מלמדים. דער שטייפער, קילער, שפּאָרעוודיקער, שפּייכלעריש־רייכער קאַפּוליער זיידע מענדעלע איז פאַרגעטערט געוואָרן פון זיין רייך־צעעפנטן, הייס־קוואַלנדיקן, פאַרשווענדעריש־שפּרודלדיקן וואָלינער אייניקל ביאַליק. און די רירנדיקע אַסקעטיש־פּעדאַנטישע ערלעכע פיגור פון דעם אַלטן ליטווישן בית־מדרשניק ליליענבלום האָט איבער־געלאָזט נאָך זיך ביי די לעבנסלוסטיקע אָדעסיטן (אויך די אָדעסער שריפטשטעלער זענען געווען לעבנסלוסטיקע אָדעסיטן!) אַן אָנדענק פון האַרציקער ליבשאַפט און באַוווּנדערונג.

דער פּאַטריאַרך פון דער משפּחה, דער וואָס האָט אַלעמען פאַר־אייניקט אין איין גייסטיק־געהויבענער גרופּע, געשפּרייט זיין אַלט־מייסטערישן געלייטערטן רוח־הקודש אויף עלטערע און ייִנגערע, גע־וואָרפן אויף דער גאַנצער אָדעסער ליטעראַרישער סביבה גלייכע, קלאָרע, רואיקע שטראַלן פון זיין ליכטיקער שעפערישער עלטער, פון זיין הערלעכן לאַנג־דויערנדיקן זונאונטערגאַנג, — איז געווען, פאַרשטייט זיך, דער זיידע, מענדעלע מוכר־ספרים. די פּאַקטישע צענטראַלע פּערזענ־לעכקייט אין דער דאָזיקער גרופּע איז אָבער איצט געווען ביאַליק. מענדעלעס השפּעה איז געווען, אַזוי צו זאָגן, אַ פאָרמעלע, אַן אויסער־לעכע; ער האָט די אָדעסער משפּחה באַדעקט מיט כבוד און באַלויכטן מיט זיין אַלטן „זיידישן" ליכט מער פון דרויסן, איידער געוואַרעמט זי און באַוועגט פון אינעווייניק. ביאַליקס השפּעה איז אָבער געווען אַן אינעווייניקסטע, אַ ווירקנדיקע, אַ באַפרוכפּערנדיקע; ער האָט געגאָסן

אַרום זיך שטראָמען ליכט און וואַרעמקייט, געזעטיקט און אָנגעטרונקען פון זיין איבערפליסיקן זאַפטיקן גייסט אַ גאַנצן קרייז הונגעריקע און דאָרשטיקע געניסער.

איך האָב ביאַליקן ניט געזען קאַרגע אַכט יאָר, זינט ער האָט פאַר־בראַכט אַ קורצן פעריאָד אין וואַרשע, אַלס דער בעלעטריסטישער רע־דאַקטאָר פון דער מאָנאַטשריפט „השילוח". שוין דעמאָלט, אַ יונגערמאַן אין די בליענדיקע דרייסיקער יאָרן, איז ער געשטאַנען הויך אויף אונ־דזער ליטעראַרישן הימל, ווי אַ יונגע פלאַקערדיקע זון אָנהייב זומער. ער האָט שוין געהאַלטן נאָך זיינע גרויסע דיכטונגען „מתי מדבר" און „בעיר ההרגה", „אכן חציר העם" און „דבר", „זוהר" און „משירי החורף", וועלכע האָבן אים פאַרקניפּט מיט דער גאָלדענער קייט פון די נביאים און די גרויסע ספרדישע דיכטער. ביי אונדז, ביים יונגן דור, האָט זיין גליענד קרעפטיק וואָרט אָפּגעקלונגען אין האַרצן פיל טיפער, מער אָנ־גרייפנדיק, ווי די אור־אַלטע נבואה, און פיל אינטימער, ווי דאָס פאַר־צייטיקע וואָרט פון יהודה הלוי — עס האָט אונדז באַנייט און געשטאַרקט צו אַ נייעם אויפגייענדיקן לעבן, עס האָט העל באַלויכטן אונדזער טונ־קעלן וועג צו דער צוקונפט. ביאַליקס דיכטונג איז פאַר אונדז יענע יאָרן געווען אַ סך מער ווי גרויסע דיכטונג: עס איז געווען אַ ניי־אַנטפּלעק־טער קוואַל פון דערמונטערונג, פון אויפגעוואַכטן גלויבן, אַז אונדזער באָדן איז נאָך ניט אויסגעטריקנט, אַז אונדזער אַלטע פאַרמוטשעטע ראַסע פאַרמאָגט נאָך גענוג זאַפט און פרוכטבאַרן זוימען, גענוג גייסטיקן דראַנג און ווילן, אַרויסצוגעבן פון איר אייגענעם טראַכט, פון אירע אייגענע טיפענישן, אַזאַ גאָטגעבענטשטן פאָלקסקינד, געבענטשט מיט די העכסטע און ווערטפולסטע אייגנשאַפטן פון זיין פאָלק, אָנגעגליט מיט זיין אַלטן געלייטערטן פייער, אָנגעשטאָלן מיט זיין אַלטער טראַגישער נביאישער קראַפט... איך געדענק, מיט וואָסערע זעלטענע געפילן מיר האָבן יענע טעג, אין אונדזער אַכצן־און צוואַנציק־יאָריקן עלטער, זיך אַרויפגעוואָרפן אויף ביאַליקס אַ נייעם שיר: דאָס איז ניט געווען בלויז דער גרויסער גענוס פון הויכער פאָעזיע — יעדעס ליד זיינס איז אויפ־גענומען געוואָרן פון אונדז, ווי אַ דערפרישנדיקע בשורה פאַר אונדזער

לעכצנדיקער יוגנט, ווי אַ געלייטערטע תפילה, אין וועלכער עס האָט זיך טיף אויסגעזונגען אונדזער נאָגנדיקע גייסטיקע בענקשאַפט, ווי אַן אַנטפּלעקט געטלעך וואָרט פאַר אונדזערע יונג־פאַרווירטע נשמות. איך ווייס ניט, ווי אַזוי וואָלט אויסגעזען די גאַנצע העברעאישע ליטעראַטור פון אונדזער צייט, פון די לעצטע דרייסיק־פערציק יאָר, וועלכע האָבן באַשטימט איר לעבנס־גורל אויף ווייטער, ווען ביאַליק וואָלט זי ניט באַלעבט מיט זיין זוניקער קראַפט, ווען ער וואָלט זי ניט באַוואָרעמט און באַפרוכפּערט מיט טיפן נאַציאָנאַלן אָטעם, מיט טיפן נאַציאָנאַלן זינען פאַר אַ גאַנצן דור דיכטער און שריפטשטעלער — אַפילו פאַר די, וואָס האָבן מיט אייגענע קרעפטן זיך געלאָזט אויסטרעטן זייערע אייגענע וועגן.

און ניט נאָר מיט זיין דיכטונג — מיט זיין גאַנצער גייסטרייכער פערזענלעכקייט איז ער פאַר אונדז דעמאָלט געווען דער שטאַרקער, באַגלייבטער, ליכטיקער וועגווייזער, דער פייער־זייל אין אונדזער מדבר, דער וואָס האָט העל באַלויכטן אונדזער געמאַטערטן וועג פון הינטן און פון פאָרנט — פון וואַנען מיר קומען און וווהין מיר גייען... איך געדענק אונדזערע אומזיכערע, געדריקטע אָנפאַנג־טעג אין וואַרשע, ווי אַזוי מיר האָבן זיך צו אים געטוליעט, ווי צו אַ גוט־האַרציקן יונגן ריז, ווי אַזוי מיר האָבן גענאָסן פון זיין גענאָד, פון זיין טיפער און ריינער מאָראַלישער קראַפט, פון זיין זעלטענער וואַרעמקייט, פון זיין דערקוויקנדיקן קוואַלנדיקן חן — דער חן, וואָס קוואַלט פון גרויסער ערלעכער פשטות. די פאַרבראַכטע אָוונטן אין זיין קליינעם ליכטיקן בחורשן צימער אויף פאַנסקאַ־גאַס נומער 20, אינעם הויף פון דער רעדאַקציע „הצופה", אונטערן וואַרעמען שטראָם פון זיינע קרעפטיקע קערנדיקע געשפּרעכן, וואָס האָט זיך געגאָסן אין אונדזערע יונגע הערצער, ווי אַ געבענטשטער וואַרעמער זומער־רעגן, — שטייען עד היום אין זכרון מיט זייער יום־טובדיק געווירצטן ריח און געשמאַק, וואָס איז אַזוי זיס געווען פאַר דער טרויעריק־נאָגנדיקער יוגנט... און שפּעטער, אַז מיר האָבן זיך צע־שפּרייט איבער דער וועלט, האָבן אונדז אָנגעיאָגט פון צייט צו צייט זיינע טייערע אויסגעשפּילטע בריוועלעך, אין וועלכע ער האָט אייניקע פון

אונדז ניט אָפּגעלאָזט פונעם אויג, ווי אַן עלטערער האַרציקער חבר און שטאַרקער מאָראַלישער וועגווייזער. איינעם פון זיינע בריוו, אין וועלכן ער האָט זיך מיט מיר געזעגנט אויף מיין וועג קיין אַמעריקע, האָב איך יאָרנלאַנג געטראָגן אין האַרצן, ווי אַ טייערע קמיע, ווי אַ רירנדיק וואָרט פון אַ גרויסן באַגלייבטן לערער. ער האָט דאָרט צו מיר, צו אַ צוואַנציק־יאָריקן בחורל אַן אָנפאַנגער, צווישן אַנדערע האַרציקע אָפּשייד־ווערטער, געשריבן אַזוי: „דו זאָלסט ניט שרייבן סיידן דורך רוח־הקודש. דו זאָלסט ניט איבעררייסן דעם בונד צווישן דיר מיט דיינע חברים־שרייבער אין רוסלאַנד — — —. לערן, לערן און לערן. און אייביק זאָלסטו בענקען נאָך דיין געבורטסלאַנד, נאָך דיין קליינעם שטעטל, נאָך די טעג פון דיין קינדהייט, נאָך די טעג פון דיין הונגערן, נאָך דעם מאָך אין דער דער וואַנט פון דיין פאָטערס שטוב, נאָך די זינד פון דיין יוגנט, און נאָך ביאַליקן... די דאָזיקע בענקשאַפט וועט דירביישטיין אין אַ שלעכ־טער צייט און וועט לייטערן דיין זעל פון יעדן פסולת און פון יעדער פגימה...״

איך זאָל בענקען נאָך ביאַליקן — וועגן דעם האָט ער מיר פאַר־שפּאָרט אָנצוזאָגן. אַז איך בין איצט געקומען מיטן „העולם״ קיין אָדעס, בין איך אַהין געקומען אויף אַ גרויסן אויסגעבענקטן יום־טוב: איך וועל ווידער זען ביאַליקן, ווידער געפינען זיך אין זיין נאָענטקייט, געניסן די זעלטענע השפעה פון זיין באַצויבערנדיקער, רייכער, פיל־באַטעמטער פערזענלעכקייט.

איך האָב געטראָפן ביאַליקן אויסערלעך ניט קיין סך פאַרענדערט נאָך די אַכט יאָר, וואָס איך האָב אים ניט געזען. ער איז נאָר געוואָרן אַ ביסל דיקער און מער באַלעבאַטיש געזעצט, ווי אַמאָל אין וואַרשע. אויך די קנייטשן האָבן זיך מער פאַרצווייגט און טיפער איינגעקאַרבט אין דעם הויכן באַשטראַלטן שטערן און אַרום די מילדע בלווילעך־גרויע אויגן. אָבער די זעלבע טיפע און קרעפטיקע וואַרעמקייט אין זיין פולן און אינהאַלטספולן פנים, דער זעלבער יונגער, לויטערער, אָפּט־שטי־פערישער גלאַנץ אין די ערלעכע דרייסטע אויגן, דער זעלבער זיסער באַהאַרצטער קינדערשער שמייכל, וואָס גיסט זיך אין צוויי ליכטיקע

שטראָמען פון די זוניקע חן־גריבלעך אין די באַקן און פון די חנעוודיקע מויל־ווינקלען — יענער צויבערלעכער שמייכל ביאַליקס, וואָס האָט אונדז אין די יונגע יאָרן צוגעבונדן צו אים מיט אמתער פאַרליבטקייט. אויך דער זעלבער וואַרעמער באַריר פון זיינע גוטע שטאַרקע הענט (הענט פון אַ גיבור, ווען פיזישע גבורה איז פאַרשלונגען געוואָרן פון איבערשטייגנדיקער גייסטיקער קראַפט), און אויך די זעלבע יונגע פלינקייט אין זיין קערן און ווענדן זיך, אין זיין צוגעלאָזטן חבריש־נאָענטן בויג מיטן גאַנצן שטאַרק־געבויטן קערפער.

נאָר אינערלעך האָט ביאַליק זיך איצט אַרויסבאַוויזן נאָך ברייטער, טיפער, אינהאַלטסרייכער, ווי אַמאָל. זיין געדאַנק איז געוואָרן זיכערער, ווי מיט ניי־צוגעקומענע וואָרצלען, אַלזייטיק רייף, איבערגעפילט מיט זעטיקער זאַפט, זיין אויסדרוק — קלאָר און געשליפן און ווייט־טרעפנד, און אין גאַנצן האָט ער אויסגעזען ווי אַ קרעפטיקער, טיף־פאַרוואָרצלטער מיטל־יאָריקער בוים, רייך באַשאָטן מיט צייטיקע פירות, וואָס פאַלן אַראָפּ אין די אונטערגעשטעלטע קערב פונעם מינדסטן טרייסל. ער איז אויך פאַר די לעצטע יאָרן רייכער און טיפער געוואָרן אין זיין יידישן וויסן — דורך זיין שאַפונגס־אַרבעט איבערן „ספר האגדה“. ער איז דורכגעשווומען נאָך אַ מאָל, מיט טיכטיקער התמדה און רייפער אינ־טואיציע, דעם גרויסן ים פון תלמוד און מדרשים, און איז אַרויסגעשווומען פון דאָרטן אַ באַלאָדענער מיט נייע אוצרות, וועלכע ער האָט אַיינגע־זאַפּט ניט נאָר אין זיין שטאַרקן מוח, נאָר אויך אין זיין שעפערישן דיכטערישן בלוט. דאָס האָט אויף ביאַליקן געהאַט אַ גרויסע ווירקונג, וואָס האָט זיין אינערלעכן גייסטיקן גאַנג געגעבן אַ נייע ווענדונג: צו זיין געשריבענער פּאָעטיש־נביאישער דיכטונג, צו זיין תורה שבכתב, איז צוגעקומען אַ מין נייע מינדלעכע דיכטונג, אַ תורה שבעל־פה — די מדרש־דיכטונג. פונקט ווי ער האָט אין זיין ערשטן פּאָעטישן פּעריאָד געבראַכט צו נייעם לעבן, אין געלייטערטן מאָדערנעם אויסדרוק, דעם פייערדיקן אָטעם פון דער אַלטער יידישער נבואה, אַזוי האָט ער איצט, נאָך אַ פאַרטיפטער אינטימער אַרבעט אין די אוצרות פון דער אַלטער אַגדה־ליטעראַטור, פאָרגעזעצט צו שאַפן, אין געשליפענער מאָדערנער

פאָרם, זיין אייגענע אַגדה — אַ מין אייגענע מדרש־שאַפונג. ער האָט דאָס אָבער געטאָן ניט אין שריפט, נאָר אויסווייניק — אין גייסטרייכע געשפרעכן פאַר יעדן איינעם, וואָס האָט אים נאָר אויפמערקזאַם געהערט, און אין טיף־אינטערעסאַנטע, רייך־קוואַלנדיקע דרשות און לעקציעס פאַרן אָדעסער העברעאישן עולם ביי יעדער פאַסיקער געלעגנהייט.

ביאַליק האָט איצט געוועבט זיין אייגענעם מדרש־געוועב — ער האָט זיין געאײדלטן מאָדערנעם געדאַנק, זיין אייגענע קלוגשאַפט, זיין קלאָר־זעאונג, זיין פּאָעטישע קראַפט און אינטואיציע מיט גרויס מייס־טערשאַפט פאַרפלאָכטן מיט דער אויסגעזוכטער אַלטער חכמה פון די פאַרגאַנגענע, כמעט פאַרגעסענע דורות. ער האָט מיט זיין אויסערגעוויינ־לעכן פּאָעטישן חוש און מיט זיינע פילבאַרע שטאַרקע פינגער אָנגעטאַפּט און אַרויסגעצויגן פון דער טיפער פאַרגעסנקייט די אַלטע איבערגע־ריסענע פעדים פון אונדזער אַלטער קולטור, פאַרשפּינט זיי אין אַ נייעם שטאַרקן שנור און דערפירט ביז צו די מאָדערנע קולטור־באַגריפן פון אונדזערע טעג. ער האָט דערמיט געזוכט צו פאַרשטאַרקן דעם קולטור־רעלן צוזאַמענבונד צווישן אונדזער אַלטער און נייער וועלט, אָפּפרישן און באַלעבן פאַרן שפּעטסטן דור דעם אור־קוואַל פון די זיידעס.

עס איז געווען אַ נייער גרויסער גענוס צו פאַרברענגען מיט ביאַליקן אין אָדעס, צו מאַכן מיט אים לאַנגע שפּאַצירן, אויסהערן פון אים זיין נייע פערלדיקע „תורה שבעל־פה", זיין נייע זעלטענע מדרש־דיכטונג. עס איז אָבער געווען דערביי אַ טיפער פאַרדראָס, וואָס ער פאַרווענדט זיין רייכטום ניט אין שריפט, נאָר אויסווייניק, וואָס געניסן דערפון געניסט נאָר דער ענגער קרייז פון אָדעסער העברעער — פאַר דער ברייטער יידישער וועלט גייט די דאָזיקע שאַפונג פאַרלאָרן...

## ג

# י. ח. ראַוויניצקי

ביי מיין קומען קיין אָדעס האָב איך מיך ענדלעך באַקענט און גיך באַפריינדט מיט י. ח. ראַוויניצקין, וועגן וועמען איך האָב זיך אַזויפיל גוטעס אָנגעהערט אין שלום־עליכמס הויז.

י. ח. ראַוויניצקי, איינער פון די בעסטע אין דער אָדעסער ליטעראַרישער משפחה, האָט פון זיינע סאַמע יונגע יאָרן זיך געשאַפן אין דער העברעאישער — און אויך אין דער יידישער — ליטעראַטור אַ רעפּוטאַציע פון אַ ריינעם, געשמאַקפולן, ערלעכן ליטעראַרישן טוער, וואָס האָט אַ סך מיטגעהאָלפן דער אַנטוויקלונג און דערהויבונג פון אונדזער געדרוקטן וואָרט אויףביידע שפּראַכן. שוין ביי זיין ערשטן וויכטיקן ליטעראַרישן אויפטו אין די ניינציקער יאָרן, ביי דער אויסגאַבע פון זיינע העברעאישע יאָרביכער „פרדס", האָט ער אַרויסבאַוויזן אַ סך געשמאַק און זעלטענע — פאַר יענער צייט — קולטורעלע ציכטיקייט, אַלס רעדאַקטאָר און ליטעראַרישער וועג־ווייזער. און שפּעטער, אַז ער איז גערופן געוואָרן צו רעדאַקטירן אַ קורצע צייט דעם ערשטן מאָדערנעם יידישן זשורנאַל אין רוסלאַנד, דעם „יוד", איז ער געווען זיין גע־שטאַלט־געבער, וואָס האָט אויף אים געלייגט דעם שטעמפּל פון ליטעראַרישער פיינקייט און ערלעכן זשורנאַליסטישן טאָן. ער איז אויך געווען איינער פון די עטלעכע אויסגעצייכנטע פובליציסטן־קריטיקער אין דעם נאָך־השכלהדיקן פעריאָד, וואָס האָבן געווירקט אויסצוראַמען פון דער העברעאישער ליטעראַטור דעם בטלנותדיקן סטיל און די פוסטע מליצה, און דער סאַמע ערשטער ליטעראַטור־קריטיקער אין יידיש (אין שלום־עליכמס „פאָלקסביבליאָטעק", אונטערן פסעוודאָנים „רבי קצין"), וואָס איז אַרויס מיט רייפע, קלאָרע פאָדערונגען פאַר גוטן טאָן, געלייטערטן געשמאַק און מאָס־געפיל אין דער יונגער פאָלקסליטעראַטור.

עס איז אויך באַקאַנט געווען אין די שריפטשטעלערישע קרייזן, אַז ראַווניצקי איז דער נאָענטסטער פריינד און ליטעראַרישער באַגלייטער פון מענדעלע מוכר־ספרים און אחד־העם, וועלכע רעכענען זיך שטאַרק מיט זיין ערלעכער מיינונג און קלאָרן ניכטערן פאַרשטאַנד אין ליטע־ראַרישע און געזעלשאַפטלעכע פראַגעס; אַז ער דינט בכלל אין דער גייסטיק־ליטעראַרישער מלוכה פון די אָדעסער ווי אַ שטילע מאָראַליש־ווירקנדיקע קראַפט — אַ מין „קראַפט הינטער דעם טראָן". אַזאַ באַ־ציאונג פון פולן צוטרוי און גלויבן צו ראַווניצקיס ערלעכקייט און גוטן געשמאַק אין ענינים פון ליטעראַטור און ליטעראַרישער עטיק האָט אויך שטענדיק געהאַט שלום־עליכם.

די לעצטע יאָרן איז ראַווניצקיס ערלעכער ליטעראַרישער נאָמען באַהעפט געוואָרן מיטן גרויסן נאָמען פון ח. נ. ביאַליק, און איז שוין פון אים ניט אָפּגעטיילט געוואָרן אין משך פון אַ לאַנגן פרוכטבאַרן פעריאָד — פרוכטבאַר פאַר זייביידן און פאַר דער העברעאישער ליטעראַטור. זיי האָבן זיך ביידע פאַראייניקט אויף לעבנסלאַנגער טע־טיקייט ניט נאָר אַלס גרינדער און גלייכע שותפים פון דעם הויך־אַוועק־געשטעלטן פאַרלאַג „מוריה" (וואָס איז שפּעטער, אין ארץ־ישראל, מיט דער הילף פון שמריה לעווין, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דעם גרויסן פאַרלאַג „דביר"), נאָר אויך אַלס גלייכע אומדערמידלעכע אַרבעטער און שאַפער פון בשותפותדיקע ליטעראַרישע ווערטן דורך דעם דאָזיקן פאַרלאַג. ביידע האָבן דורך אייגענער טאָג־טעגלעכער ליטעראַרישער מי דורכגעפירט דעם וויכטיקסטן טייל פון זייער פאַרלעגערישער אויפ־גאַבע, אַליין צוזאַמענגעשטעלט און דורכגעלייטערט די שול־אויסגאַבע פונעם תנ"ך, אַליין איבערגעזעצט און באַאַרבעט יוגנט־ליטעראַטור פון יידישע קוואַלן, אַליין רעדאַקטירט און קאָרעגירט יעדעס בוך, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון זייער פאַרלאַג, און ביידע האָבן געשאַפן דאָס גרויסע מאָנומענטאַלע מדרש־ווערק, דעם „ספר האגדה", וואָס האָט מער פון אַלע זייערע בשותפותדיקע אַרבעטן פאַראייניקט זייערע נעמען אין דער העברעאישער ליטעראַטור אויף שטענדיק. זייערעביידנס נעמען זענען אַזוי צוזאַמענגעשמאָלצן געוואָרן פאַרן העברעאישן עולם אין

איינס, אַז נאָך מיט יאָרן צוריק איז אין ניו־יאָרק אומגעגאַנגען אַן אַנעקדאָט וועגן אַ באַרימטן יונגן ראַבאַי, וואָס האָט געהאַלטן אַ דרשה איבער דער דיכטונג פון אונדזערע צוויי גרויסע נאַציאָנאַלע דיכטער ביאַליק און ראַווניצקי. דאָס איז געווען — און פאַרבליבן ביז צו היינטיקן טאָג — אַ וווּנדערלעכע האַרמאָנישע באַהעפטונג פון צוויי פאַרשיידענע פערזענלעכקייטן, פאַרשיידן אין ליטעראַרישן באַרוף, אין טעמפעראַמענט, אין אויסדרוק, נאָר ענג פאַרבונדן דורך איין ליטעראַרישן אידעאַל, דורך איין לאַנגן און מיזאַמען וועג צו אַ הויכן צוועק, צו אַ גרויסן, וויכטיקן לעבנס־אויפטו, און באַזעלט מיט אויפריכטיקן רעספעקט און ליבשאַפט פון איינעם צום צווייטן — צוויי באַהאַלטענע, שעמעוודיקע געפילן ביי ביידן, וואָס ווערן, צוזאַמען מיט דער פאַרטיפונג פון דער בשותפותדיקער אַרבעט, אַלץ מער פאַרטיפט און פאַרוואָרצלט אין ביידנס הערצער. דערביי איז דאָס סאַמע רירנדיקע אין דעם דאָזיקן מערקווירדיקן בונד פון די צוויי שריפטשטעלער, וואָס דער עלטערער, ראַווניצקי, איז געווען דער אַנטפלעקער פונעם יינגערן, ביאַליק (ער האָט דער ערשטער דערקענט ביאַליקס פאָעטישע קראַפט און געדרוקט זיין ערשט ליד „אל הצפור" אין איינעם פון די יאָרביכער „פרדס"). ראַווניצקי האָט ביאַליקן אַנטפלעקט און אויפגעמונטערט אים צו זיין גרויסן ליכטיקן וועג — און איז דערנאָך אַליין געוואָרן זיין געטרייער באַגלייטער אויפן דאָזיקן וועג, זיין נאָענטסטער, אינטימסטער פאַרערער, וואָס ליכטיקט זיך נאָענט אין זיין ליכט און טרינקט דער ערשטער פון זיין געבענטשטן קוואַל, און פילט דערביי דאָס לויטערע ריינע געפיל פון פאָטערלעכן גליק — ריין פון חברשער קנאה און ריין פון וועלכע־עס־איז שותפותדיקע פניות... אויב ראַווניצקי אַליין רעדט כמעט ניט פון זיינע פאָטערלעכע געפילן צו זיין יינגערן גרויסן חבר, וואָס ווערן פון יאָר צו יאָר טיפער און רירנדער, זעט מען דאָס אָבער קלאָר פון זיין שטילן, וואַרעמען, ערלעך־פאַרטראַכטן פנים — איינס פון די סאַמע ערלעכע און באַגלויבטע פנימער אין דער יידישער ליטעראַרישער משפחה.

וואָרעם ראַווניצקי רעדט ניט קיין איבעריקע ווערטער. ער איז באַקאַנט צווישן יידישע שרייבער אַלס „דער גרויסער שוויגער". ער

שווייגט — ניט אַזוי מחמת שעמעוודיקייט, אויך ניט מחמת רואיקייט פונעם געמיט, און געוויס ניט מחמת דעם, וואָס מיטן שווייגן האָט ער אַ כוונה צו דעמאָנסטרירן באַזונדערע טיפזיניקייט. ער שווייגט פשוט מחמת ערלעכקייט: זיין ערלעכער כאַראַקטער דערלאָזט אים ניט צו גלאַנצן מיטן פוסטן וואָרט, צו רעדן שיינע מליצה, סתם צוליב רייד. אַזוי איז ער אין דער ליטעראַטור, און אַזוי איז ער אויך אין לעבן — דער שטרענגער ריכטער פון דעם איבעריקן, אומניצלעכן וואָרט. דאָרט אָבער ווו ס'איז נייטיק — הערט מען פון אים אַ שאַרפע, טרעפנדיקע באַמערקונג, אַ קלאָרע, פעסטע, אומבאַשטרייטבאַרע מיינונג, וואָס קומט פון לויטערער לאָגישער באַטראַכטונג, פונעם קלאָרזעעוודיקן שכל הישר. דערביי איז זיין וואָרט אָפט געשליפן מיט איראָניע, באַלויכטן מיט פיינעם הומאָר, וואָס איז גוט צוגעפאַסט צו דער סיטואַציע. אָבער אויך זיין הומאָר איז אַן ערלעכער: ער איבערטרייבט ניט בלויז לשם גע־לעכטער, ער צילט אויך ניט יענעם וויי צו טאָן, נאָר ער מאַכט קלאָר — ער באַלייכט קרומע זאַכן דורך אַ פיינעם גלייכווערטל. און דעריבער הערט מען זיך צו צו אים מיט טיפן צוטרוי. אויב ס'איז ביי אים אַ רענדל אַ וואָרט — איז דאָס וואָרט ווערט דאָס רענדל.

מיין באַקאַנטשאַפט מיט י. ח. ראַוואָניצקין איז מיר געווען באַזונדער ליב און אינטערעסאַנט צוליב זיין לאַנג־יאָריקער האַרציקער פריינדשאַפט מיט שלום־עליכמען, וואָס האָט זיך געצויגן זינט זייער ליטעראַרישער יוגנט און איז ניט געמינערט געוואָרן מיטן לויף פון דער צייט. אַדרבה, וואָס ווייטער די יאָרן זענען געגאַנגען, אַלץ מער פעדים זענען צוגע־קומען, וואָס האָבן רייכער און פעסטער געמאַכט דעם אַלטן בונד צווישן די צוויי אינטימע פריינד („מיין אינטימסטער פריינד" — אַזוי האָט שלום־עליכם אַליין באַצייכנט ראַוואָניצקין אין זיינע אויטאָביאָגראַפישע נאָטיצן). די דאָזיקע פעדים זענען געקליבן געוואָרן איינער צו איינעם און זענען מיט גרויס ליבשאַפט אָפגעהיט געוואָרן אין ראַוואָניצקיס געטרייען זכרון. ניט נאָר האָט ראַוואָניצקי געזאַמלט און געפּילעוועט די אומצייליקע בריוו, וואָס ער האָט אין משך פון יאָרן באַקומען פון שלום־עליכמען, דערביי אונטערגעשטראָכן אין זיי פאַר דער צוקונפט יעדע

כאַראַקטעריסטישע פראַזע, וואָס וואַרפט אַ העלן ליכט אויף שלום־עליכמס פערזענלעכקייט — ער האָט טייער געהאַלטן אין זכרון אויך אַ מענגע עפּיזאָדן פון שלום־עליכמס אַמאָליקן זיצן און שפּעטערדיקע וויזיטן אין אָדעס, זיינע אָריגינעלע אַיינפאַלן און ווערטלעך, זיין ברייט ליכטיק האַרץ, זיין לייכטן חנעוודיקן גאַנג אין לעבן, זיין דערפרייענדיק דער־שיינען צווישן מענטשן. קוקנדיק די ערשטע צייט אויף דעם אַיינגעהאַל־טענעם, אויסערלעך געלאַסענעם, ווערטער־קאַרגן ראַווניצקין, האָב איך מיך געוווּנדערט, ווי פיין ער האָט באַגריפן און ווי האַרציק־נאָענט ער האָט אויפגענומען אַזאַ פערזענלעכקייט, ווי שלום־עליכם, וואָס איז אין פלוג גאַנץ פאַרשיידן פון זיין אייגענעם וועזן און איז געוויס דער היפך פון זיין אידעאַלסטן פריינד אחד־העם... אַז איך האָב אָבער ראַווניצקין נעענטער דערקענט, האָב איך אָנגעהויבן צווייפלען אין זיין קאַלטקייט. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אונטער דער דאָזיקער אויסערלעכער גע־לאַסנקייט און מיושבדיקער רואיקייט שלאָגט אַ הייס דאָרשטיק לעבנס־לוסטיק האַרץ, וואָס ווערט נתפּעל פון יעדער עכטער שיינקייט אויף דער ערד און פון יעדן עכטן גאָטגעבענטשטן טאַלאַנט, אין וואָס פאַר אַ פאָרם ער זאָל זיך ניט באַווייזן.

שפּעטער מיט יאָרן, אַז מיר איז אויסגעקומען דורכצולייענען די רייכע יוגנט־קאָרעספּאָנדענץ צווישן שלום־עליכמען און ראַווניצקין, די וואָס האָט אַרומגענומען דעם פּעריאָד פון שלום־עליכמס „פאָלקסביבליאָ־טעק”, איז מיר די אויפריכטיקע ריינע פריינדשאַפט צווישן ביידן נאָך מער פאַרענטפערט געוואָרן. עס איז געווען אַ הויך־אינטערעסאַנטע איבער־שרייבונג צווישן צוויי יונגע שרייבער־אָנפאַנגער פון פאַרשיידענעם באַרוף און טעמפּעראַמענט, וואָס האָבן משלים געווען (דערגאַנצט) איינער דעם אַנדערן. שלום־עליכם האָט זיך צעלאָזט אויף ראַווניצקין, ווי אַ יונגער, הייסער אומגעדולדיקער שטראָם, און ראַווניצקי, אין האַרצן נתפּעל פון דער דאָזיקער יונגער לעבעדיק־שלאָגנדיקער קראַפט, האָט אָבער מיט זיין רואיקער קלאָרער באַטראַכטקייט אַלץ געזוכט צו צאַמען שלום־עליכמס צו־אימפּעטדיקן שטראָם, ער זאָל זיך ניט אַריבערגיסן איבער די ברעגן און זאָל ניט פליִיצן דאָרט ווו מע דאַרף ניט. שלום־עליכם

האָט גלייך דערפילט ראַווניצקיס עכטע מעלות און זיך צו אים צוגע־
בונדן פאַר זיין ערנסטקייט, פאַר זיין קלאָרן פאַרשטאַנד, פאַר זיין גוטן
געשמאַק און פיינעם טאַקט, און דערהויפּט — פאַר זיין ערלעכקייט,
פאַר זיינע ערלעך־אַרויסגעזאָגטע מיינונגען, אָן מורא און אָן פּניות.
„פון אַייערע פריערדיקע בריוולעך, — האָט ער אים דעמאָלט געשריבן, —
און גלאַט מיט מיין אייגענעם חוש, האָב איך אָנגעשמעקט, אַז איר זענט
אַן ערלעכער מאַן: די בריוו פון בן־עמי האָבן עס מיר פּאָטווערדעוועט
[באַשטעטיקט], און דאַנקען השם יתברך דערפאַר...״ ער האָט זיך אין
אים אַזוי שטאַרק פאַרגלויבט, אַז ער האָט אין זיינע בריוו, אומבאַקאַנ־
טערהייט, זיך אַנטפּלעקט פאַר אים אין פולן צוטרוי, אויסדערציילט פאַר
אים זיינע ליטעראַרישע פּלענער און שטרעבונגען, זיינע יונגע שעפע־
רישע פריידן און צווייפלונגען, האַרציק באַגערט זיין חברשאַפט. ער האָט
אים אַפילו אָנגעטרויט אין אַ געוויסער מאָס צו רעדאַקטירן זיינע צוויי
בעסטע שאַפונגען פון יענעם פּעריאָד: „סטעמפּעניו״ און „יאָסעלע סאָ־
לאָוויי״. „לייענט זשע מיט קאָפּ — האָט ער אים געשריבן ביים צושיקן
דאָס מאַנוסקריפּט פון „סטעמפּעניו״ — און פאַרצייכנט אויף אַ באַזונדער
בויגן פּאַפּיר בשעת לייענען אַלע אייערע געדאַנקען, מיט אַלע מעלות,
מיט אַלע חסרונות, נאָר איבערהויפּט די חסרונות...״ און דער יונגער
ראַווניצקי איז געווען גערירט פוןביידע זאַכן: סיי פון דעם, וואָס עס
האָט זיך באַוויזן ביי יידן אַזאַ עכטער פרישער לעבעדיקער קינסטלער,
און סיי פון דעם, וואָס דער דאָזיקער קינסטלער האָט אים אויסדער־
ווײלט פאַר זיין נאָענטסטן חבר און אַזוי האַרציק־פּראָסט זיך אָנגעטרויט
צו אים מיט דער גאַנצער נשמה.

און פון דעמאָלט־אָן איז די פריינדשאַפט צווישן שלום־עליכמען און
ראַווניצקין פאַרזיגלט געוואָרן אויף לאַנגע יאָרן.

ד

# „אלדד ומידד"

שלום־עליכמס פריינדשאַפט מיט י. ח. ראַווניצקין איז ווייט אַריבער די גרענעצן פון ליטעראַרישע סימפּאַטיעס. אין פאַרלויף פון די יאָרן איז זי פאַרפלאָכטן געוואָרן מיט צאַרטע אינטימע פעדים פון משפּחהדיקן כאַראַקטער, פון געטרייער קרובישער ליבשאַפט ניט נאָר צווישן זיי אַליין, נאָר אויך צווישן זייערע פאַמיליעס. די דאָזיקע פערזענלעכע התקרבות האָט זיך געלאָזט מערקן נאָך אין די ערשטע טעג, אין שלום־עליכמס יונגן גליקלעכן פעריאָד, בעת ער האָט געגלאַנצט אַלס אויפגייענדיקער ליטעראַרישער שטערן און רייכער אַרויסגעבער פון דער „פאָלקסביבליאָ־טעק". שוין דעמאָלט האָט שלום־עליכם דערפילט אין ראַווניצקין אַן אייגענעם מענטשן און געטרייען חבר, און האָט אין זיינע בריוו צו אים אָנגעשלאָגן אַן אָפנהאַרציקן, צוגעלאָזטן, אַלץ־אַנטפּלעקנדיקן טאָן, וואָס האָט אַריבערגעשוימט מיט ברייט־פלייצנדיקן גוט־ברודערדיקן הומאָר. נאָר אמתע טרייע פריינדשאַפט איז ביי זיי אַיינגעשטעלט געוואָרן אין די עטלעכע יאָר, וואָס שלום־עליכם מיט זיין פאַמיליע האָבן פאַרבראַכט אין אָדעס (1891—1893), נאָכדעם ווי ער האָט פאַרלאָרן זיין פאַרמעגן און איז אַריינגעטראָטן אין דער אָרעמער שרייבער־משפּחה, ווי אַ גלייכ־באַרעכטיקטער מיטגליד.

ראַווניצקי איז אפשר געווען דער באַהאַלטענער פּסיכאָלאָגישער גורם, וואָס האָט געפירט שלום־עליכמען נאָך זיין פּלוצעמדיקער ירידה פון רייכקייט צו אָרעמקייט, ער זאָל זיך באַזעצן אין אָדעס. יענע טעג האָט שלום־עליכם, אַלס שריפטשטעלער, איבערגעלעבט אַ טאָפּעלע אינערלעכע פּיין: אי פון דעם, וואָס ער האָט פאַרלאָרן זיין רייכטום און וועט מער ניט קאָנען אָנגיין מיט זיינע גרויסע ליטעראַרישע פּלענער פאַרן יונגן „זשאַרגאָן", אי פון אַ פאַרגנבעטן חשד, אַז צוזאַמען מיטן אונטערגאַנג

פון זיין עשירות וועט אויך אונטערגיין זיין יונגער ליטעראַרישער שטערן, וואָס האָט אַזוי העל אויפגעגלאַנצט דורך זיין רייכער, ברייטהאַרציקער אונטערנעמונג מיט דער „פאָלקסביבליאָטעק" (און גאָר אינגאַנצן קיין טעות האָט ער ניט געהאַט: די וואַרשעווער שרייבער זענען טאַקע צו אים אָפּגעקילט געוואָרן די ערשטע יאָרן נאָך זיין מאַטעריעלן פאַלן). אין זיין פאַרצווייפלטער לאַגע, אויסבאַהאַלטנדיק זיך אין אויסלאַנד פון די קרעדיטאָרן, האָט ער זיך געווענדט נאָך מאָראַלישער סימפּאַטיע ניט צו מענדעלע מוכר־ספרים, וועלכער האָט אים שוין דעמאָלט געהאַט אָנערקענט פאַר זיין „ליבהאַרציקן אייניקל", און ניט צו די איבעריקע אָדעסער שריפטשטעלער, נאָר דווקא צום שטילן, ווייניק־רעדנדיקן ראַווניצקין. זיין חוש האָט אים געזאָגט, אַז ראַווניצקי, מיט זיין טיף־באַהאַלטענער ערלעכקייט, וועט אים בלייבן דער אמתער גוטער פריינד און אויפריכטיקער פאַרערער אויך אין שלעכטע צייטן. אינטערעסאַנט איז דער בריוו, וואָס ער האָט דעמאָלט געשריבן צו ראַווניצקין פון זיין געצוווּנגענעם גלות אין אויסלאַנד (אַגב, איינער פון די ווייניקע בריוו שלום־עליכמס, וואָס זענען אָפּגעהיט געוואָרן פון יענעם פעריאָד) — אינטערעסאַנט פאַר זיך אַליין און אויך דערמיט, וואָס ער באַציט זיך אויף אַ כאַראַקטעריסטישן טאַט פון שלום־עליכמען: אַ קורצע צייט פאַר זיין פינאַנציעלן צוזאַמענבראָך, פילנדיק, אַז די געשעפטן גייען באַרג־אַראָפּ, איז ער געקומען צו פאָרן קיין אָדעס, אַריין צו מ. בן־עמין, איבערגעגעבן אים בסוד טויזנט רובל און אים געזאָגט (איך גיב דאָס איבער אַזוי, ווי שלום־עליכם אַליין האָט מיר דערציילט): „נאַט אייך דאָ טויזנט רובל, נעמט און באַהאַלט זיי. עס וועט אפשר קומען אַ צייט, וואָס איך וועל זיך אין זיי נייטיקן, וועט איר זיי מיר דעמאָלט צוריק־געבן". אַז די אומפאַרמיידלעכע שווערע צייט איז געקומען, האָט זיך שלום־עליכם וועגן דעם געווענדט ניט צו בן־עמין, נאָר צו ראַווניצקין. דער בריוו, געשריבן ערגעץ פון אויסלאַנד, דעם 10טן נאָוועמבער 1890, האָט זיך אָנגעהויבן אין העברעאיש אַזוי:

„ידידי רבניצקי!

„עס לעבט נאָך דיין פריינד שלום־עליכם, ער לעבט נאָך, הגם זיין

לעבן איז קיין לעבן ניט, און ווען ניט מיין ליבע צו מיין איינציקער האַרצנס־געליבטער אויף דער וועלט, דאָס איז מיין פרוי, און צו מיינע טעכטער און מיין איינציקן זון, — ווען ניט דאָס, וואָלט איך שוין לאַנג געמאַכט אַן עק צו מיין לעבן, ווייל דאָס לעבן איז מיר נמאס געוואָרן! דאָך לעב איך און וועל ווייטער לעבן, וואָרים אויף דעם בין איך גע־שטראָפט און געצוווּנגען!"...

און ווייטער איז שוין געגאַנגען אין יידיש:

„כלעבן, ס'איז מיר שווער אַצינד צו שרייבן אַ יידיש וואָרט, אַזוי בין איך דערהרגעט, געקוילעט און ניט דערקוילעט! איך פיל, עפּעס זאָגט מיר דאָס האַרץ, אַז אַלע מיינע בעסטע פריינד האָבן זיך שוין רעכט דערווייטערט פון מיר מיט זייערע הערצער, און ס'איז שוין ביי זיי גאָר אַ שאלה, אויב מע זאָל מיך נאָך פאַר אַ פריינד רעכענען, נאָר לעת עתה קאָן איך בעסערס ניט פאַרלאַנגען. און פון אייך פאַרלאַנג איך, חס ושלום, ניט קיין בריוועלע און ניט קיין טובה, דאָס הייסט, ניט קיין טרחה, נאָר איבעררעדן מיט בן־עמין אַ צוויי־דריי ווערטער בסוד, כפי אַזוי ווי ער און איך זענען אַצינד גלייכע נגידים, כלעבן, און אפשר געפינט זיך אויף זיין פאַרמעגן עפּעס מער, ווי ביי מיר, לכן — איך קאָן עס אים אַליין ניט שרייבן, און צו מייניקע אַוודאי ניט — זאָלט איר אים זאָגן, אַז די עטלעכע קערבלעך, וואָס געפינען זיך ביי אים (ער ווייסט, וועלכע און וויפיל), זאָל ער דורך אייך אָפּשיקן צו מייניקע — עס וועט זיי אַצינד, גלייבט מיר, זייער גוט צונוץ קומען, און אפשר אויף אַ האַלב יאָר צו לעבן!... די עטלעכע שורות קאָסטן מיך בלוט, און [איך] פאַרהאָף, אַז איר וועט זיך דערמאָנען, אַז איך, וויבאַלד ס'איז געגאַנגען יענעם אין לעבן, בין איך תמיד מיט מיין טרחה, דאַכט מיר, גרייט געווען. טוט דאָס אָפּ, ווי עס געהער צו זיין, און איך גלייב אין גיכן צו באַקומען אַ ידיעה, אַז נאָך עטלעכע קערבלעך האָבן זיך געפונען... און וועגן מיר קאָן איך אייך נאָר איבערחזרן, אַז איך לעב... — און מער ניט! איך געדענק, איינמאָל בין איך פאַר מיין אַוועקגעפאָרן געזעסן ביים זיידן און האָב זיך געקלאָגט אויף מיין געזונט,

האָט ער מיר אַ מאַך געטאָן: „ע, איצט וועט איר שוין זיין געזונט!"...
פאַרשטייט איר דאָס טיפקייט? —

אייער אַלטער־אַלטער

אחשורוש".

(פאַרוואָס שלום־עליכם האָט זיך אין דעם בריוו אונטערגעשריבן „אחשורוש" — איז שווער איצט צו דערגיין. י. ח. ראַווניצקי געדענקט ניט די כוונה, וואָס האָט אין דעם געשטעקט. מעגלעך, אַז מע האָט שלום־עליכמען אַזוי אָנגערופן אין דעם יידישן שרייבערשן קרייז, פאַר זיין וואַרפן מיט געלט, און ספּעציעל פאַר דעם רייכן באַנקעט, וואָס ער האָט איינמאָל, אין דער גוטער צייט, געגעבן פאַר די אָדעסער שריפטשטעלער — אויפן שטייגער פון קעניג אחשורוש, וואָס האָט זיך אַרויסבאַוויזן מיט זיין פאַרשווענדערישקייט אין גרויסאַרטיקע מאָלצייטן.)

שלום־עליכם האָט אומזיסט חושד געווען זיינע אָדעסער פריינד, אַז זיי האָבן זיך דערווייטערט פון אים מיט די הערצער. אַז ער האָט קורץ נאָך דעם זיך באַזעצט מיט דער פאַמילע אין אָדעס (אַ באַפרייטער פון די קרעדיטאָרן דורך זיין שוויגער, וואָס האָט דערויף אַוועקגעגעבן איר גאַנצע ירושה פונעם מאַן), איז ער פון די אָדעסער שריפטשטעלער אויפ־גענומען געוואָרן מיט באַזונדערער האַרציקייט — איצט שוין ניט ווי דער רייכער אַרויסגעבער פון דער „פאָלקסביבליאָטעק", וואָס צאָלט גרויסע האָנאָראַרן, נאָר ווי שלום־עליכם — דער יונגער אויפגייענדיקער שטערן אין דער יידישער ליטעראַטור. ער האָט פאַרבראַכט אין אָדעס דריי יאָר — געדריקטע יאָרן, אָן אַ באַשטימטער באַשעפטיקונג, אָן האָפענונג צוריקצוקומען צום פריערדיקן וווילשטאַנד, אַפילו אָן דער פריערדיקער באַגייסטערונג צו גרויסער ליטעראַרישער שאַפונג אויף יידיש — ווייל ס'איז דעמאָלט פשוט ניט געווען קיין אייגן יידישע פעריאָדישע שריפט אין רוסלאַנד. צוליב פרנסה האָט ער געשריבן רוסישע פעליעטאָנען פאַר די אָדעסער צייטונגען און האָט אויך געפּרוּווט האַנדלען אויף דער אָדעסער בערזע, נאָר די ערשטע אַרבעט האָט אים ניט געזעטיקט גייסטיק, און די צווייטע האָט אים קיין גליקן ניט געבראַכט. דערפאַר

אָבער האָט ער אין די דריי יאָר זיך אײַנגעוואָרצלט אין דער אָדעסער ליטעראַרישער משפחה, געוואָרן איינער פון איר, און אַזאַ איינער, פון וועלכן מע האָט דערוואַרט אַ גרויסע, גלענצנדיקע צוקונפט. ער האָט פאַרטיפט זיין פריינדשאַפט מיטן זיידן מענדעלע, מיט בן־עמין, מיט דובנאָוון, און נענטער און האַרציקער ווי צו אַלעמען האָט ער זיך צו־געבונדן צו ראַווניצקין — צו זיין איינפאַכער, ערלעכער, באַגלייבטער נאַטור.

זיי זענען ביידע געוואָרן אַזוי ווייט חבר, אַז זיי האָבן זיך גענומען שרייבן אינאיינעם אַ סעריע העברעאישע פעליעטאָנען — די דעמאָלט באַרימט־געוואָרענע הומאָריסטישע סעריע ליטעראַרישע רעצענזיעס, וואָס האָט זיך אַ היפשע צייט געדרוקט אינעם „המליץ״ אונטערן טיטל „קבורת סופרים״ (דאָס באַגרעבעניש פון שרייבער), אונטערגעשריבן מיט די טשיקאַווע נעמען פון די צוויי חומש־פאַרשוינען, די זעלבסט־גע־קרוינטע נביאים „אלדד ומידד״ (שלום־עליכם האָט פיגורירט אַלס „אלדד״, און ראַווניצקי — אַלס „מידד״). דער גאַנצער פרייִלעכער אויפטו פון שרייבן שאַרפע, קריטישע פעליעטאָנען אינצווייען, בשותפות, האָט מסתמא געשטאַמט פון שלום־עליכמען, און די אַרבעט איז צוגעגאַנגען זייער לעבעדיק און אינטערעסאַנט פאַרביידן. געוויינלעך, פלעגט ראַווניצקי זיצן ביים שרייבטיש און שלום־עליכם פלעגט שפּאַצירן איבערן חדר, ראַווניצקי פלעגט אָנשרייבן איין זאַץ און שלום־עליכם פלעגט אים צו־וואַרפן דעם צווייטן זאַץ. דערביי — דערציילט ראַווניצקי — האָט שלום־עליכם ממש געבליצט מיט הומאָריסטישע אײַנפאַלן, וואָס פלעגן אים קומען פלוצעם אויף זיין גאַנג, און איז געווען אינגאַנצן פאַרכאַפּט און באַגייסטערט פון דער אַרבעט. אַזאַ מין בילד, אויף אַן אַנדער שטח, איז מיר וויפיל מאָל אויסגעקומען צו זען אין דער בשותפותדיקער אַרבעט פון ביאַליקן מיט ראַווניצקין. שפּעטער, אַז שלום־עליכם האָט זיך אַריבער־געצויגן פון אָדעס צוריק קיין קיעוו, האָט ראַווניצקי אַליין, אָן שלום־עליכמס מיטאַרבעטונג, פאָרגעזעצט פון צייט צו צייט אין די העברע־אישע פעריאָדישע אויסגאַבעס זיינע ליטעראַטור־קריטישע אַרטיקלען אונטערן טיטל „מכתבים ממידד לאלדד״ (בריוו פון מידד צו אלדד).

דאָס זענען שוין געווען אַרטיקלען מער פון ערנסטן כאַראַקטער, אָפט געשריבן וועגן ספּעציעל־העברעאישע ענינים, צו וועלכע שלום־עליכם האָט קיין נאָענטע שטעלונג ניט געהאַט. די נעמען „אלדד ומידד״ האָבן זיי אָבער ביידע אָפט באַנוצט אין זייער פּריוואַטער קאָרעספּאָנדענץ, ווי אַ ליבן אָנדענק פון גוטע יאָרן. אַז שלום־עליכמען פלעגט זיך פאַר־גלוסטן אָנשרייבן ראַווניצקין אַ גוט בריוול, פלעגט ער אַזאַ בריוול אָנהייבן מיט דער ברודערלעכער ווענדונג: „אחי מידד!״

די דאָזיקע וואַרעמע פריינדשאַפט איז אויך אַיינגעשטעלט געוואָרן צווישן ביידנס פאַמיליעס, וועלכע האָבן זיך שטאַרק מתקרב געווען דורך דער צייט פון שלום־עליכמס זיצן אין אָדעס. ראַווניצקי אַליין האָט, אייגנטלעך, קיין הויזגעזינד ניט געהאַט. זיין גאַנצע פאַמיליע איז באַ־שטאַנען פון איין זון, וועלכער איז אים פאַרבליבן פון זיין יונג־פאַר־שטאָרבענער פרוי. ער איז אָבער געווען אַיינגעוואַקסן אין אַ פאַמיליע פון נאָענטע פריינד, ביי וועמען ער מיט זיין זון האָבן באַשטענדיק געלעבט, געפירט אינאיינעם אייןווירטשאַפט, אַזוי אַז מיט דער צייט האָט דאָס דאָזיקע הויזגעזינד געגאָלטן ווי זיין אייגענע משפחה. דאָס איז געווען דאָס הויז פון מאָניש און פאַיע פּאָלינקאָווסקי, באַקאַנטע בוכהענדלער אין אָדעס, יידיש־אינטעליגענטע פאָלקס־מענטשן, וואָס דורך ראַווניצקיס נאָענטקייט מיט זיי זענען זיי געווען פאַררעכנט ווי אייגענע אין דעם אָדעסער ליטעראַרישן קרייז. שלום־עליכם האָט זיך צו די פּאָלינקאָווסקיס צוגעבונדן מיט האַרציקער סימפּאַטיע. דאָס זענען געווען מענטשן פון זיין חדר — לייכטע, פרייע, אַ מין באַלעבאַטישע באָהעמע, דערצו שאַרפזיניקע, מיט אַ קלוגן קריטישן בליק אויף דאָס אַרומיקע לעבן. אין שטוב האָט אָפט געהערשט דער איידעלער באַלעבאַטישער דלות, נאָר מע האָט זיך דאָס האַרץ ניט אָפּגעגעסן, מע האָט זיך גע־האַלטן פילאָזאָפיש העכער דערפון, מיט אַ גרויסער דאָזע חסידיש־פריי־לעכער געמיטלעכקייט. און אַזוי ווי שלום־עליכם האָט שטאַרק ליב גע־האַט דעם טיפּ „אָרעמע און פריילעכע״, האָט ער אין זיינע געדריקטע אָדעסער טעג געפונען אַ סך ליכטיקע מינוטן ביי די פּאָלינקאָווסקיס אין שטוב: מע פלעגט צוזאַמען פאַר צרות פאַרוועזן היימישע „קערמעשלעך״,

זינגען יידישע ניגונים און טרינקען בעסאַראַביער וויין, אויב ס׳איז נאָר געווען (עס פלעגן גאַנץ אָפט ביי די פאָלינקאָווסקיס אויספעלן גלעזער — איז שלום־עליכם געפאַלן אויף אַ המצאה: געהייסן אַראָפּנעמען די גלעזער פון די לאָמפּן, אַוועקשטעלן זיי מיט די אויבערשטע לעכער אויף די דאָלאָניעס און אויף אַזאַ אופן פאַרוואַנדלען זיי אין „באָקאַלן״).

די פאָלינקאָווסקיס ווידער האָבן שלום־עליכמען געצאָלט מיט רירנדיקער ליבשאַפט. זייער פאַרערונג צו אים איז געגאַנגען ביז צום העכסטן גראַד — זיי האָבן זיך מיט זיין פערזענלעכקייט פשוט געקוויקט. מאָניש פאָלינקאָווסקי איז בטבע געווען אַ שווייגער — ער האָט זיין גאַנץ לעבן געשוויגן פילאָזאָפיש־צוריקגעצויגן, מיט שטילער קלוגער איראָניע צו מענטשלעכער נאַרישקייט. שלום־עליכם, אין זיינע בריוו צו די אָדעסער, פלעגט מאָנישן שטענדיק גריסן מיט איין־און־דערזעלבער פראַזע: „און מאָניש שווייגט״ — וואָס דאָס האָט געהייסן, אַז מאָנישעס שווייגן האָט אין זיך מער אינהאַלט, ווי אַן אַנדערנס רעדן. נאָר ביי איין טעמע פלעגט מאָניש ווערן באַרעדעוודיק: אַז דער שמועס איז אויפגעקומען אויף שלום־עליכמען. זיין שאַרף מאָגער אַסקעטיש געזיכט פלעגט זיך אָנצינדן מיט אַ וואַרעמער ליכטיקייט און ער פלעגט נעמען רעדן אין שטילער, טיפער באַגייסטערונג. ער האָט געדענקט אַלע שלום־עליכמס טריט אין אָדעס פאַר אַ סך יאָרן און האָט באַוווּנדערט זיין ליכטיק געמיט, זיין קלוג מענטשלעך האַרץ, זיין באַצויבערנדיקע גוטסקייט. ער האָט אַפילו דעם נאָמען „שלום־עליכם״ אַרויסגערעדט מיט אַ באַזונדער שטילער, כמעט פאַרסודעטער צערטלעכקייט. שלום־עליכמס פריינדשאַפט איז פאַר אים געווען אַ גרויסער ענין אין לעבן, אַ ליכטיקע אַנטפלעקונג. איך האָב מאָנישן דערקענט קורץ נאָך אַ פאַמיליען־אומגליק, וואָס האָט אים געטראָפן: ס׳איז ביי אים פלוצעם געשטאָרבן זיין איינציקע טאָכטער, אַ זעלטן געראָטן קינד. ער איז געוואָרן מעלאַנכאָליש־פאַרשלאָסן אין זיך, פאַרזונקען אין אַ מין רעליגיעז־מיסטישן טרויער. נאָר מיט אונדזער קומען קיין אָדעס האָט ער ווי אויפגעלעבט: ער האָט געהאַט פאַר וועמען אויסצורעדן זיך וועגן שלום־עליכמען. דערצו איז אים שלום־עליכם איצט טאָפּל טייער געוואָרן פאַר זיין זעלטענעם טרייסט־בריוו, וואָס ער

האָט געשריבן צו אים און צו זיין פרוי, נאָך דער טאָכטערס טויט (דער בריוו איז געבראַכט געוואָרן אין איינעם פון די פריערדיקע קאַפּיטלעך).

כמעט די זעלבע באַציאונג צו שלום־עליכמען האָט אויך געהאַט די מאַדאַם פּאַיע פּאָלינקאָווסקי. זי איז אויך געוועזן אַן אויסגעצייכנטע פּערזאָן, אַ זעלטן־קלוגע, אַ שאַרפע, פון וועמעס קריטיק קיין איין אָדע־סער שריפטשטעלער איז ניט געשוינט געוואָרן, אַפילו ניט דער זיידע מענדעלע. בלויז איין שרייבער האָט פּאַיע ניט קריטיקירט, נאָר הויך באַוווּנדערט: שלום־עליכמען.

נאָך איין פאַרליבטן חסיד האָט שלום־עליכם געהאַט אינעם הויז פון ראַוווניצקי און פּאָלינקאָווסקי — דאָס איז געוועזן ראַוווניצקיס איינציקער זון, אליהו, אָדער ווי אַלע שריפטשטעלער רופן אים עד היום, שוין אין זיינע פופציקער יאָרן, אַלס פּאַרוואַלטער פונעם פּאָטערס און ביאַליקס פאַרלאַג, מיטן ליבלעך־היימישן נאָמען: עליע. ער האָט געירשנט פון זיין פּאָטער אַלע זיינע מעלות, אויסער זיין שוויגן. אליהו ראַוווניצקי איז דווקא אַ שטאַרק באַרעדעוודיקער מענטש. פאַר מיר איז זיין באַ־רעדעוודיקייט באַזונדער אינטערעסאַנט דערמיט, וואָס זינט מיר זענען באַפריינדט געוואָרן ביי מיין קומען אין אָדעס, הערט ער ניט אויף צו דערציילן מיר אין ניט־געמינערטער באַגייסטערונג פון שלום־עליכמען. ער געדענקט שלום־עליכמען פון זיינע סאַמע קינדער־יאָרן און איז פון דעמאָלט־אָן אין אים פאַרליבט, ווי אין אַ טייערן, האַרציקן, ליכטיקן קרוב, וואָס פלעגט מיט יעדן קומען זיינעם קיין אָדעס ברענגען אינעם פּאָטערס שטוב אַריין אַ גרויסן יום־טוב. איבערדערציילן אַלץ, וואָס אליהו ראַוווניצקי געדענקט פון שלום־עליכמען — דערויף דאַרף מען האָבן אַ באַזונדער בוך. דאָס האָט שלום־עליכם אים געקרוינט מיט דעם נאָמען: „עליע די באַלעבאָסטע" — דערפאַר, וואָס ער איז געוועזן אין פּאָלינקאָווסקיס באָהעמע־הויז דער איינציקער מענטש, אויף וועמען מע האָט אַרויפגעוואָרפן אַלע צרות מיט אַלע זאָרגן. דאָס האָט אים שלום־עליכם איינמאָל געשריבן מיטן וועלט־באַוווּסטן אַראַמישן פּסוק פון דעם געקרייציקטן יעזוס: „אלי, אלי, למה שבקתני?" (גאָט מיינער, גאָט מיינער, פאַרוואָס האָסטו מיך פאַרלאָזט?) — ביי שלום־עליכמען האָט

זיך עס אָבער געטייטשט: „עליע, עליע, פאַרוואָס שווייגסטו?״ נאָר די ליבסטע זכרונות זענען ביי דעם יונגן ראַבוניצקי פאַרבליבן פון זומער 1904, בעת שלום־עליכם איז ביי זיי געווען צוגאַסט אין אָדעס און האָט ביי זיין פאָטער אין קאַבינעט אָנגעשריבן טביה דעם מילכיקנס דער־ציילונג „האָדל״. ער האָט דעמאָלט צום ערשטן מאָל געזען, ווי אַזוי שלום־עליכם האָט פאַרגעסן די גאַנצע וועלט, געזעסן עטלעכע טעג נאָכ־אַנאַנד פאַרטיפט, געהייליקט אין זיין אַרבעט, ביז ס׳איז אַרויסגעקומען אַזאַ פערל, ווי „האָדל״. און אַ טייערן אָנדענק האָט אים שלום־עליכם דערנאָך איבערגעלאָזט ביים געזעגענען זיך. אויף אַ קאַרטל, אויף וועלכן ער מיט י. ח. ראַוויניצקי, „אלדד ומידד״, האָבן זיך יענעם זומער פאָטאָ־גראַפירט, האָט ער דעם יונגן ראַוויניצקין אָנגעשריבן די דאָזיקע טיף־רירנדיקע, עכט שלום־עליכמדיקע ווערטער:

„ולאֶלי אמר — און אֶלין (עליען) זאָגט שלום־עליכם צום אייביקן אָנדענקען, אַז עס וועט קומען אַמאָל אַ צייט און שלום־עליכם וועט שוין זיין עליו השלום... זאָל ער אַרויסנעמען דאָס דאָזיקע בילד און דער־מאָנען זיך אויף די גוטע טעג, וואָס מיר האָבן פאַרבראַכט אינאיינעם בשנת תרס״ד, זומער, יולי — אויגוסט. נאַרישע, נאָר פריילעכע גוטע טעג, וואָס וועלן זיך קיינמאָל שוין ניט אומקערן...

שלום־עליכם״.

ה

# מענדעלע אינדערהיים

אַ גרויסער גענוס איז פאַר מיר געווען אין אָדעס, נאָך אַן איבעררייס פון פינף יאָר, ווידער צו זען דעם זיידן מענדעלע, ווידער צו שעפּן תורה און חכמה פון זיין אַלטן, טיפן, נאָך אַלץ שלאָגנדיקן קוואַל — און איצט שוין ניט אין דער פרעמד, ניט אין „גלות זשענעווע", נאָר ביי אים אין דער היים, אין דער אייגענער וואַרעמער סביבה פון זיינע געטרייע אָדעסער אייניקלעך.

ערגעץ אין אַ ווייטן שטילן ווינקל, אויף „דיאָכטיאַרנאַיאַ אוליצאַ", אָפּגעזונדערט פון דעם טומלדיקן שטאָטישן קאָך, און אויך ווי צוריקגע־צויגן מיט אַלטמייסטערישער זעלבסטווערדע פון דער איבעריקער אָדע־סער שריפטשטעלער־משפחה, — איז געזעסן מענדעלע אין זיין אַלטער שטילער רחבותדיקער דירה, אין דעם אונטערשטן גאָרן פון דער גרויסער אָדעסער תלמוד־תורה, וווּ ער איז געווען פאַרוואַלטער. פון זיינע גרויסע חדרים, גרויס ווי אַלטע פריצישע „פּאָקאָיעס", קאַרג מעבלירט, באַצירט מיט פּאָליצעס אַלטע ספרים און תמיד ציכטיק אויפגעראַמט, האָט אָפּ־געגעבן מיט פאַרצייטיקער שבת־קודשדיקער שטילקייט, — און אויך מיט שבת־קודשדיקן אומעט, — און זיין אָפּגעזונדערטקייט פון דער וועלט האָט ווי גדלותדיק גערעדט: „צו מיר גייט מען ניט אַריין סתם אַזוי, פאַרבייגייענדיק, — צו מיר דאַרף מען קומען!"...

ס'איז געווען די צייט, ווען מענדעלע האָט שוין געהאַט באַקומען פון דער וועלט אַלצדינג, וואָס אַזאַ פּערזענלעכקייט ווי ער האָט זיך געמעגט ווינטשן: זיין לעבנסאַרבעט פאַרענדיקט, זיבן מאָל איבערגע־גאָסן און איבערגעלייטערט דורך זיין מייסטערישער האַנט, זיינע אַלע ווערק, סיי אין העברעאיש, סיי אין יידיש, צונויפגעזאַמלט און אַרויס־געגעבן, זיין יובילעי — דער „אָפיציעלער" פינף־און־זיבעציק יאָריקער —

איז ערשט מיט צוויי יאָר צוריק געפייערט געוואָרן איבער דער יידישער וועלט מיט גרויס כבוד און יום־טובדיקייט, דורך טויזנטער צוגעשיקטע האַרציקע ברכות און אָנערקענונגען פון אַ גאַנצן פאָלק. דערצו האָט ער דעם זומער פאַר זיין יובילעי געהאַט אַ טריאומף־רייזע איבער די גרעסערע שטעט פון דעם יידישן תחום, ווו די ברייטע יידישע מאַסן, יונג און אַלט, האָבן אים אויפגענומען מיט גרויס פרייד, געמאַכט פאַר אים אַ קעניגלעכן פאַראַד. איצט האָט דער גרייז־גרויער זיידע, זאַט מיט יאָרן און מיט כבוד, שוין געמעגט רוען אויף זיינע כשר־פאַרדינטע לאָרבער־בלעטער.

ער האָט אָבער ניט געוואָלט רוען. ער האָט בשום אופן ניט געוואָלט צולאָזן צו זיך די עלטער. ער איז אַפילו ניט געווען זאַט מיט זיינע יאָרן, וואָס האָבן אין דער אמתן שוין געהאַלטן אויף יענער זייט אַכציק. אַז זיינע פריינד פלעגן צו זיינעם אַ געבורטסטאָג אים ווינשעווען: „לעבט ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר", — פלעגט ער אין כעס ווערן: „ווער בעט אייך, אַשטייגער, זיין מיינע בוכהאַלטערס, מיר אויסציילן די יאָרן? און טאָמער וויל איך לעבן מער פון הונדערט און צוואַנציק — האָסטו געהערט אַ ביסל?!"... ער האָט זיך נאָך אַלץ געהאַלטן גלייך און שלאַנק אין זיין פאַרקנעפלטער, שטייפער, „גענעראַלסקער" פאָסטאַציע — די ברוסט אַן אויסגעקייַלעכיקטע, דער טראָט אויף די לאַנגע שפּאַצירגענג אַ זיכערער, דער האַנטדרוק אַ פעסטער און אַ וואַרעמער. זיין שיינער שטאָלצער קאָפּ מיטן הויכן טיפזיניקן געקאַרבטן שטערן איז געוואָרן נאָך שענער, געלייטערטער, איינגאַנצן באַשטראַלט פון געהויבענע מחשבות, און זיינע גרויע, ווייכע, עטוואָס־געגרייזלטע האָר האָבן באַקומען אַ מאָדנע טיפע ווייסקייט, אַזאַ וואָס פאַלט־אַריין אַזש אין בלוילעכקייט, ווי שניי באַלויכטן פון זונאונטערגאַנג אין שפּעטן ווינטער (ביאַליק האָט דערויף געזאָגט, אַז דעם זיידנס האָר האָבן חשק איבערצולעבן אַ צווייטע יוגנט, צוריק צו ווערן שוואַרץ). אויך אין גייסט איז ער נאָך געשטאַנען הויך און קרעפטיק, זיך געהאַלטן שעפעריש־וואַך, מיט אַלע זיינע שאַרפע קינסטלערישע חושים, איבער דעם אַלטן, טיפן, נאָך ניט אויסגעשעפטן קוואַל פון זיין ווייטער פאַרגאַנגענהייט. ער האָט זיין לעבנס־אַרבעט

פאַרענדיקט נאָר פאַר דער אויסערלעכער וועלט, מיט וועלכער ער האָט שוין געשלאָסן די חשבונות און באַקומען פון איר דעם העכסטן לוין — די פולסטע אָנערקענונג; אינערלעך, פאַר זיך אַליין, האָט אָבער זיין שעפערישע פאַנטאַזיע ניט אויפגעהערט צו אַרבעטן, אַ באַלאַגערטע פון אַ מענגע ניט־אויסגענוצטע זעאונגען און געשטאַלטן אויף זיין לאַנגן דורכגעגאַנגענעם לעבנסוועג. דאָס האָט זיך שטאַרק געלאָזט פילן פון זיינע קוועלנדיקע זאַפטיקע געשפרעכן, וועלכע האָבן זיך נאָך אַלץ געגאָסן אין לעבעדיקע פאַרבנרייכע בילדער און הויך־קלוגע, שאַרפע, טרעפנדיקע משלים. אָפט פלעגט ער אַליין דערפון מאַכן אַ שמועס. „פאַרטאָג, — האָט ער מיר איינמאָל געזאָגט, רעדנדיק פון זיין געבורט־שטעטל קאַפוליע, — אַז איך כאַפּ מיך אויף פון שלאָף און ליג מיט פאַרמאַכטע אויגן, קומט זי צו מיר צוגאַסט. מיין קאָפּ זינקט אַלץ אַהין, אין דער טיף, צוריק צו די קינדער־יאָרן. אַ גאַנצע וועלט מיט יידן, מיט ווייבער, מיט קינדער, מיט געשיכטעס, אַ וועלט אַ פאַרגאַנגענע שטעלט זיך ביי מיר צוקאָפּנס און וועקט, און וועקט...״

עס איז געווען איינגעפירט ביי אונדז אַ מנהג, אַז אַלע שבת נאָכ־מיטאָג גייען מיר פאַרברענגען מיטן זיידן — ראַווניצקי, ביאַליק און איך. מענדעלע איז אויף די דאָזיקע שבתדיקע באַזוכן געווען אַ גרויסער מקפיד — ער האָט ניט געוואָלט מוחל זיין, טאָמער האָט מען איין שבת דורכגעלאָזט. שטאָף, פון וואָס צו שמועסן, האָט אים קיינמאָל ניט אויס־געפעלט. ער האָט געלייענט אַלע צייטונגען און זשורנאַלן, וואָס מע האָט אים צוגעשיקט, אויף אַלע וויכטיקע ליטעראַרישע נייעסן לעבעדיק רע־אַגירט, אַלצדינג אויפגענומען מיט הייסן אינטערעס, ווי עס וואָלט אים נוגע געווען אין נפש אַריין, וועגן אַלץ אַרויסגעזאָגט זיין כאַראַקטעריסטיש וואָרט — שאַרף, טעמפעראַמענטפול, שלאָגנד. אָפט האָבן מיר אים גע־טראָפן איבערן „מדרש רבה״ — ער האָט אַריינגעקוקט אין דער פרשה פון דער וואָך און האָט דאָרט יעדן מאָל אויסגעזוכט עפּעס אַ חידוש, מיט וואָס די געסט איבערצוראַשן. ביאַליקן איבערראַשן איז שוין אָבער שווער געווען: ער האָט געוווּסט דעם מדרש אויף אויסווייניק און האָט אויף דעם זיידנס חידוש געענטפערט מיט אַ גאַנצן שטראָם חידושי־

תורה, אייגענע אַנטפּלעקונגען, איינער אָריגינעלער פון דעם אַנדערן. מענ־דעלע, אַ ביסל ווי געפּלעפּט פון ביאַליקס יונגער, שטראָמיקער קראַפט, האָט זיך דערפון נאָך מער צעוואַרעמט, אויף די מאָגערע אַלטע באַקן האָט זיך צעגליט אַ רויטקייט, און ער איז אַרויסגעטראָטן מיט אַלטער אויפגעוואַכטער גבורה. עס איז געווען אַ הויך־אינטערעסאַנטער ספּעק־טאַקל: אַ גייסטיקער טשעמפּיאָן־געפעכט צווישן אַ גרויסן רבין מיט נאָך אַ גרעסערן תלמיד.

איינמאָל, אויף איינעם פון יענע שבתים, האָבן מיר געהאַט אַן אָנגעלייגטן גאַסט: ס'איז געקומען צו פאָרן פון פּאַריז ז. שניאור. מענ־דעלע האָט זיך געפילט אין גאָר אַ געהויבענער שטימונג — צווישן אים מיט שניאורן איז יענע יאָרן אויסגעוואַקסן אַ זעלטענע ליבשאַפט. דערצו האָט אים שניאור לעצטנס געווידמעט איינע פון זיינע רייכסטע פּאָעמעס, „בירת בול" (האַרבסט־מאָנאַט), פון וועלכער דער זיידע האָט אָנגעקוואָלן. דער געשפּרעך ביים לאַנגן שרייב־טיש איז געווען זייער אַ פריילעכער. יעדער איינער האָט זיך געפלייסט אויסצונעמען ביים זיידן מיט הומאָריסטישן שטאָף, און דער זיידע אַליין האָט זיך געפלייסט ניט אָפּצושטיין פון חברה „יונגוואַרג". אַז ס'איז געוואָרן שפּעטלעך, די זון האָט זיך אָנגעהויבן זעצן, איז שניאור אויפגעשטאַנען פון דעם טיש, צוגעגאַנגען צום פענצטער און „גענומען אַ טאָן" אַקעגן דער פאַרגייענ־דיקער זון אויף זיין טיפער, אַיינגענעמער באַריטאָן־שטים. אויף אים קוקנדיק, האָט ביאַליק אויך געפּרוווט נעמען אַ טאָן. האָט שניאור זיין טאָן געהעכערט. האָט ביאַליק געפּרוווט אים אַריבערשטייגן. איז אויפ־געשטאַנען אויך מענדעלע פון דעם טיש, אַן אויפגעלעבטער, אַ יונג־געוואָרענער, זיך אָנגעהויבן דרייען אַרום די צוויי זינגער, ווי אַ הון וואָס האָט אויסגעהאָדעוועט שווימענדיקע קאַטשקעלעך, שטאַרק חשק געהאַט אַליין אַרויסוואַרפן עפּעס אַ „יונג" שטיקל. „נעמען אַ טאָן" איז שוין אָבער געווען ניט פאַר זיינע כוחות — האָט ער אַזוי געזאָגט:

— מילא, צוויי משוררים האָבן זיך צעיאַכמערט... איך בין ניט קיין משורר — איך בין, פאַרשטייט איר מיך, אַ חזן... אָט וועל איך אַייך

בעסער באַווייזן, ווי אַזוי אַ ייִד אַ פּראָסטאַק, אַ דאָרפישער אַרענדאַר, האָט איינמאָל געמאַכט קידוש פאַר זיינע שטאָטישע מחותנים...

און דער אַלטער מענדעלע האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין אַ קאָמישער פּאָזע, פאַרקרימט דאָס בערדל אַרויף מעשה דאָרפישער פּראָסטאַק און גענומען מאַכן אַן „אַרענדאַרישן" קידוש. אַז ס'איז אָבער געקומען צום סאַמע שפּיץ, דאָרט ווו דער ניגון האָט באַדאַרפט אַריבער אין אַ קוויטש, האָט זיין אַלטע שטים ניט אויסגעהאַלטן, זיך איבערגעבראָכן, און דער ייִדע איז זיך פאַרגאַנגען אין אַ פריילעכן קינדערשן געלעכטער.

עס זענען אָבער געווען ביי מענדעלען געפאַלענע מאָמענטן, ווען די עלטער האָט זיך דאָך געלאָזט פילן. דאָס האָט פאַסירט ווען ער פלעגט זיך פאַרקילן אָדער סתם קראַנק ווערן, און זיך מוזן אַריינלייגן אין בעט, אונטער אַ וואַרעמער קאָלדרע. דעמאָלט פלעגט מען טרעפן ביי אים אין שטוב זיין אַלטן פריינד און הויז־דאָקטאָר בנימין שערעשעווסקי, ווי ער זיצט אַן איינזאַם־פאַרטרויערטער ביים טיש, מיט אַ טיף־געבוי־גענעם קאָפּ איבער איינעם פון מענדעלעס אַלטע פאַרגעלטע ספרים, פון וועלכע עס פלעגט שמעקן מיט יענער וועלט. דאָקטאָר שערעשעווסקי איז געווען ניט נאָר מענדעלעס הויז־דאָקטאָר; ער איז אויך באַרימט געווען אין דער אָדעסער שריפטשטעלערישער קאָלאָניע ווי דער מחבר פון אַ זעלטן־פיינעם און אָריגינעלן ביכעלע מיטן נאָמען „ששה סדרי מדע" — זעקס סדרים פון וויסנשאַפט, אַקעגן די זעקס סדרים פון משנה. דאָס דאָזיקע קליינע וויסנשאַפטלעכע משניותל — אַ קורץ־געפּאַסטע פּאָפּו־לאַריזאַציע פון אַלע פאַכן נאַטור־וויסנשאַפט — איז טאַקע געשריבן געוואָרן אין אַן עכטן, ריינעם, קלאַסישן משנה־סטיל: קורץ, עקזאַקט און וווּנדערלעך געשליפן. געאַרבעט אויף דעם האָט דער מחבר כמעט אַ גאַנץ לעבן, דערביי האָט אים זיין פריינד מענדעלע אין דער אַרבעט אַ סך געהאָלפן. אויפן דאָקטאָר שערעשעווסקי האָט מען אין אָדעס דער־ציילט, אַז ער איז עטלעכע יאָר אומגעגאַנגען אַ צערודערטער: ער האָט געזוכט אַ העברעאיש וואָרט פאַר „גאַז" און ניט געקאָנט געפינען, און האָט לסוף מיט אַ שווערן האַרצן געמוזט שרייבן פשוט „גז". אַז ער האָט פאַרענדיקט דאָס ספרל, וועלכעס האָט געהאַלטן אַרום זעכציק

זייטלעך, האָט אים ביאַליק געזאָגט אין שפּאַס, אַז ער וואָלט באַדאַרפט צוגעבן צו זיין משניות כאָטש אַ צוויי בלעטלעך „תוספתא" (תוספתא איז אַ דרויסן־געבליבענער צוגאָב צום געשלאָסענעם משניות), — האָט אים דערויף שערעשעווסקי געענטפערט גאַנץ ערנסט: „וואָס מיינט איר? איך האָב שוין דערפון געטראַכט. נאָר ווו נעמט מען צייט? סיידן אָפּזאָגן זיך עטלעכע יאָר פון מעדיצינישער פּראַקטיק"...

מענדעלע פלעגט קראַנקערהייט קרעכצן פון אונטער דער קאָלדרע און זיך קלאָגן אויף זיין דאָקטאָר, אַז ער היילט אים מיט ווילדע מיטלען: אַנשטאָט פאַרשרייבן אים פּראָשקעס צום שוויצן, פאַרגיט ער אים גאָר אויף צו שוויצן האַרבע שאלות אין לשון־קודש. דערויף האָט אים דער אַלטער דאָקטאָר געענטפערט, אַז אויב ער וויל, ער זאָל אים דווקא פאַרשרייבן אַ ביסל „מעל", קאָן ער אים טאָן צוליב. ער האַלט אָבער ניט פון היילן מיט מעל. אַ קראַנקייט, בפרט אין אונדזער עלטער, דאַרף מען לאָזן אויף דער נאַטור: זי וועט זיך מסתמא אויסשטיין. איז שוין מענדעלע געוואָרן ברוגז: „וואָס הייסט — אין אונדזער עלטער? מיך פאַררעכנט ער שוין אויך אין זיין עלטער?"...

דערהויפּט האָט זיך מענדעלע דערפילט זייער געפאַלן, ווען ער איז אין איינעם פון יענע ווינטערן פלוצעם קראַנק געוואָרן אויף עקזעמע, און דער דאָקטאָר שערעשעווסקי האָט דאָס פּראָסט אָנגערופן „עלטער־עקזעמע".

— פע, איך האָב דאָס פיינט! — האָט דער זיידע געטענהט פאַר זיינע באַזוכער, וואָס זענען געקומען אים מבקר־חולה זיין. — איך האָב פיינט דעם נאָמען פון דעם דאָזיקן חולאת און איך האָב פיינט די מיאוסע עובדא פון קראַצן זיך!

ער איז געזעסן ביי זיין לאַנגן לײדיקן שרייבטיש, אײנגעוויקלט אין אַ פאַטשיילע, אַ געבויגענער, אַ קלענער־געוואָרענער, מיט אַ פינצ־טער־פאַרטראַכטן אײנגעשרומפּענעם פּנים. ער האָט זיך געריבן פּאַמעלעך, שטיל־באַטריבט, דעם הויכן געקנייטשטן שטערן, אויף וועלכן עס האָבן בייז געגליט רויטע לישאַיעס, און זיין עלנטע דערשלאָגענע פאַרטראַכט־קייט האָט ניט־ווילנדיק אַרויפגעבראַכט אויפן געדאַנק די טראַגיש־גע־

פלאָגטע פיגור פון איובן. ער האָט שלעכט געהערט וואָס מע רעדט צו אים, איבערגעפרעגט מיט אַ געבראָכענער שטים עטלעכע מאָל אַ וואָרט, פלוצעם גענומען שטאַרק און ביטער רייבן זיך דעם שטערן מיטביידע הענט און זיך צעשריען אויף אונדז:

— מערדער! וואָס זיצט איר און קוקט? וואָס לאָזט איר מיך זיך קראַצן? איך האָב דאָס פײַנט — זאָגט מען דאָך אײַך!...

די אָדעסער שרייבער־משפחה איז געווען שטאַרק פאַרזאָרגט. מע האָט מורא געהאַט, אַז דערמיט זאָל זיך ניט אָנהייבן דעם זיידנס סוף. אויב עלטער־עקזעמע — הייסט עס, אַז מענדעלעס וווּנדערלעכער אָרגאַניזם האָט זיך פאָרט אונטערגעגעבן די יאָרן!... עס זענען אָבער דורכגעגאַנגען עטלעכע חדשים, עס איז אָנגעשטאַנען פרילינג — און מענדעלעס שטאַרקע הויט האָט זיך אָנגעהויבן אָפּרייניקן פון די קראַנקע פלעקן, זיין הויכער שטערן האָט זיך ביסלעכווייז אויסגעלייטערט, אויסגעליכטיקט, און ווידער גענומען קרעפטיק שטראַלן מיט דער געהויבנקייט פון לויטערער מחשבה. די עלטער־עקזעמע איז שפּורלאָז פאַרשווּנדן.

— דאַנקען גאָט, איבערגעקומען! — האָט דער זיידע אין אַ זוניקן פסחדיקן נאָכמיטאָג, אַ באַנייטער, אַ יונג־געוואָרענער, פריילעך געשמועסט מיט זיינע געסט. — וויבאַלד אַזוי, וויבאַלד איך בין פּטור געוואָרן פון דער דאָזיקער עלפטער פּרעהס מכה, מיטן מיאוסן נאָמען און מיט דער מיאוסער באַשעפטיקונג דערביי, — איז דיינו! איז צו גאָט אַ האָפענונג!...

— איך האָב דאָך געזאָגט, אַז עס וועט זיך אויסשטיין! — האָט זיך אָנגערופן דער אַלטער דאָקטאָר שערעשעווסקי. ער איז דאָ געזעסן ביים טיש אין אַן אַלטמאָדישן אויסגעבערשטלטן יום־טובדיקן סורדוט. אויך מיט אַן אויסגעלייטערטן פּנים, טיף אָנגעבויגן איבער אַ נייעם העברעאישן בוך מיט ליכטיקע בלעטער און פריילעכער שריפט, אויב איך האָב קיין טעות ניט — שניאורס נייער באַנד שירים.

ו

# יצחק יואל לינעצקי

אויסער דער געשלאָסענער שריפטשטעלערישער משפּחה, האָט אין אָדעס אַ היפּשע צייט עקזיסטירט אַ קליינע גרופּע יידישע שרייבער, וואָס האָט זיך געהאַלטן אָן דער זייט, אָפּגעזונדערט אין אַ ווינקל, ניט געוואָלט, אָדער ניט געקאָנט, אויס סוביעקטיווע מאָטיוון, צושטיין צו דעם מיוחסדיקן ליטעראַרישן קרייז פון די „אויסדערוויילטע" און אונ־טערגעבן זיך אונטער זיין גייסטיקער הערשאַפט. אין סוף פון די אַכציי־קער יאָרן האָט די דאָזיקע גרופּע ביי זיך געציילט אַזעלכע נעמען, ווי יצחק יואל לינעצקי, י. י. לערנער (דער קריטיקער, דראַמאַטורג און טעאַטער־אונטערנעמער, וועלכער האָט זיך נאָכדעם געשמדט), פּלטיאל זאַמאָשטשין און אלימלך וועקסלער (איש־נעמי). דער צעמענט, וואָס האָט זיי אַלע דעמאָלט פאַראייניקט אין איינס, איז געווען — אַ שאַרפע קנאהדיקע קעגנערשאַפט צו מענדעלעס „פּאַטריאַרכישן" אויבנאָן, וואָס מע האָט אים אַוועקגעגעבן אין דער יידישער ליטעראַטור. און דערפאַר האָבן זיי ביי מענדעלעס אָדעסער חסידים געהייסן „די סטרא אחרא" (די אַנדערע זייט: אויף קבלה־לשון — די אומריינע זייט פונעם טייוול). דאָס איז אָבער אַלץ געווען אַמאָל. איצט, ביי מיין קומען קיין אָדעס, האָב איך פון יענער גרופּע געטראָפן נאָר אָן איבערבלייב פון צוויי זקנים: לינעצקין און וועקסלערן. דער אָנגעזעענער פון די צוויי, די שאַרפע אויסגעשפּראָכענע פּערזענלעכקייט, איז געווען, פאַרשטייט זיך, יצחק יואל לינעצקי, דער באַרימטער מחבר פונעם „פּוילישן יינגל".

לינעצקי איז געווען אַ טראַגישע פיגור אין דער יידישער ליטע־ראַטור. ער האָט געהערט צו דעם מין שרייבער, וועמעס טראַגיזם נעמט זיך דערפון, וואָס זיי זענען „קונים עולמם בשעה אחת" — זיי שאַפן זייער וועלט אין איין שעה. זיי טוען איין מאָל אַ גלאַנץ אין זייער

יוגנט מיט עפּעס אַן אויסערגעוויינלעכן ווערק, אין וועלכן זיי לייגן אַריין זייער גאַנצע גייסטיקע שליחות, די גאַנצע זאַפט און קראַפט פון זייערע געבענטשטע חושים — און דאָס בלייבט זייער איינציק לעבנס־ליד, מער חזרט זיך עס ניט איבער. לינעצקיס ליטעראַריש גליק, און צו דער זעלבער צייט אויך זיין אומגליק, איז געווען זיין אויס־געצייכנט יוגנט־ווערק „דאָס פּוילישע יינגל״, די שאַרפע קלאַסישע סאַ־טירע אויפן פאַרצייטיקן חסידישן לעבן, וואָס האָט אים געשאַפן אַ גרויסע פּאָפּולאַריטעט ביים יידישן לייענער פון זיין צייט. מיטן „פּוילישן יינגל״ האָט לינעצקי אַרויסגעגעבן אַ גרויסן וועקסל אויף זיין ווייטערדיקער ליטעראַרישער טעטיקייט — און האָט אָבער דעם וועקסל אין משך פון זיין לאַנג־יעריקן לעבן ניט געצאָלט. כמעט אַלץ, וואָס איז פון אים געגעבן געוואָרן נאָכן „פּוילישן יינגל״ — די פאַרשיידענע געגראַמטע בדחנות, די קאַלענדאַרן מיט די גלייכווערטלעך און וויצן — איז געווען מינדערווערטיק, אָדער עס האָט גאָר קיין ליטעראַרישן ווערט ניט געהאַט. אַפילו זיין „וואָרעם אין כריין״ (געדרוקט אין שלום־עליכמס „פאָלקס־ביבליאָטעק״), וואָס האָט באַדאַרפט זיין אַ פאָרזעצונג פונעם „פּוילישן יינגל״, איז אַרויסגעקומען ווי אַ שוואַכע איבערחזרונג פון דעם, וואָס ער האָט שוין איין מאָל אָפּגעזאָגט — דערצו האָט ער דאָס איבערגעחזרט אין אַ פאַרשפּעטיקטער צייט, ווען דער עולם איז שוין מער ניט געווען געשטימט אויסצוהערן משכילישע אָפּלאַכעריי פונעם אַלטמאָדישן אָרעמען געטאָ־לעבן (הגם אינעם „וואָרעם אין כריין״ האָט שוין ערטערווייז זיך דורכגעלייכט אַ לייטזעליקער קוק פונעם מחבר אויף זיינע „בידנע״ פאַרשוינען).

פאַרברענגענדיק די עלטערע יאָרן אין אָדעס, אין שרייבערשער אָרעמקייט און פאַרגעסנקייט, האָט לינעצקי ניט נאָר ביטער איבער־געלעבט זיין אייגענע ליטעראַרישע ירידה — ער האָט נאָך דערביי גע־מוזט צוזען דעם גרויסן אויפשטייג פון זיין צייט־חבר און בן־עיר אַבראַמאָוויטש, וואָס האָט אין איין פעריאָד מיט אים זיך באַוויזן אַלס יידיש־שרייבער (אין דער ערשטער יידישער צייטונג „קול מבשר״, וואָס איז דערשינען אין אָדעס), און איז פון דעמאָלט־אָן וואָס ווייטער אַלץ

מער געהויכט געוואָרן ווי „מענדעלע מוכר ספרים". לינעצקי האָט בתמימות געהאַלטן, אַז דער ערשטער בכבודיקער אָרט אין דער יידישער ליטעראַטור קומט אים, ניט אַבראַמאָוויטשן, ווייל זיין „פוילישע יינגל" האָט געמאַכט אַ גרעסערן גערודער ביים יידיש־לייענעדיקן עולם, ווי אַבראַמאָוויטשעס ערשט ווערק „דאָס קליינע מענשעלע", — און לסוף איז אַבראַמאָוויטש געוואָרן דער „זיידע", אַרומגערינגלט מיט ליבשאַפט און פאַרערונג פון אַ גאַנצן דור „איייניקלעך", בעת ער, לינעצקי, מוז זיך אַרומדרייען אויף דער וועלט איינער אַליין, טראַגיש־עלנט, אויך אַ זיידע, נאָר אָן אייניקלעך. ער האָט די דאָזיקע פאַרביטערטקייט זיינע ניט געשטיקט אין זיך — ער האָט זי אַרויסגעזאָגט שאַרף און אָפן פאַר אַלעמען, ביי יעדער געלעגנהייט. ער האָט העפטיק פּראָטעסטירט קעגן זיין אום־כבוד, קעגן דער גרויסער עוולה, וואָס אים איז אָפּגעטאָן געוואָרן אין דער יידישער ליטעראַטור. בן־עמי האָט מיר אַמאָל דערציילט אַ כאַראַקטעריסטישן עפּיזאָד, ווי אַזוי ער האָט זיך אין די יונגע יאָרן באַקענט מיט דעם עלטערן לינעצקי: ערגעץ אויף אַ פאַרזאַמלונג אין אָדעס האָט אים איינער פאָרגעשטעלט פאַר לינעצקין, און אַזוי ווי ער אַליין האָט אין יענעם מאָמענט געהאַלטן אינמיטן אַ הייסן געשפּרעך מיט אַן אַנדערן, האָט ער לינעצקין נאָר געגעבן די האַנט און זיך אומ־געקערט צו זיין מיטשפּרעכער. באַלד האָט ער אָבער דערפילט, ווי איינער קנייפּט אים שטאַרק אין אָרעם. ער האָט זיך אומגעדרייט — ערשט לינעצקי נעמט אים דורך מיט שאַרפע שפּיזיקע אויגן: „מע האָט אייך געזאָגט יצחק יואל לינעצקי — און גאָרנישט, איר גייט גאָר אַוועק!"...

אַ באַזונדער קאַפּיטל האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט די באַציאונגען צווישן לינעצקין און שלום־עליכמען אין דעם פעריאָד פון דער „פאָלקס־ביבליאָטעק". שלום־עליכם איז אין די יונגע יאָרן דווקא געווען אַ גרויסער אָנהענגער פון לינעצקין, און דער פאָרשער פון שלום־עליכמס ווערק וועט אין זיי געפינען ניט נאָר די אָפענע השפעה פון זיין זיידן מענדעלע, נאָר אויך באַהאַלטענע שפּורן פון לינעצקיס שאַרף־באַטעמטער פעפער־דיקער יידישער שפּראַך. און דעריבער, אַז שלום־עליכם האָט פאַרטראַכט אַרויסצוגעבן זיין „פאָלקסביבליאָטעק", האָט ער לינעצקין איינגעלאַדן

צווישן די הויפט־מיטאַרבעטער, און דער „וואָרעם אין כריין”, וואָס לינעצקי האָט אים געגעבן, האָט פאַרנומען איינס פון די אָנגעזעענע פלעצער אינעם יאָר־בוך — דאָס צווייטע פלאַץ נאָך מענדעלעס „ווינש־פינגערל”. און פון דעסטוועגן איז קיין פריינדשאַפט צווישן זיי ביידן ניט אויסגעוואַקסן; זיי זענען פאַרבליבן פרעמד איינער דעם אַנדערן דאָס גאַנצע לעבן.

גענומען האָט זיך עס, קודם כל, פון לינעצקיס פיינדלעכער באַציאונג צו מענדעלען. לינעצקי האָט קיינמאָל ניט געקאָנט מוחל זיין שלום־עליכמען, למאי ער האָט געקרוינט מענדעלען פאַרן „זיידן” פון דער יידישער ליטעראַטור. שוין ביי זיין ערשטער באַקאַנטשאַפט מיט שלום־עליכמען האָט ער אָנגעווענדט אַלערליי „דיפּלאָמאַטישע” מיטלען אַיינ־צוקויפן זיך צו אים ווי זיין אינטימסטער פריינד, זיין „ליטעראַרישער ברודער”, און דערמיט פאַרנעמען ביי אים אין האַרצן מענדעלעס אָרט. דאָס דאָזיקע האָט אָבער געבראַכט צו פאַרקערטע רעזולטאַטן. דערצו האָט לינעצקי אָפּגעשטויסן פון זיך שלום־עליכמען מיט זיינע „מחברישע” געענג — מיט זיין פירונג אויפן שטייגער פונעם באַקאַנטן מין „מחברים” אין די אַלטע השכלה־יאָרן. שלום־עליכם האָט געפילט, אַז לינעצקי באַציט זיך צו אים ניט ווי צו אַ „ליטעראַרישן ברודער”, ווי ער האָט זיך געפרווט לאַשטשען צו אים, נאָר ווי צו אַ רייכן יונגנמאַן מיט ליטעראַרישע אַמביציעס, אויף וועמען ער האָט זיך אַרויפגעוואָרפן מיטן גאַנצן אויסגעהונגערטן אַפּעטיט פון אַן אָרעמען „מחבר” — און דאָס איז אים געווען שטאַרק דערווידער.

אין שלום־עליכמס אַרכיוו געפינט זיך אַ בינטל בריוו פון לינעצקין, וואָס האָט צו טאָן מיט יענער צייט (1888). אין די דאָזיקע בריוו ליגט באַהאַלטן אַ היפּש ביסל טשיקאַווע שטאָף, וואָס באַלייכט דאָס לעבן פון דער דעמאָלטיקער אָדעסער שריפטשטעלערישער קאָלאָניע, און דער־הויפּט זעט מען פון זיי אַרויס די געדריקטקייט און ביטערע געפאַלנקייט פון דעם בריוושרייבער אַליין. דער ערשטער פון די בריוו איז געווען אַן ענטפער אויף שלום־עליכמס אַיינלאַדונג מיטצואַרבעטן אין דער „פאָלקסביבליאָטעק”. לינעצקי האָט זיך אָפּגערופן זייער גערן מיט אַ „שלום־

עליכם — עליכם שלום!", דערביי האָט ער פון ערגעץ אויסגעשניטן און צונויפגעקלעפּט צוויי הענט, וואָס גיבן זיך אָפּ „שלום־עליכם", אָנגע־קלעפּט זיי אויפן בריוו אויבנאָן — אַ סימן, הייסט עס, אַז ער איז גרייט צו שליסן ברודערשאַפט. אויף דער אַיינלאַדונג האָט ער ניט געענטפערט דירעקט; ער שרייבט אים נאָר אויף אַ געקליגלטן בית־מדרש־לשון, אַז היות ער האָט אים צו פרעגן אַ סך קשיות און ער מוז זיך מיט אים זען צוליב דעם פּערזענלעך, — „לכן, מיין ליבער ליטעראַרישער ברודער, איז מיין בעסטע עצה אַזוי: איר זאָלט זאָגן „כה תברכו את בני ישראל" און אַרויסנעמען אַ כף־האער און מיר צושיקן אויף הוצאות, און צום כף־האער זאָלט איר מצרף זיין נאָר אַ קליינטשיק בריוועלע, אָן קשיות און אָן תירוצים, מיט די עטלעכע געציילטע ווערטער: „לינעצקי ברודער! אנא, איך בעט דיך, תומ"י ככ"ז [תיכף ומיד כקבלך כתב זה — באַלד ווי דו וועסט באַקומען דעם דאָזיקן בריוו] זאָלסטו כאַפּן די פּיס אויף די פּלייצעס און זאָלסט קומען צו מיר לפה ק"ק קיעוו הבירה — —". און ער פאַרענדיקט דעם בריוו: „אַזוי, אַזוי, מיין ליבער ליטעראַרישער ברודער, שיקט מיר תיכף ומיד, בלי איחור ועיכוב כלל וכלל, די עטלעכע קערבלעך אויף הוצאות, וועל איך תיכף ומיד קומען צו אייך לק"ק קיעוו, און מיר וועלן זיך אויסשמועסן פון אַלעס בפרוטרוט — —. איך ווייס עס ברור כשמש, אַז נאָך אונדזער אויסשמועסן זיך וועלן מיר געוויס שליסן אַ בונד לטובת שני הצדדים און לתועלת אונדזערן בידנע פאָלק. משכני אחריך ארוצה!" [טו מיך אַ ציִ, לויף איך נאָך דיר]...

שלום־עליכם איז געווען נייגעריק צו באַקענען זיך מיטן מחבר פונעם „פּוילישן ייִנגל", האָט ער אים די פינף־און־צוואַנציק רובל גלייך אַרויס־געשיקט. לינעצקי איז געקומען קיין קיעוו און געווען אַ גאַסט ביי שלום־עליכמען עטלעכע טעג, נאָר דעם „בונד לטובת שני הצדדים און לתועלת דעם בידנע פאָלק" איז אים ניט געלונגען צו שליסן. שלום־עליכם האָט מיר איינמאָל דערציילט, אַז אין דער ערשטער מינוט, ווען לינעצקי איז אַריינגעקומען צו אים אין הויז, האָט ער גלייך צו אים אָנגעהויבן רעדן אויף „דו" און האָט אים קודם־כל געזאָגט, אַז ער דאַרף זיך מיט אים זען אונטער פיר אויגן. אַריינגעקומען אין שלום־עליכמס קאַבינעט און

באַזעצט זיך מיט אים ביים שרייב־טיש, האָט זיך לינעצקי אַרומגעקוקט אינעם רייכן אַרבעט־צימער, אָפּגעזיפצט און זיך אָנגערופן מיט אַ גמרא־ניגון:

— נו, זאָג־זשע אַצינד, שלום־עליכם ברודער, איז פאַראַן אַ גאָט אויף דער וועלט? אַז דו, אַזאַ יונגער צוציק אין דער ליטעראַטור, פאַר־גינסט זיך צו זיצן אין אַזעלכע קייזערלעכע פּאַלאַצן, און איך, יצחק יואל לינעצקי, דער באַרימטער מחבר פונעם „פוילישן יינגל", וואָס סע קלינגט מיט מיר אַ וועלט, באַדאַרף אויסבעטן ביי דיר אַ פינף־און־צוואַנציקער און שלעפן זיך צו דיר אויף דער עלטער פון אָדעס קיין קיעוו — בכדי וואָס? בכדי צו קריגן ביי דיר אַ גמילות־חסד פון פאַר־דריפּעטע פינף הונדערט שמאַרדאָוואַנצעס! אָך־אָך־אָך!...

שלום־עליכם האָט דעם דאָזיקן מאָנאָלאָג איבערגעגעבן מיט לי־נעצקיס קול און מיט זיין ניגון, און האָט דערביי שטאַרק געלאַכט — דער אַיינפאַל איז אים נאָך איצט געפעלן געווען. וואָס ס'איז ווייטער געווען האָט ער ניט דערציילט. פון לינעצקיס בריוו איז צו זען, אַז מיט ליידיקן איז ער פון שלום־עליכמען ניט אַוועקגעפאָרן. און דאָ הייבט זיך אָן צווישןביידן אַ קוריאָזע איבערשרייבעניש, ווי ס'איז צו זען פון לינעצקיס זייט: דער אַלטער לינעצקי שרייבט אים די גאַנצע צייט אויף „דו", און דער יונגער שלום־עליכם מאַכט זיך אַרויס פון דער דאָזיקער פאַמיליאַריטעט. לינעצקי הייבט אָן זיין בריוו נאָך זיין באַזוך אין קיעוו אַזוי: „איך האָב דיר... (לאָז מיך, ברודער, שרייבן „דיר"! איך פיל אין „דיר" דעם טעם פון גן־עדן, און „אַייך" איז מיר מיטן טויט גלייך... — — —)". און שלום־עליכם ענטפערט אים דווקא אויף „איר", אַז ער האַלט ניט פון אַזעלכע אויסערלעכקייטן, אַז ביי אים איז דער עיקר — ריינע, ערלעכע באַציאונגען. צעקאָכט זיך לינעצקי: סטייטש! זיינע באַציאונגען זענען דען קאַרג ריין און ערלעך? „איך שרייב דאָך דיר, ליטעראַרישער ברודער מיינער, מיטן בלוט פון מיין האַרצן!"... די גאַנצע קאָרעספּאָנדענץ דרייט זיך, הויפּטזעכלעך, אַרום דעם „וואָרעם אין כריין", וואָס לינעצקי האָט צוגעשיקט פאַר דער „פאָלקסביבליאָטעק" און געפאָדערט פאַר זיין אַרבעט אַ הויכן פּרייז, און קודם־כל אַ הונ־

דערטער אין אַוואַנס. „הגם — שרייבט לינעצקי שלום־עליכמען — דו צאָלסט אַבראַמאָוויטשן 25 קאָפּיקעס די שורה (אַזוי האָב איך געהערט פֿאַר געוויס), פּריטאָ [דאָך] שטעל איך דיר מיין פּרייז ח״י — 18 קאָפּיקעס די שורה — אָבער ניט וויניקער! ניט איך שטעל מיך נידעריי־קער אין טאַלאַנט פֿון אַבראַמאָוויטשן, און אין דעם אַרטיקל בפֿרט — חלילה! — נאָר וואָס דען? איך בין סקראָמנער פֿון אַבראַמאָוויטשן..." שלום־עליכם איז אָבער ניט געווען זיכער, צי וועט ער דעם „וואָרעם אין כריין" קאָנען בכלל דרוקן, ווייל לינעצקי האָט אויסגענומען אַ תנאי, אַז אין זיין ווערק טאָר ניט געענדערט ווערן קיין אות, און צו ענדערן איז דאָרט, לויטן רעדאַקטאָרס געשמאַק, געווען אַ סך. איז לינעצקי געוואָרן אומגעדולדיק, למאי דער יונגער רייכער רעדאַקטאָר גיט זיך אָפּ מיט אַזעלכע „גבירישע קאַפּריזלעך" און שיקט ניט גלייך אַרויס דעם אַוואַנס צו אַן אָרעמען מחבר. ער האָט אַלץ געטענהט, אַז ער ווייסט נאָר איין זאַך: „לקח קמח — נתן מעות" (גענומען מעל — באַצאָלט געלט)... „צי וואָס זשע טויג דאָ פּוסטע פּרעטענזיעס, מיט שפּיצלעך, און געטאָקטע ונאמרלעך — — שיק מיר פֿריער דעם הונדערטער! דעם הונדערטער! דעם הונדערטער! דו הערסט וואָס איך זאָג, ברודער? דעם הונדערטער..."

דער סוף איז געווען, אַז לינעצקי האָט מסכים געווען אויף שלום־עליכמס אויסבעסערונגען, און „דער וואָרעם אין כריין" איז געדרוקט געוואָרן, נאָר דעם אַלטן חן האָט לינעצקי ביי שלום־עליכמען אינגאַנצן פֿאַרלאָרן. לינעצקי ווידער האָט געגלייבט, אַז שלום־עליכם איז צו אים אָפּגעקילט געוואָרן אונטערן איינפֿלוס פֿון מענדעלען און זיינע חסידים, די „יונגע צאָפּעקלעך" (געמיינט ראַווניצקין מיט בן־עמין). ער האָט צו אים געטענהט אין זיינע בריוו, למאי האָט ער אויסגעביטן אים, „דעם אַלטן לייב", אויף אַנדערע, און האָט דערמיט פֿאַרשטויסן פֿון זיך אַזאַ גוטן געטרייען פֿריינד. „איך בין — האָט ער געשריבן וועגן זיך אַליין — אַ האַווקעדיקער, נאָר אַ טרייער הונט", „אַ גיפֿטיקער סער־יאָזנע מענטש"...

אַז איך האָב מיך באַקענט אין אָדעס מיט לינעצקין, איז ער שוין געווען אַ זקן וועיט אַריבער זיבעציק און האָט זיך געהאַלטן זייער ציכטיק,

שטענדיק אויסגעפוצט, אין אַ ווייסן זשילעט און מיט אַ דימענטענער שפּילקע אינעם קראַוואַט (ער האָט געהאַט אַ זון אַן אַרכיטעקטאָר, וואָס האָט אים אויסגעהאַלטן אויף דער עלטער בכבוד). נאָר זיין ציכטיקע דזשענטלמענישע אויסערלעכקייט האָט זיך עפּעס ניט געפּאַרט מיט זיין פאַרעלטערטער, פאַרזויערטער אָפּגעשטאַנענקייט. דאָס מויל, וואָס האָט שאַרף געבלאַנקט מיט ווייסע אַריינגעשטעלטע ציין, האָט געשפּריצט מיט פאַרביטערטקייט אויף אַלץ און אויף אַלעמען, און דערהויפּט אויף די יונגע, ניימאָדישע טאַלאַנטן, מיט וועלכע ער איז, אַגב, גאַנץ ווייניק געווען באַקאַנט. ניט געקוקט דערויף, האָב איך ביי אים דווקא נושא חן געווען, און ער האָט מיט מיר אָפּט און גערן פאַרבראַכט — איך ווייס ניט, צי דאָס איז געווען אין מיין אייגענעם זכות, צי אין דעם זכות פון שלום־עליכמען, צו וועמען ביי אים האָט געטליעט אַן אַלטע פאַרבאָרגענע סימפּאַטיע. איינמאָל האָט ער מיר דערציילט, אַז צו זיין זיבעציק־יאָריקן יובילעי איז שלום־עליכם געווען דער איינציקער פון דער אַמאָליקער „אַלטער גוואַרדיע", וואָס האָט אים צוגעשיקט אַ באַגריסונג מיט שבחים און וואַרעמע ווערטער. נאָר וואָס־זשע דען? ער גלייבט ניט אין זיינע וואַרעמע ווערטער — ער הייבט אים ניט אָן צו גלייבן!

— ס'איז שקר וכזב (וועקיזעוו)! — האָט ער שאַרף אַ בלאַנק געטאָן מיט די ווייסע אַריינגעשטעלטע ציין.

— פאַרוואָס מיינט איר אַזוי? — האָב איך אים געפרעגט.

— דערפאַר, ווייל איך קען מיינע לייט. ער איז דאָך דאָס טייערע צאַצקעדיקע אייניקל פון דעם זיידעניו אייערן — האַ, צי ניין?... קיין צוויי ליטעראַרישע זיידעס האָט אַ שרייבער ניט!...

ז

# זומער 1912

מיר האָבן נאָך קיין צייט ניט געהאַט רעכט אַרומקוקן זיך אין אונדזער נייעם אָרט, אין אָדעס, און נעענטער באַקענען זיך מיט די נייע מענטשן, — האָט אונדז שלום־עליכם שוין גערופן צו זיך קיין מאָנטרע, אויפן טראַדיציאָנעלן זומערדיקן „צוזאַמענפאָר״ פון דער פאַמיליע.

איצטיקס מאָל, זומער 1912, איז דער צוזאַמענפאָר געווען ניט אַזוי געראָטן, ווי אין די פריערדיקע זומערן. מיר האָבן געטראָפן די מוטער אין אַ קראַנקן צושטאַנד, ערב אַ שווערער אָפּעראַציע אויף אַ פוס, און דאָס האָט ביי שלום־עליכמען אַוועקגענומען די גאַנצע פריילעך־באַרוישטע שטימונג, וואָס די זומערדיקע געסט פלעגן ביי אים געוויינלעך אַרויס־רופן. דערצו איז מאָנטרע, דער רייכער שווייצאַרישער קוראָרט, ניט קיין אידעאַלער פלאַץ פאַר לונגען־קראַנקע אין די זומער־חדשים — ס׳איז דאָרט צו הייס, אַ סך זון און ווייניק גרינער שאָטן. קומט חודש יולי, אַזוי צעלויפן זיך די ענגלישע שטאָט־געסט אין די קילערע ווינקלען פון אייראָפּע, און מאָנטרע, מיט אירע פּראַכטיקע ווילעס און אויסגעפוצטע רייכע קלייטן, שטייט אַ פאַרשלאָפענע, אַ פאַרבאַקטע פון דער הייסער זון, אין ליכטיקער יום־טובדיקער פוסטקייט און טויט־שטילקייט.

אייגנטלעך, איז שלום־עליכם דעמאָלט שוין ניט געווען פאַררעכנט פאַר קיין חולה. דער צושטאַנד פון די לונגען האָט זיך ביי אים די לעצטע צייט אַזוי ווייט פאַרבעסערט, אַז די דאָקטוירים האָבן אים דער־לויבט אַפילו צו מאַכן אַ רייזע קיין רוסלאַנד — פון וואָס ער האָט שוין אָנגעהויבן אָפּט צו חלומען. עס האָבן זיך שוין געפונען אימפּרעסאַריאָס, וואָס האָבן אים פאַר אַ פאָרלעזונג־טור איבער רוסלאַנד צוגעזאָגט גאָלדענע בערג. זיין נייער פריינד שרירא, דער קאַווקאַזער נאַפט־מאַגנאַט,

האָט פאַר אים געפּלאַנט אַן אַרויסטריט אין באַקו מיט אַ האָנאָראַר פון פינף טויזנט רובל. שלום־עליכם האָט זיך אָבער דערווייל צוגעהערט פאַרזיכטיק צו די דאָזיקע פּלענער; ער האָט אַלץ ביי זיך ניט געקאָנט פועלן אויסצוּוויקלען זיך פון דער וואַרעמער פּאַציענטן־אַטמאָספער, אין וועלכער ער האָט זיך די לעצטע יאָרן אַיינגעלעבט. אויסער דעם, האָט ער זיך פשוט ניט געגנייטיקט מער אין זייטיקע הכנסות. די אַיינקונפט פון זיינע ביכער, די יידישע און רוסישע, צוזאַמען מיט זיינע פאַרדינסטן אין די יידישע צייטונגען און אין דעם רוסישן זשורנאַל „סאָווּרעמעננִיק״, האָט דעמאָלט געהאַלטן ביי פופצן טויזנט רובל יערלעך — אַן אומגלויב־לעכע מאַטעריעלע דערגרייכונג פאַר אַ יידישן שרייבער.

דערצו האָט ער זיך געפילט מיד — שטאַרק איבערגעמידט פון גרויסער גייסטיקער אָנשטרענגונג, פון איבערגעטריבענעם שרייבערשן פלייס. ער האָט די לעצטע דריי־פיר יאָר געשריבן אָן אויפהער, גאָר אָן אָפּרו, ניט דורכגעלאָזט אַפילו איין וואָך. ער האָט זיך אַלץ געפלייסט צו איבערצייגן ניט נאָר אַנדערע, נאָר אויך זיך אַליין, אַז מיטן אָנ־קומען פון די עלטערע קראַנקע יאָרן ווערט זיין פּרוכטבאַרקייט ניט געמינערט אויף אַ האָר — אַדרבה, זי האַלט גאָר אין שטייגן. ער האָט יענעם זומער געשריבן צו ש. ניגערן אַזוי: „ווּעגן מיין געזונט? — פולשטענדיק. ניט נאָר אַזוי געזונט, ווי פריש און יונג. מע ווערט יינגער (אינעם שאַפן מיין איך)...״ דאָס אַליין האָט שוין געקלונגען ווי אַ מין זעלבסטבאַוואָרעניש קעגן דער גייסטיקער מידקייט, וואָס פלעגט אים צייטנווייז באַפאַלן אין רעכטן מיטן שרייבן. די דאָזיקע מידקייט האָט זיך געלאָזט מערקן אויך אין זיין עצם אַרבעט, אין דעם „בלוטיקן שפּאַס״, וואָס ער האָט געשריבן פאַרן „היינט״, דערהויפּט ווען ער איז צוגעקומען צום סאַמע שפּיץ פונעם סוזשעט — צום „עלילת־דם״. דאָ האָט די איבערגעשטרענגטע קינסטלערישע פאַנטאַזיע ניט אויסגעהאַלטן, און ער האָט זיך אַרויסגעהאָלפן מיטן פאַקטישן שטאָף פונעם ענין בייליס, וואָס האָט יענע טעג אַלץ מער און מער פאַרכאַפּט די כראָניק פון די רוסישע צייטונגען. די גאַנצע פאַרבאָרגענע נעץ פון נידערטרעכטיקייטן, וואָס די קיעווער געהיים־פּאָליציי, מיט דער הילף פון אַ באַנדע פּראָפעס־

יאָנעלע גנבים, האָט פאַרפלאָכטן אַרום דעם אומגליקלעך־אויסגעטראַכטן ענין ביילים, האָט פאַר שלום־עליכמען אַנטפּלעקט אין אַ שורה בריוו דער קיעווער יוריסט אַרנאָלד מאַרגאָלין, וועלכער האָט אויף זיין אייגענער פאַראַנטוואָרטלעכקייט אָנגעפירט אַ סעפּאַראַטע אויספאָרשונג פון דער זאַך. שלום־עליכם האָט דעם דאָזיקן שטאָף צוגעפּאַסט צום סוזשעט פון זיין ראָמאַן, אַזוי אַז דער לעזער האָט באַקומען דעםווירקלעכן קרי־מינעלן פּלאַנטער אויפגעדעקט און באַלויכטן אין טראַגי־קאָמישן ליכט (טראַגי־קאָמיש — דורך דער אויסערגעוויינלעכער סיטואַציע פונעם העלד אין דעם ראָמאַן, דעם גויישן סטודענט פּאָפּאָוו, וואָס ווערט באַשולדיקט אין געברויכן קריסטלעך בלוט אויפן יידישן פּסח). פאַר דעם צייטונגס־לעזער איז דאָס געווען העכסט־שפּאַנענדער שטאָף; אָבער שלום־עליכמס אמתע פאַרערער, די וואָס האָבן דערוואַרט אין דעם ראָמאַן אַזאַ מין הומאָריסטיש־סימבאָלישע אַנטוויקלונג, ווי, אַשטייגער, אין מאַרק טוועינס „פּרינץ און בעטלער", האָבן זיך פון אַזאַ אומקינסטלערישער ווענדונג געפילט אַנטוישט. בעל־מחשבות, וואָס איז לכתחילה געווען באַגייסטערט פון די ערשטע קאַפּיטלען פונעם „בלוטיקן שפּאַס", האָט איצט אָנגע־שריבן שלום־עליכמען אַ מוסר־בריוו אין איראָנישן טאָן און האָט אים פּראָסט אויפגעוואָרפן, אַז ער באַנוצט זיך אין זיין ראָמאַן מיט צייטונגס־שטאָף צוליב פּרנסה. ער האָט אים אַזוי געשריבן: „אין וואַרשע איז מען ניט צופרידן, וואָס איר ווערט [אין] גאַנצע קאַפּיטלעך צו פּראָטאָקאָ־ליסטיש. אָבער מען האָט מורא פאַר שלום־עליכמען און מען שווייגט. — איך שווייג אויך. אין בוך וועט דאָס מן הסתם אַלץ אַנדערש אויסזען. עמך ישראל צריכים פּרנסה, בפרט אַ יידישער שרייבער, און אַ צייטונג, וואָס האָט אַן אָרט פאַר די „בלוטיקע ווייבער", מעג האָבן אַן אָרט פאַר אַלטע צייטונגס־נאָטיצן אויך — מיין שטאַנדפּונקט. ווי קוקט איר אויף די זאַך, מאַעסטראָ?..."

שלום־עליכמען האָט אַזאַ אומגערעכטע באַשולדיקונג, אַז ער מישט אין זיין אַרבעט זייטיקן שטאָף צוליב פּרנסה, מאָדנע פאַרברענט. ער האָט בעל־מחשבותן אָפּגעענטפערט מיט אַ שאַרפן, ביטערן בריוו, אַז ער האָט פון אים ניט דערוואַרט אַזאַ „ציניש טאָן". „ניט נאָר איצט, —

האָט ער אים געשריבן, — וואָס איך בין גאָר ניט אָפּהענגיק פונעם „היינט", וואָס איך קאָן שוין לעבן, ברוך השם, פון די ביכלעך אַליין, וואָס צעגייען זיך אין די צענדליקער טויזנטער עקזעמפּליאַרן, ניט נאָר אין דעם דאָזיקן ראָמאַן, וועלכן איך גיב אַוועק מיין גאַנצן זאַפט און קראַפט, בלוט און מאַרך, פייל און פּאָליר און שרייב־איבער, ווייניקסטנס, זעקס מאָל איטלעכס קאַפּיטל (אָפטלעך — צען מאָל), — אַפילו אין די גאָר ביטערע צייטן, ווען איך בין געווען אויף גרויסע־גרויסע צרות, אַרומגעלאָפן נאָך אַ גמילות־חסד אויף „פּראַוואָ־אוטשעניע" פאַר די קינ־דער, מיט וועלכן ס'איז געווען פאַרבונדן מיין „פּראַוואָזשיטעלסטוואָ" און מיין עקזיסטענץ, אַפילו דעמאָלט בין איך אויך ניט געווען פעאיק צו געבן אַ רעדאַקטאָר ,אַלטע צייטונגס־אַרטיקלען צוליב פּרנסה'..."

אַרום און אַרום האָט שלום־עליכם דעמאָלט געהאַט אַ פאַרשטערטן זומער. פרוי שלום־עליכם האָט מען געמוזט אָפּפירן אין דער נאָענטער שטאָט לאָזאַן, צום באַרימטן כירורג רו אין קליניק. צוליב דעם איז שלום־עליכם אויך אַריבערגעפאָרן קיין לאָזאַן, געזעסן דאָרט וואָכנלאַנג אין אַ קליינעם שטילן פּאַנסיאָן, וווהין מיר פלעגן אָפט קומען פון מאָנטרע מבקר חולה זיין די מוטער און אים אַליין פאַרלייכטערן זיין איינזאַמקייט. פון יענע נסיעות קיין לאָזאַן זענען ביי מיר פאַרבליבן אין זכרון צוויי פאַרשיידענע עפּיזאָדן, וועלכע זענעןביידע כאַראַקטעריסטיש, יעדערער מיט זיין באַזונדערן אינהאַלט, פאַר שלום־עליכמס געמיט.

איין עפּיזאָד געהערט צו אונדזער ערשטן באַזוך אין לאָזאַן. עס איז געווען אַ הייסער נאָכמיטאָג, און מיר האָבן געטראָפן שלום־עליכמען אין דעם שטילן ווינקלדיקן הויף פון זיין פּאַנסיאָן — אַ קליין אָפּגעצאַמט גערטל, אויסגעפלאַסטערט מיט גלאַטע ים־שטיינדלעך. די ווילע אַליין האָט אויסגעזען אַלט און ציכטיק — אַ טיפּיש שווייצאַרישע מויערל, מיט גרינע לאָדן, מיט קריכנדיקן גראָז אויף די ווענט. אַקעגן הויז, אינמיטן הויפל, איז געשטאַנען אַ קיילעכדיקער מעטאַלענער טיש, באַדעקט מיט אַ רויט־פאַרביקן טישטוך, און אַרום אים — בענקלעך.

שלום־עליכם האָט געזאָגט, אַז ער דאַרף מיט מיר עפּעס רעדן, און אַז מיר זענען געבליבן אינצווייען (די איבעריקע קינדער זענען אַוועק

צו דער מוטער אין קליניק), האָט ער מיך פאַררופן זיך זעצן מיט אים אינעם הויף צום טיש און מיר אָנגעוויזן מיין אָרט דווקא אַקעגן הויז. „ניט דאָ — אָט דאָ זעצט אַייך". זיין פנים האָט מיר אויסגעוויזן מאָדנע סודותדיק, און דאָס וואָס ער האָט געמאַכט באַזונדערע הכנות צום שמועס און מיך אַוועקגעזעצט דווקא מיטן פנים צום הויז, האָט גערייצט מיין נייגעריקייט: וואָס פאַר אַ מיין האָט ער דערביי?

און אָט האָט שלום־עליכם אָנגעהויבן רעדן שטיל, ווי פאַרטראַכט, און צו דער זעלבער צייט האָט זיין קול געקלונגען טיף־פייערלעך. איך גיב דאָ איבער, פאַרשטייט זיך, על־פי זכרון, נאָר דעם תוך פון זיינע ווערטער:

— עס פאַסירן אַמאָל זאַכן אין מענטשנס לעבן, וואָס מיטן שכל אַליין וועט מען זיי קיינמאָל ניט משיג זיין. היינט אינדערפרי האָב איך מיך געזעצט אָט אויף דעם בענקל, אויף וועלכן איר זיצט אַצינד, — שרייבן אויף דער זון. אָפּגעשריבן אַקעגן אַ שעה, וויל איך אויפשטיין זיך דורכגיין, נאָר איך בלייב נאָך זיצן אַ ווײַלע און פאַרטראַכט זיך. פון וואָס האָב איך געטראַכט? איך געדענק גאַנץ קלאָר, אַז פון דיקענסן. ווי קומט אַהער אינמיטן דערינען דיקענס? אַפּנים, אַן אַסאָציאַציע פון געדאַנקען. איך האָב געשריבן דעם ראָמאַן, זיך דערמאָנט אָן בעל־מחשבותעס בריוו, אַריבערגעגאַנגען צו אַמפּיטעאַטראָווס בריוו — אונדזערע קריטיקער, זייערע קריטיקער. בעל־מחשבות זוכט ביי מיר דעם מאָטיוו פון פרנסה, אַמפּיטעאַטראָוו זוכט וועלט־מאָטיוון, פאַרגלייכט מיך מיט טשאַרלז דיקענס... איך האָב אַ טראַכט געטאָן, אַז אַמפּיטעאַטראָוו איז פאָרט אַ גוי. ער מיינט, אַפּנים, אַז ביי אונדז יידן איז אַזאַ רחבות, ווי אין דער ענגלישער ליטעראַטור, און ס'איז אַזוי לייכט אויסצוּוואַקסן אַ דיקענס. אַ ווערטעלע אויסצורעדן — דיקענס! אַזאַ פאַרנעם, אַזאַ ברייטקייט, — ווי די ברייטע בריטישע אימפּעריע. ווען אַמפּיטעאַטראָוו זאָל זיין, אַשטייגער, כאָטש אַ קורצע צייט אין וואַרשע, באַקענען זיך דאָרט מיטן קוואַל פון אונדזער ליטעראַטור, זען די קליינע גראָשנדיקע צייטונגלעך, אונדזערע שרייבערס, וואָס שמייכלען צו אַן אַוואַנס פון אַ דרייערל, וואָלט ער אויך אין מיין שרייבן געזוכט נאָר די מאָטיוון

פון פרנסה, ניט פאַרגליכן מיך מיט דיקענסן... אָט איז דיקענס אויך אַרומגעפאָרן אין אויסלאַנד, געזעסן אין דער שווייץ, פּונקט ווי איך. דער חילוק איז נאָר אין דעם, וואָס איך, אום צו קאָנען זיך אָנטאָן דאָס פאַרגעניגן פון זיצן אין דער שווייץ, האָב געמוזט פריער אָנהייבן שפייען מיט בלוט... אָט דאָס אומגעפער, וואָלט איך געמעגט שווערן, זענען געווען מיינע געדאַנקען היינט אינדערפרי. און אַזוי ווי איך זיץ מיר דאָ פאַרטיפט אין אַזעלכע רעיונות, הייב איך פּלוצעם אויף דעם קאָפּ אָט אַזוי אָ — דערביי האָט שלום־עליכם אויסגעצויגן זיין האַנט און מיר אויפגעהויבן מיין קאָפּ אַקעגן דער אַלטער ווילע — און דערזע, צו מיין גרויסן ווונדער, דאָרטן אויף דער וואַנט אָט אַ יענעס בלעכל...

און שלום־עליכם האָט מיך גענומען ביי דער האַנט און צוגעפירט צום פראָנט פונעם הויז. דאָרט, צו דער וואַנט, איז געווען צוגענאָגלט אַ מעשן ברעטל, אויף וועלכן עס האָבן זיך געלייענט אָט די ווערטער:

„אין דעם הויז האָט אין יאָר 1846 געוווינט טשאַרלז דיקענס".

— נו, וואָס וועט איר דערויף זאָגן? — האָט שלום־עליכם פייערלעך אָנגעקוואָלן פון מיין פאַרגאַפטן פנים. — ווי געפעלט אייך אַזאַ באַ־געגעניש אין זעקס־און־זעכציק יאָר אַרום? און די גאַנצע געשיכטע? איאָ, ס'איז אַ פינגער פון גאָט?...

דער צווייטער עפּיזאָד האָט זיך אָפּגעשפּילט אויפן לאָזאַנער באַנ־הויף, וווהין שלום־עליכם האָט אונדז באַגלייט, נאָך אַזאַ צווייטן באַזוך, צום צוג, וואָס גייט קיין מאָנטרע. ער איז יענעם טאָג געווען באַזונדער פריילעך געשטימט: פּראָפעסאָר רו האָט געגעבן האָפענונגען, אַז פרוי שלום־עליכם וועט זיך אפשר באַגיין אָן אַן אָפּעראַציע.

אויפן באַנהויף איז געווען יום־טובדיק שטיל און צוגעקליבן. דער צוג איז שוין געשטאַנען גרייט, נאָר די געציילטע פּאַסאַזשירן אויפן פעראָן האָבן זיך ניט געאיילט.

— זעט נאָר, ווי שטיל דאָ איז! — זאָגט צו אונדז שלום־עליכם ווי פאַרטראַכט. — קיינער כאַפּט זיך ניט, קיינער שטופּט זיך ניט, קיינער לויפט ניט הענדום־פּענדום — אַקוראַט ווי, להבדיל, דאָרט ביי אונדז אין זשמערינקע, צי אין קאָוועל.

צווישן די פּאַסאַזשירן איז געשטאַנען אַן אַלט ענגליש פּאָרפּאָלק און געשמועסט געלאַסן, זיך איבערגעוואָרפן מיט קאַרגע ווערטער.ביידע מיט רייזעטאַשן און בינאָקלען אויף דער זייט, ביידע הויכע, גלייכע, ווי די סטרונעס, מיט מאָגערע שטרענגע געזיכטער.

— וואָס טראַכט זיך, אַשטייגער, אָט אַזאַ מין ענגלענדער אין קעסטל־דיקע הויזן? — רעדט ווייטער שלום־עליכם. — דעם ערדקוגל האָט ער שוין באַהערשט, אַלע וועלט־טיילן איינגענומען, אומעטום, אויף אַלע קלייטן און רעסטאָראַנען, אָנגעשריבן „אינגליש ספּאָוקען". וואָס פעלט אים? איך בין זיכער, אַז ער גלייבט, אַז אַן אים וועט דער צוג גאָר קיין העזה ניט האָבן צו רירן זיך פונעם אָרט!

און פּלוצעם, שמועסנדיק אַזוי, האָט זיך שלום־עליכם אַ ריס געטאָן פון אונדז מיט אַ מאָדנעם אימפּעט און מיט אַ געשריי:

— גוואַלד, וואָס שטייען מיר דאָ, ווי די ליימענע גולמס?!

ער האָט פאַרשאַרט דעם קאַפּעליוש אַרויף, אַ כאַפּ געגעבן דעם שירעם אונטערן אָרעם, זיך געלאָזט לויפן איבערן פעראָן מיט אַ פאַר־שמייעטן, צעטראָגענעם פּנים, אָפּגעשטעלט יעדן איינעם פון די פּאַסאַזשירן און געפרעגט אויף יידיש:

— שוין געוועזן דער צווייטער זוואָנאָק, האַ? ווו איז דאָ טרעטי קלאַס? טרעטי קלאַס?

און צו אונדז מאַכט ער מיטן שירעם פון דער ווייטן:

— נו, רירט זיך שוין, גיכער, גיכער! וואָס שטייט איר דאָרט, ווי די טאָקען? אין גאָטעס ווילן, גיכער! דער פּאָיעזד קאָן חלילה אַוועקגיין!...

ער איז צוגעלאָפן מיט דער זעלבער צעטראָגנקייט צום ענגלישן פּאָר:

— איר פאָרט אפשר קיין כוואַסטעוו? גוואַלד, מענטשן, האָט רחמנות! ווו איז דאָ טרעטי קלאַס? טרעטי קלאַס?...

צווישן די פּאַסאַזשירן, פראַנצויזן און ענגלענדער, איז געוואָרן אַ גע־רודער. מע האָט זיך איבערגעקוקט פאַרוווּנדערט, געפרעגט איינער דעם אַנדערן, וואָס האָט דאָ פּלוצעם פּאַסירט מיט דעם מאָדנעם אויסלענדער?

און שלום־עליכם לויפט אַלץ פאַרביי די וואַגאָנעס, קוקט־אַריין אין די

פענצטער, זוכט עפעס, דערנאָך לאָזט ער זיך צו אונדז מיט אַן ערנסטן צעטראָגענעם פּנים:

— קומט!... געפונען!... דאָרט איז טרעטי קלאַס!...

און ער שטופּט אונדז אַלעמען אַרויף צום טירל פון וואַגאָן. מיר שטייען אויפן וואַגאָן־בריקל, און קוים וואָס מיר האַלטן זיך אויף די פיס פון געלעכטער. ער איז אָבער ערנסט. די לאַנגע האָר צעוואָרפן אויפן שטערן, די אויגן טיף־פאַרזאָרגט און דאָס פּנים צערודערט. ער מאַכט צו אונדז מיטן שירעם:

— געדענקט זשע! אַז איר קומט אַהינצוצו, זאָלט איר גלייך קלאָפּן אַ דעפּעש, אַז איר זענט געקומען בלאַהאָפּאָלוטשנע! למען השם, אַ דע־פּעש!... טיסי, האָסט גוט באַהאַלטן די באַגאַזשנע קוויטאַנציע, צי ווער־וואָס?... בערקאָוויטש, היט דעם זייגער! איר פאָרט פאַרביי באַרדיטשעוו, קאָנט איר חלילה בלייבן אָן אַ זייגער!... מאַרוסי, צייל־איבער די פּעקלעך נאָך אַ מאָל! עס דאַרף זיין ניַין פּעקלעך! און אפשר צען? ניין, טאַקע עלף!...

דער צוג האָט זיך שוין גערירט, און שלום־עליכם לאָזט זיך גיין נאָך אונזער וואַגאָן און פאָכעט מיטן שירעם:

— פאָרט געזונט! גריסט אַלעמען! גאָר פריינדלעך! און, למען השם, אַ דעפּעש, גוואַלד, אַ דעפּעש!...

אָפּגעפאָרן פונעם באַנהויף, האָבן מיר געזען פון דער ווייטן, ווי שלום־עליכם קוקט אונדז נאָך איינער אַליין פונעם פּעראָן, בייגט זיך דאָרט צו דער ערד פון געלעכטער אין זיין איינזאַמער טרויעריקער פריילעכקייט.

ערשט אין האַרבסט, בעת איך בין שוין געווען צוריק אין אָדעס, איז ביי שלום־עליכמען אין שטוב געוואָרן לעבעדיק. פרוי שלום־עליכם איז געראָטן אויסצומיידן די שווערע אָפּעראַציע, אין מאָנטרע האָבן זיך אַ שאָט געטאָן, מער ווי אַלע מאָל, יידישע קור־געסט, צווישן זיי אַזעלכע, וואָס זענען ספּעציעל געקומען צו שלום־עליכמען אויף באַזוך — און שלום־עליכם איז פאַרן טרויעריקן זומער באַלוינט געוואָרן מיט עטלעכע טומלדיקע וואָכן. צווישן די גאָר־נאָענטע באַזוכער האָבן זיך

געפונען חיים טשערנאָוויץ („רב צעיר") און ד"ר גרשון לעווין פון וואַרשע, וועלכער האָט דעם דאָזיקן וויזיט זיינעם שפּעטער ברייט באַשריבן אין זיינע זכרונות וועגן שלום־עליכמען. עס איז אויך געקומען באַקענען זיך מיט שלום־עליכמען אַן אַמעריקאַנער טוריסט: דער ניו־יאָרקער משכיל און רייכער וויינהענדלער יצחק גאָלדבערג, וואָס איז יענע יאָרן געווען באַקאַנט אויף דער איסט־סאַיד. אַליין אַ גרויסער אָריגינאַל, אַ שאַרפער ווערטל־זאָגער און אַ פּאַראַדאָקסאַליסט, האָט ער ביי שלום־עליכמען שטאַרק אויסגענומען מיט זיין חריפותדיקער ניכ־טערער ליטווישער חכמה. אַריינגעפאַלן איז ער צו שלום־עליכמען מיט אַ דערקלערונג, אַז ער איז צו אים געשיקט פון מאַקסים גאָרקין. ווי אַזוי קומט ער צו גאָרקין? פשוט, ער איז גאָרקיס אַ הייסער חסיד, און וויבאַלד גאָט האָט אים געהאָלפן, ער איז צום ערשטן מאָל אויף זיין לעבן געווען אין איטאַליע, האָט ער פאַרקערעוועט אויפן אינזל קאַפּרי ספּעציעל אַ קוק טאָן אויף גאָרקין. זאָגט צו אים גאָרקי: „וואָס טויג אייך קוקן אויף אַ גויישן שרייבער? איר האָט דאָך דאָ ניט ווייט, אין דער שווייץ, אייער אייגענעם יידישן שרייבער — עליכם!"... (אַזוי האָט גאָרקי גערופן שלום־עליכמען, מיינענדיק, אַז „שלום" איז זיין ערשטער נאָמען און „עליכם" — דער צווייטער פאַמיליע־נאָמען).

פאַרן אָוועקפאָרן האָט גאָלדבערג אַרויסבאַקומען פון שלום־עליכמען אָט דעם כתב — אַ מין „סמיכות אויף הומאָר":

„בעזרת השם, כ"ו אלול ה'תרע"ב, מאָנטרע, שווייץ.

„איך גיב אַרויס אויף פּאַפּיר כתוב וחתום, אַז ס'איז אַריינגעקומען צו מיר אַ ייד פון ניו־יאָרק מיטן נאָמען יצחק גאָלדבערג און גענומען רעדן, דערציילן מעשיות און זאָגן משלים, האָב איך, שלום־עליכם, זיך געהאַלטן ביי די זייטן לאַכנדיק! —

שלום־עליכם".

געווען אויך יענעם האַרבסט אין מאָנטרע גאָר אַ געהויבענער קור־גאַסט — אחד־העם, וועלכער איז אַהין געקומען אויף אָפּרו פון לאָנדאָן. וויסנדיק, ווי אַזוי אחד־העם קוקט פון אויבן אַראָפּ אויפן „זשאַרגאָן" און באַציט זיך באַזונדער קאַלט צו שלום־עליכמס שטייגער שרייבן, בין

איך געווען טשיקאַווע צו פרעגן אין אַ בריוו, צי אחד־העם האָט שלום־עליכמען געמאַכט אַ וויזיט? האָט מיר דערויף שלום־עליכם געענטפערט: „אַדרבה, מיר זענען מיט אים אַפילו געוואָרן פריינד". איך האָב געהאַט אויך אַ באַריכט, אַז אחד־העם קומט אָפט אַריין צו שלום־עליכמען אין שטוב, זיי האָבן ביידע געמאַכט אַן אויספלוג איבער דער זשענעווער אָזיערע, און שלום־עליכם רופט אים צוליב קורצקייט „אחד" (אַפנים, אויפן שטייגער, ווי גאָרקי האָט אים אַליין גערופן „עליכם"). צו אברהם אליהו לובאַרסקין האָט שלום־עליכם דעמאָלט געשריבן וועגן אחד־העמען אַזוי: „ער איז טאַקע פרינציפיעל אַ געגנער פון „זשאַרגאָן", נאָר בעצם — און בסוד סודות — האָט ער ליב אַ יידיש וואָרט כלות הנפש, ווי אַן עכטער יאַהודי אַ יידיש צימעסל מיט אַ שטיקל ברוסט..."

## ח
# טויט־שרעק

אָנהייב יאַנואַר, 1913, האָט שלום־עליכם פאַרענדיקט זיין ראָמאַן „דער בלוטיקער שפּאַס", וועלכן ער האָט געשריבן אַ גאַנץ קיילעכיק יאָר. געוווינט האָט ער דעמאָלט אין דער שווייצאַרישער אוניווערסיטעט־שטאָט לאָזאַן, ווו ער האָט זיך באַזעצט מיט דער פאַמיליע אויפן ווינטער, האָבנ־דיק דערביי אַ צווייענדיקע כוונה: „פאַרהאַרטעווען" די אויסגעהיילטע לונגען אין אַ קילערן קלימאַט, און געבן דעם קראַנקן זון מישא די מעגלעכקייט צו באַזוכן אַן אוניווערסיטעט אין דער נאָענט פון די אַל־פּישע סאַנאַטאָריעס פאַר טובערקולאָז־קראַנקע. איצט, גרייטנדיק זיך אָפּצורוען אַ שטיקל צייט נאָכן ראָמאַן, איז ער אַרויפגעפאָרן צו ביי־יאָר הויך אין די אַלפּן־בערג, אין דעם קוראָרט לייזען, וווהין ער האָט מיטגענומען אויך דעם זון מישאַ.

אַלע מאָל, ביי אַ סיום פון זיינעם אַ ווייכטיקן ווערק, פלעגט שלום־עליכם אַזאַ מאָמענט באַצייכענען אין דעם אייגענעם היימישן קרייז מיט עפּעס אַ פייערלעכן אַקט. דאָס מאָל, פאַרענדיקנדיק איינס פון זיינע גרעסטע ווערק אין כמות, אַ ראָמאַן פון הונדערט עלף קאַפּיטלען, האָט ער געמאַכט אַ גאַנצן יום־טוב. ער האָט פאַרגעבן אַלע זיינע דערוואַקסענע קינדער אַ מין ליטעראַרישן קאָנטעסט: זיי זאָלן טרעפן, איידער דער עפּילאָג פונעם „בלוטיקן שפּאַס" וועט זיין געדרוקט אינעם „היינט", פאַר וועמען די יונגע העלדין פונעם ראָמאַן, בעטי שאַפּיראָ, וועט חתונה האָבן — פאַרן גויישן סטודענט פּאָפּאָוו, אָדער פאַר איינעם פון די יונגע יידישע פאַרשוינען? דאָס איז געוועזן אַן אמתער קאָנטעסט מיט פּרעמיעס: יעדן טרעפער האָט שלום־עליכם צוגעזאָגט מזומענע פּופּציק פראַנק. פאַרשטייט זיך, אַז אויך מיר אין אָדעס זענען אויפגעפאָדערט געוואָרן צו באַטייליקן זיך אין דעם דאָזיקן קאָנטעסט. דערביי האָט שלום־עליכם

אָנגעפּירט דאָס שפּיל זייער ערנסט: ער האָט אונדז געיאָגט דורך בריוו, מיר זאָלן וואָס גיכער אַרויסשיקן דעם ענטפער — אַניט, וועלן מיר חלילה פאַרשפּעטיקן. ער האָט געשריבן צו מיין פרוי: „פאַרוואָס זאָל בערקאָוויטש באַזונדער (אין אַ פאַרמאַכטן בריוו און אויף העברעאיש) ניט טרעפן? ער וועט אויך זיין באַרעכטיקט צו פופציק פראַנק. עס וואָלט געווען געוווּנטשן צו וויסן די מיינונג פון אַלע לעזער פונעם ראָמאַן; פאַרשטייט זיך, אָן דער פּרעמיע, וועלכע ווערט געגעבן נאָר צו די מיטגלידער פון דעם שרייבערס פאַמיליע, וואָרעם אַניט — ווי וועט ער נעמען אַזויפיל געלט? 100,000 עקזעמפּליאַרן [די דעמאָלטדיקע צירקולאַציע פון „היינט". — י. ד. ב.] ווערן געלייענט פון אַ האַלבן מיליאָן יידן; גערעכנט אויף 50 פראַנק, מאַכט עס אויס: 25,000,000 פראַנק. ווילן מיר זאָגן, אַז נאָר אַ העלפט וועט טרעפן, איז דאָס אויך 12,500,000 פראַנק. אַזאַ סומע וועט זיך ביי מיר קוים געפינען..."

דאָס שפּיל וואָלט מיר באַדאַרפט זייער געפעלן זיין — ס'איז געווען אין שלום־עליכמס פריילעכן, אויפטועריש גייסט. איז מיר אָבער ניט געפעלן געווען שלום־עליכמס האַנטשריפט אין די דאָזיקע אַלע בריוו: זיין שטענדיק עלעגאַנטער, קלאָרער, לייכט־לויפנדיקער כתב האָט זיך עפּעס פּלוצעם מאָדנע פאַרענדערט, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין צעקרימטע, צעבראָקלטע, נערוועז־צעדרייטע אותיות, וואָס האָבן מיך שטאַרק גע־שראָקן. איך האָב באַקומען אַ פאַרדאַכט, אַז עפּעס איז דאָרט ביי אים ניט כשורה, אַז הינטער דעם דאָזיקן פריילעכן שפּיל באַהאַלט ער אויס פון אונדז אַ שווערע איבערלעבונג. מיין אומרואיק פאַרגעפיל האָט מיך דעריבער אָפּגעהאַלטן פון אָפּצורופן זיך אויפן „קאָנטעסט". דערווייל האָט שלום־עליכם פאָרגעזעצט זיינס. ער האָט געשריבן צו מיין פרוי: „איך וואַרט אויף געלט פון יאַצקאַנען און וועל דיר אַרויסשיקן אין אַ רעגיסטרירטן בריוו פופציק פראַנק פּאַפּיר־געלט, און איך גיב דיר אַ געלעגנהייט גוט זיך רייצן מיט בערקאָוויטשן. לאָז ער ניט זיין קיין איינגעשפּאַרטער ליטוואַק און ענטפערן, אַז מע פרעגט אים!" און באַלד נאָך דעם איז געגאַנגען אַ צווייטער בריוו: „טייערע טיסיוניאַ! כאָטש דו ביסט אויפגעבראַכט אויף דער האַנדלונג פון מיין בעטין [די העלדין

פונעם „בלוטיקן שפּאָס" האָט חתונה געהאַט מיט פאַרן רוסישן סטודענט, וואָס האָט זיך געוואָלט מגייר זיין, נאָר פאַר אַן אומוויכטיקן פאַרשוין. — י. ד. ב.], פון דעסטוועגן האָסטו געטראָפן, און דעריבער קומט דיר פופציק פראַנק, וועלכע דו וועסט די טעג דערהאַלטן. און בערקאָוויטש האָט טאַקע אַרויסגעלאָזט פון האַנט פופציק פראַנק. רעכט אַף עם! ווי מע זאָגט אין סלוצק [מיין געבורטשטאָט. — י. ד. ב.], אָדער אַ מצוה, ווי מע זאָגט ביי אונדז..."

באַלד האָט זיך אַרויסבאַוויזן, אַז מיין אומרואיקייט איז געווען ניט אומזיסט. אינמיטן דער דאָזיקער פריילעכער קאָרעספּאָנדענץ האָבן אָנגעהויבן קומען פון שלום־עליכמען ספּעציעל צו מיר העברעאישע בריוו, וועלכע איך האָב באַדאַרפט אויסבאַהאַלטן פון מיין פרוי. אין די בריוו האָט ער געשריבן, אַז ער געפינט זיך ניט אין לייזען און ניט אין לאָזאַן, נאָר אין בערן, אין אַ קליניק פון אַ פּראָפעסאָר אַ מומחה, וווהין די מוטער האָט אים געבראַכט קוים אַ לעבעדיקן. עס איז אים פּלוצעם צוגעפאַלן אַ נייע, אומגעריכטע בלאָזן־שלאַפקייט, וועלכע די דאָקטוירים האַלטן פאַר אַ שאַרפע נירן־קראַנקייט און ראָטן אים אומגעזאַמט אָפּערירט צו ווערן. ער ליידט אומבאַשרייבלעכע ווייטאָגן און גייסטיקע יסורים, נאָר לאָזן זיך אָפּערירן וויל ער ניט, וואָרעם ער איז זיכער, אַז ער וועט די אָפּעראַציע ניט איבערלעבן.

דער טאָן פון די בריוו איז געווען עפּעס גאָר אַ פרעמדער פאַר שלום־עליכמס סטיל, אַ מאָדנע פיינלעכער — אַזוי ווייִמוטיק, טיף־פאַרצווייפלט און קינדעריש־אומבאַהאָלפן האָט ער נאָך קיינמאָל ניט געשריבן. דערהויפּט האָבן מיך איבערראַשט זיינע ווענדונגען צו מיר. איין בריוו האָט ער אָנגעהויבן מיט די ווערטער „בני יקירי אמצתי לי", וואָס אין פשוטער איבערזעצונג הייסט עס: „מיין טייערער זון, וואָס איך האָב מיר אַדאָפּטירט". איך האָב אין דעם דערפילט ניט סתם אַ פאָטערלעכע סענטימענטאַלע מליצה, נאָר עפּעס, וואָס האָט געקלונגען מיט געזעגענען זיך פאַרן טויט, מיט לשון צוואה... נאָך מער האָט מיך צערודערט אַ צווייטער העברעאישער בריוו, וועלכער האָט זיך אַזוי געלייענט: „זון מיינער, זון מיינער, בערקאָוויטש מיין טייערער! פאַריקע נאַכט האָב

איך געגידערט אין קבר. ס׳איז געווען אַ טראַט צווישן מיר און דעם טויט. איך האָב פיל געשריען און נאָך מער געוויינט, וואָס איך וועל ניט זען טיסין איידער איך שטאַרב. — — —. איך בין מיך כלל ניט מצער, וואָס מיין לעבן ווערט איבערגעשניטן. וואָרעם איך האָב גענוג געלעבט, אויך אַ סך כבוד געהאַט ביים לעבן, און אויך אַ שטיקל ירושה האָב איך איבערגעלאָזט אויף נאָך מיין טויט פאַר מיין פאָלק, וואָס איך האָב ליב געהאַט מיט גרויסער ליבשאַפט. אָבער — אָט די יונגע שעפעלעך, וואָס האָבן זיי געזינדיקט? און די שעפעלעך זענען נאָך זייער יונג! תמרה און בעלאַ וועלן מיך שוין גאָרניט געדענקען. און אַפילו נומאַ האָט נאָך ניט דערגרייכט צו בר־מצוה. און מיין פרוי, די געליבטע פון מיין זעל, ווײ, וואָס וועט מיט איר זיין? — — —. גריס מיינע פריינד ביאַליק און ראַווניצקי און אַלע אונדזערע אייגענע מענטשן. עס פאַרדריסט מיך זייער, וואָס איך האָב דאָ ניט קיינעם, וועמען איך זאָל קאָנען דיקטירן מיינע לעצטע ווערטער. אַ מענטש איז אַזוי נאַריש, וואָס ער לייגט אָפּ פון טאָג צו טאָג שרייבן זיין צוואה. — — —״. און געחתמעט האָט ער דעם בריוו מיט דעם נוסח, ווי מע שרייבט אונטער אַ צוואה: „דיין פאָטער, וואָס שרייבט מיט אַ צעבראָכענעם געמיט, אָבער ביים קלאָרן פאַרשטאַנד״.

זעקס וואָכן איז שלום־עליכם אָפּגעלעגן אין בערן אין גרויסע פיזישע יסורים און נערוועזע אַנגסטן — דערהויפּט אין טויטלעכן שרעק, טאָמער וועט ער מוזן דורכמאַכן די געפערלעכע אָפּעראַציע, אויף וועלכער אַ באַ־רימטער שווייצאַרישער כירורג (פּראָפעסאָר קאָכער) איז באַשטאַנען. פאַר די דאָזיקע זעקס וואָכן איז ער אין בערן דווקא ניט געווען אַזוי עלנט, ווי ער האָט זיך געקלאָגט אין זיינע בריוו. ער איז דאָרט די גאַנצע צייט געווען אַרומגערינגלט פון אַ וואַרעמער גרופּע געטרייע פריינד, יידישע שריפטשטעלער און סטודענטן, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען ד״ר חיים טשערנאָוויץ און ש. ניגער (ניגערן האָט שלום־עליכם, ביי זיין קראַנק־ווערן, געשריבן, אַז ער פאָרט זיך היילן בעסער אין בערן, ווי אין לאָזאַן — „ווייל טאָמער מאַך איך מניה וביה אַ שטאַרב, וועל איך אין בערן האָבן אַ שענערע לוויה, ווי אין לאָזאַן. דאָרט איז ניטאָ קיין

יידן. עטלעכע סטודענטלעך, קיי און שפּיי...״). דערצו האָבן די יידישע צייטונגען אין רוסלאַנד, און אויך די רוסישע פּרעסע אין די גרויסע יידישע צענטערס, אַרויסגעוויזן גרויס אויפמערקזאַמקייט צו זיין קראַנ־קייט. גרייטנדיק זיך צו דאָס ערגסטע, האָט שלום־עליכם פון דעסטוועגן, ליגנדיק אין בעט, אַריינגעכאַפּט אַ שטיקל אַרבעט — ער האָט זיך ווידער גענומען שרייבן זיין אויטאָביאָגראַפיע, וועלכע ער האָט מיט פינף יאָר צוריק, ביי זיין ערשטן קראַנק ווערן, אָנגעהויבן שרייבן אין נערווי. צווישן איין ווייגעשריי און דעם אַנדערן האָט ער מיר געלאָזט וויסן מיט ניט־באַהאַלטענער פרייד, אַז עס שרייבט זיך אים זייער לייכט. און אַז „די קאַפּיטלען לייענען זיך ווי אַ ראָמאַן״...

די אָדעסער שרייבער־משפּחה איז פון שלום־עליכמס קראַנקייט גע־ווען שטאַרק צערודערט, דערהויפּט נאָכדעם ווי ס׳איז באַקאַנט געוואָרן, אַז שלום־עליכם האָט אָנגעשריבן דעם זיידן מענדעלע אַן אָפּשייד־בריוו. אַז איך בין געקומען צום אַלטן זיידן, האָב איך אים געטראָפן זייער נידערגעשלאָגן.

— ער האָט מיר גאָר דעם קאָפּ אַראָפּגענומען! — האָט ער זיך געקלאָגט. — איך האָב אַ גאַנצע נאַכט ניט געקאָנט צומאַכן מיט קיין אויג... הערט אַ מעשה! אַז שלום־עליכם זאָל שוין קאָנען שרייבן אַזאַ בריוו — איז פע, ניט גוט!... „גוואַלד, שרייט ער, זיידע, איך שטאַרב!״... פע! פע! וואָס איז דאָס פאַר אַ לשון? ווי קומט דאָס צו אים?... ער האָט מיר גאָר דעם קאָפּ אַראָפּגענומען!...

ער איז געזעסן ביי זיין גרויסן שרייבטיש אַיינגעוויקלט אין דער ווינטערדיקער פּאַטשיילע, אַ פאַרוואָלקנטער, מיט האַלב־צוגעמאַכטע אויגן, און גערעדט ווי פאַר זיך:

— זיי זאָגן דאָך שוין אַלע איצט: זיידע, זיידע... מילא, מאַכטייסע, זייער פיין, איך האָב צו זיי גאָרנישט... אַדרבה... דער אמתער אייניקל איז דאָך אָבער פאָרט ער!... נאָך פון גאָר די ערשטע יאָרן!... עפּעס אַ קלייניקייט — ביי מיר שלום־עליכם!... און ווען ווייזט זיך עס אַרויס? טאַקע אין אַן עת צרה... ווי אַן אייגן קינד פעסטעט ער זיך פאַר מיר... האָסטו געהערט אַ ביסל? ער האָט מיך גערירט ביז טרערן, כלעבן!...

אַז איך האָב אים געבעטן, ער זאָל אָנשרייבן שלום־עליכמען עטלעכע ווערטער און אים באַרואיקן, האָט ער מיך אָנגעקוקט כמעט ווי ברוגזלעך:

— מענטש איינער, ווי קאָן איך? ס'איז דען עפּעס גאָר אַ קאַטאָוועס זיך אַוועקזעצן אין אַזאַ צושטאַנד שרייבן בריוולעך?... בפרט, אַז איך אַליין בין אויך קראַנק און צעבראָכן, און דאָס טינטערל שטייט שוין ביי מיר לאַנג פאַרטריקנט...

פון דעסטוועגן האָט מענדעלע זיך געשטאַרקט און אָנגעשריבן דעם קראַנקן „איינִיקל" אַ בריוו. וואָרעם קורץ נאָך דעם האָט אונדז שלום־עליכם געשריבן: „אַך, וואָס פאַר אַ ליבן בריוו איך האָב נעכטן באַקומען פונעם „זיידן", און ווי אַזוי איך האָב געוויינט! מיר וועלן דאָס דער־ציילן אין פריידן..."

[צום באַדויערן, זענען יענע ביידע בריוו, שלום־עליכמס און מענ־דעלעס, ביז אַהער ניט אָפּגעזוכט געוואָרן].

עס האָט שוין אָבער טאַקע געהאַלטן ביי „דערציילן אין פריידן". די קראַנקייט האָט ביסלעכווייז אָפּגעלאָזט, די געפאַר פון אַ באַלדיקער אָפּעראַציע איז פאַרשוווּנדן, און שלום־עליכם איז ווי פון טויט לעבעדיק געוואָרן. איצט זענען שוין געגאַנגען פון אים צו מיר גאַנץ אַנדערע בריוו, און שוין ניט אין העברעאיש, אַפילו ניט אין רוסיש, ווי ער איז געוווינט געווען אין זיין פאַמיליען־קאָרעספּאָנדענץ, נאָר דווקא אין יידיש — אין זיין אינטימסטער שפּראַך. איינער פון יענע בריוו איז געווען אַ שאַלנדיקער לויב־געזאַנג צום ווידערגעשענקטן לעבן, פול מיט ליכטיקער פרייד און נייער האָפענונג פון איינעם, וואָס איז אָקאָרשט אויפגעשטאַנען תחית־המתים:

„בערן, 26טן פעברואַר, 1913.

„בני יקירי אשר אהבתי דוב שיחי'.

„איך שרייב שוין ניט העברעאיש, ווייל טאָמער וועט דאָס מוזן מגולגל ווערן צו טיסין. — — —. איך בין שוין אויפגעשטאַנען און וועל שוין היינט שפּאַצירן אויף דער גאַס, און בין שוין אַ מענטש, און איך לאַך שוין הויך, און איך האָב שוין ווידער האָפענונג צו לעבן און שרייבן און פאָרן און אַלצדינג, כאָטש איך דאַרף מיך נאָך, נאַטירלעך, היילן.

אָבער די היילונג קאָן מען שוין אין דער היים פאָרטזעצן. און מיין פרייד האָט ניט קיין שיעור, אַז איך דערמאָן זיך, אַז כ׳וועל אַייך נאָך אַלעמען קאָנען זען, און מיט תמרהן רעדן, און בעלן אויף די הענט האַלטן, און מיט טיסין שפּאַצירן, און מיינע ביכער לעזן, און מיט גוטע פריינד אפשר נאָך אַ גלעזל וויין טרינקען, און דאָס פּובליקום, וואָס האָט מיך ניט פיינט, צו באַגריסן און לאַכנדיק מאַכן — הכלל, נאָך אַ גרויסע וועלט שטייט־פּאַר, און איך בין געווען על [עברי] פּי פּחת, שטאַרק פאַרצווייפלט און כמעט פּאַרטיק זיך געזעגענען מיט דער זון, וועלכע איך האָב אַזוי ליב, און מיטן הימל, וואָס דאַכט זיך מיר אויס, אַז ער איז מיינער, און מיט דער ערד, וואָס טראָגט מיך אַזוי געדולדיק, און מיט די מענטשן, וואָס איך האַלט זיי אַלע כמעט פאַר מיינע נאָענטע און געטרייע. די צוואה שרייבן האָב איך שוין ווידער אָפּגעלייגט, און ס׳איז אַ נאַרישקייט. איך קוש אַייך, טיסין און תמרהן.

אָביך שלום״.

פון בערן איז שלום־עליכם סוף פעברואַר געפאָרן, אין דער באַגלייטונג פון זיין פרוי, קיין ווין, צום באַרימטן פּראָפעסאָר צוקערקאַנדעל, און יענער האָט פון אים „דעם קאָשמאַר פון אַן אָפּעראַציע״, ווי עס האָט געהייסן ביי שלום־עליכמען, איינגאַנצן אַראָפּגענומען. ער האָט אים פּעסט דערקלערט, אַז ער איז ניט קראַנק — ער איז נאָר נערוועאיש צעשרויפט, איבערגעמידט פון לאַנגער אָנגעשטרענגטער אַרבעט, און ער דאַרף רוען, עטלעכע חדשים ניט שרייבן. ער האָט אים אויף אָפּרו געשיקט אין זיין אַלטן ליבן וואַרעמען ווינקל — קיין נערווי.

אין נערווי האָט שלום־עליכם אָפּגעלעבט, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט אין אַ בריוו, „ווי אַ געכאַפּט פישל, וואָס מע האָט עס צוריק אַראָפּגעלאָזט אין ים״. ער האָט אונדז פון דאָרט אַזוי געשריבן (דאָס מאָל אין רוסיש):

„וועגן זיך קאָן איך שרייבן, אַז איך וועל צוריק געזונט. — — —.

איך וועל אינגיכן מסתמא פאַרגעסן, אַז איך בין אַמאָל געווען אין בערן און פלעג וויינען יעדן טאָג, אינדערפרי און אינאָוונט, הויך אויפן קול

צוויי שעה נאָכאַנאַנד. ס'איז געגוג געווען, איך זאָל מיך דערמאָנען עפּעס אַ וואָרט, וואָס טאַמאַרקע צי בעלקע האָבן ווען־עס־איז אַרויסגעזאָגט — און טרערן פלעגן זיך שוין גיסן. אָט די אַלע טעג, וואָס איך בין דאָ, האָב איך נאָך קיין איין שורה ניט אָנגעשריבן. איך האָב אַבסאָלוטע רו. די מאַמע זאָגט, אַז ביז וואַנען איך וועל ניט צונעמען די דריי און אַ האַלב קילאָ, וואָס איך האָב אַוועקגעגעבן אין בערן, וועט זי מיך ניט לאָזן אַרבעטן. נו, דאָס וועלן מיר נאָך זען! מיר וועלן זי איינבעטן. אָט איז שוין דאָס צווייטע מאָל, וואָס די מאַמע ראַטעוועט מיך אַרויס פון די נעגל פונעם מלאך־המוות. ווו וואָלט איך אַצינד אָנגעשפּאַרט, ווען ניט די מאַמע! נאָר לאָמיר רעדן פון פריילעכערעס — — —".

ט

# דער צווייטער „מנחם־מענדל"

דעם נדר, וואָס שלום־עליכם האָט אויף זיך גענומען נאָך זיין נערוועזן צוזאַמענבראָך, ניט צו שרייבן עטלעכע חדשים נאָכאַנאַנד, האָט ער לאַנג ניט אויסגעהאַלטן. פון די קאַרגע צוויי חדשים, וואָס ער האָט פאַרבראַכט מיט זיין פרוי אין נערווי (מערץ — אַפּריל, 1913), האָט ער באמת גערוט נאָך עטלעכע וואָכן, דערביי האָט ער יעדן טאָג אין זיינע בריוו צו אונדז זיך געקוויקט דערמיט, וואָס ער ווערט צוריק געזונט, באַקומט צוריק די פאַרלאָרענע כוחות, און האָט שטאַרק באַטאָנט אין יעדן בריוו, אַז ער רוט, ער טוט ניט קיין פינגער אין קאַלט וואַסער אַריין. „איך שרייב נאָך גאָרנישט, גאָרנישט. איך רו נאָר, שפּאַציר אויף דער מאַרינע, שלאָף, פיר אַ לעבן, צו וועלכן איך בין גאָרניט געוווינט..." עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז מיט זיין גאָרנישט־טאָן באַרימט ער זיך פונקט אַזוי, ווי ער האָט ליב געהאַט זיך באַרימען און שטאָלצירן מיט זיין גרויסן אַרבעטס־פליים. ס'איז פאַר אים געווען אַ מין נײַ, טשיקאַווע שפּיל, וואָס איז אויך כדאי צו פאַרזוכן. „איך וויל כאָטש איין חודש אין לעבן, — האָט ער אונדז געשריבן, — אַ גאַנצן חודש, זיין פולשטענדיק אַ פרייער מענטש. איך וויל זען, ווי אַזוי וועט דאָס אַרויס־קומען?"... אין אַן אַנדער בריוו האָט ער אונדז דערציילט: „איך האָב געוואָלט אויף פורים אָנשרייבן אַ פעליעטאָן, נאָר איך האָב געוואָרפן אין אָנהייב אַרבעט. איך דאַרף רוען..."

דאָס נייע „שפּיל" פון גאָרנישט־טאָן האָט אים אָבער גיך דערעסן. די צוויי חדשים רו, וואָס דער ווינער פּראָפעסאָר האָט אים פאַרשריבן, זענען שוין רעדוצירט געוואָרן אויף איין חודש — און דעם איין חודש האָט ער אויך קוים אויסגעהאַלטן. ניט־שרייבן איז פאַר אים געווען ניט קיין אָפּרו, נאָר אַן אָפּקומעניש — אַן אויסגעליידיקט, אומעטיק לעבן.

„וואָס הייסט ניט שרייבן? — האָט ער יענעם ווינטער געפרעגט אין איינעם פון זיינע בריוו צו ש. ניגערן. — ווי שטייט עס אויף אַ מענטש אין דער פרי, עסט און טרינקט, גייט־אַרום — און שרייבן שרייבט ער ניט? ווי איז דאָס מעגלעך? קאָן עס אויסגעהאַלטן ווערן? קאָן מען לאַנג אָט אַזוי לעבן? גאָרנישט ניט טאָן — אַ מאָדנע מין לעבן! איך פאַרשטיי עס נאָך ניט מיט מיין שכל. אפשר וועט קומען אַזאַ צייט אויף אויף מיר — דערווייל נאָך ניט געקומען. איך זע ניט אין דעם קיין נחת...״

און כך הוה. גאָר אינגיכן, נאָר איבערגעכאַפּט אַ ביסל דעם אָטעם, האָט זיך שלום־עליכם ווידער גענומען צו זיינע קליינע יאַפּאַנישע בלאָק־נאָטלעך מיטן דינעם הימל־קאָלירדיקן שרייב־פּאַפּיר — ער האָט זיך פאַמעלעך פאַרטיפט אין זיין אויטאָביאָגראַפיע (אונטערן טיטל „טריט ביי טריט״), וועלכע ער האָט אָנגעהויבן שרייבן קראַנקערהייט אין דער בערנער קליניק. לכתחילה האָט ער די אויטאָביאָגראַפיע געשריבן פאַר זיך אַליין, אָן פּראַקטישע אויסזיכטן, ניט האָבנדיק קיין פּלאַץ, ווו זי צו פאַרווענדן (יאַצקאַן, דער רעדאַקטאָר פונעם „היינט״, האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט צו נעמען עס פאַר זיין צייטונג). באַלד אָבער האָט זיך אויף דעם געפונען אַן אויסטערלישער בעלן פון גאָר אַן אומגע־ריכטער זייט.

דער בעלן — דאָס איז געווען שלום־עליכמס שכן פון לאָזאַן און זיין ניי־דערוואָרבענער פריינד, דער קאַווקאַזער נאַפט־מאַגנאַט שמואל שרירא, וואָס האָט צו יענער צייט זיך געפונען ביי זיך אין דער היים אין באַקו. דערוווסט זיך פון שלום־עליכמס אַ בריוו, אַז ער שרייבט זיין לעבנסגעשיכטע און האָט פאַר איר קיין פּלאַץ ניט אין די יידישע צייטונגען, האָט עס שריראַן, אַ מענטשן מיט גוטע אימפּולסן, נאָר מיט פאַרדרייטע „מנחם־מענדלשע״ איינפאַלן, פּלוצעם אַ הייב געטאָן: סטייטש. מע זאָל בראַקירן מיט דער אויטאָביאָגראַפיע פון אַזאַ שרייבער, ווי שלום־עליכם! אַזעלכעס איז דאָך ניט געהערט געוואָרן ביי קיין שום אומה ולשון!... ער האָט גלייך פאָרגעשלאָגן שלום־עליכמען, אַז ער קויפט ביי אים אָפּ זיין אויטאָביאָגראַפיע; ער וועט אים צאָלן מאָנאַטלעך דריי הונדערט רובל פונעם בויגן און וועט פון דעם בוך, מיט גאָטס הילף,

מאַכן, טאַקע לטובת דעם מחבר, אַ גאָלדן געשעפט — לאָז זיך נאָר שלום־עליכם אינגאַנצן אויף אים פאַרלאָזן, ער ווייסט, ווי אַזוי צו פירן געשעפטן!... שלום־עליכם האָט זיך אָן דעם אָנגעכאַפּט — דאָס איז געווען פונקט אַזעלכעס, וועגן וואָס ער האָט שוין לאַנג געחלומט. ער האָט אונדז געשריבן: „ענדלעך האָט זיך אָפּגעזוכט אַ יידישער מעצע־נאַט!"... דערצו זענען די פאָרגעלייגטע דריי הונדערט רובל אַ חודש אַצינד געווען אַ זאַך אין צייט: די עטלעכע חדשים פון זיין קראַנקייט אין בערן און אין ווין האָבן זיך שטאַרק געלאָזט פילן אויף זיין בודזשעט. אַזוי אַז ער האָט נאָך פריער געמוזט נעמען ביים זעלבן שרירא אַ גמילות־חסד פון טויזנט רובל (וועלכע ער האָט פּינקטלעך אָפּגעשיקט צום טערמין פון זיין קינפטיק־יעריקער הכנסה). און דאָ האָט זיך פאַרבונדן צווישן אים מיט שריראן אַ זייער טשיקאַווע קאָרעספּאָנדענץ: שלום־עליכם האָט געזוכט אויפצוקלערן זיין פריינד, דעם רייכן קאַווקאַזער סוחר, אַז די אויטאָביאָגראַפיע איז ניט קיין קאַווקאַזער נאַפט, קיין גאָלדענע געשעפטן וועט ער מיט איר ניט מאַכן; דאָס איינציקע, וואָס ער קאָן דערביי טאָן, איז נאָר צו זיין אַ מעצענאַט — „דער ערשטער יידישער מעצענאַט"... האָט שרירא אָבער געטענהט: ניין! ער איז ניט קיין מעצענאַט — ער איז נאָר אַ פּראַקטישער סוחר. ער וויל איין מאָל פאַר אַלע מאָל באַווייזן שלום־עליכמען, אַז ער האָט זיין גאַנץ לעבן געהאַנדלט, ער זאָל אים מוחל זיין, ווי זיין אייגענער העלד מנחם־מענדל, פאַרקויפט זיינע גאָלדענע פּירות פאַר גאָרנישט, זיך געלאָזט אָפּנאַרן פון די צייטונגען און פאַרלעגער פון קאָפּ ביז די פיס. אָט וועט ער אַרויס מיט שלום־עליכמס אויטאָביאָגראַפיע אויף דער יידישער „ליטע־ראַטור־בערזע" אין וואַרשע און אין ניו־יאָרק, — וועט ער אים באַווייזן, ווי טייער מע וועט צאָלן פאַר אַזאַ זעלטענעם אַרטיקל! מיט אים, מיטן סוחר, וועט מען רעדן אַנדערע דיבורים — אים וועט מען דאָך ניט איבערשרעקן מיט הונגער און נויט!... דערויף האָט אונדז שלום־עליכם געשריבן: „ווי יעדער מעצענאַט, איז ער דערצו זייער נאַאיוו"... (אַפּנים, ער האָט זיך דערמאָנט אָן זיין אייגענער מעצענאַטעריי אין די גוטע, נאַאיווע יאָרן פון דער „פאָלקסביבליאָטעק"). און שריראן האָט ער אויף

זיינע פלענער געענטפערט אַזוי: „איר בעט מיך, איך זאָל ניט זיין ברוגז, וואָס איר רופט מיך מנחם־מענדל. איך וועל אייך בעטן, איר זאָלט קיין פאַראיבל ניט האָבן, וואָס איך רוף אייך מעצענאַט...״

דער סוף איז געווען, אַז שרירא האָט זיך פאַרעסקט אין זיינע אייגענע נאַפט־געשעפטן און אינגאַנצן פאַרגעסן אָן דעם גאָלדענעם געשעפט פון שלום־עליכמס אויטאָביאָגראַפיע, און ממילא האָט ער שוין אויך ניט יעדן חודש זיך דערמאָנט אַרויסצושיקן די דריי הונדערט רובל. דאָס האָט געפירט דערצו, אַז אויך שלום־עליכם האָט איבערגעריסן זיין אויטאָביאָגראַפיע אין רעכטן מיטן, האָבנדיק אָנגעשריבן עטלעכע צענדליק קאַפּיטלען; ער האָט זיך אומגעקערט צו איר, שוין אין דער לעצטער באַאַרבעטונג, אונטערן טיטל „פונעם יאַריד״, ערשט מיט אָנדער־האַלבן יאָר שפּעטער, אין ניו־יאָרק.

דערווייל איז שלום־עליכם ביסלעכווייז ווידער אַריינגעצויגן געוואָרן אין זיין טאָג־טעגלעכער אינטענסיווער ליטעראַרישער אַרבעט. שרייבן נאָר די אויטאָביאָגראַפיע אַליין און לאָזן זיך באַנוגענען דערמיט, וואָס ערגעץ אינעם ווייטן קאַווקאַז, ביי שריראן אין טיש־קעסטל, זאַמלען זיך די קאַפּיטלען — דאָס איז פאַר אים קיין תכלית ניט געווען. עס האָט אים ווידער גענומען ציען צום ברייטן לעבעדיקן עולם, פאַר וועמען ער האָט זיך ניט באַוויזן שוין באַלד פיר חדשים, זינט ער האָט פאַרענדיקט אינעם „היינט״ זיין „בלוטיקן שפּאַס״. איצט אָבער, נאָך שאַרפער ווי פריער, האָט זיך געשטעלט די פראַגע: וואָס זאָל ער אַזעלכעס שרייבן פאַרן „היינט״, אַז יאַצקאַן זאָל עס וועלן געברויכן? וואָרעם אָט האָט יאַצקאַן ווידער אויפגעוועקט זיין אַלטן חלום, אַז שלום־עליכם מוז אַרויספירן אינעם „היינט״ זיין מנחם־מענדלען ווי אַ „פּאָליטיקער״ — אַלס קאָנ־קורענט צום חסידישן יונגנמאַן יאושזאָן, וואָס שרייבט אַלע פרייטאָג אינעם „מאָמענט״ זיינע בית־מדרשדיקע פּעליעטאָנען, די „איבערגענו־מענע פּאָליטישע בריוו״. ער איז צוגעשטאַנען צו שלום־עליכמען מיט בריוו, איינע נאָך די אַנדערע, אַז איצט איז דאָס פאַר דער ציישונג פשוט אַ לעבנספראַגע. דער ערפאָלגרייכער רעדאַקטאָר האָט זיך ניט גע־שעמט מודה צו זיין, אַז יענער „בחור״ פונעם „מאָמענט״ האָט פאַרכאַפּט

אַלע לעזער פון פוילן און „אוגראַזאַיעט״ (דראָהעט) דעם „היינט״ מיט פאַרניכטונג. ס׳איז אַן עת־צרה — און די גאַנצע וועלט זאָגט, אַז שלום־עליכם איז דער איינציקער, וואָס קאָן דורך זיין מנחם־מענדלען געבן ראַטונעק... איצטיקס מאָל האָט שלום־עליכם זיך געלאָזט איינרעדן. ער האָט מיר צוגעשיקט יאַצקאַנס בריוו און זיך מיט מיר מיישב געווען: וואָס ענטפערט מען אים דערויף? און איך דאַרף מיך דאָ מודה זיין, אַז אַ ביסל האָב איך אויך גורם געווען דערצו, שלום־עליכם זאָל אַרויספירן מנחם־מענדלען אינעם „היינט״ — כאָטש ניט אין אַזאַ געשטאַלט, ווי יאַצקאַן האָט אים געוואָלט זען. איך האָב אַ טראַכט געטאָן, אַז נאָך דער גרויסער צעטרייסלונג, וואָס שלום־עליכם האָט ערשט דורכגעמאַכט דורך זיין קראַנקייט, וועט פאַר אים אַ וועכנטלעכער פעליעטאָן אין דער פאָרם פון מנחם־מענדלס בריוו זיין לייכטער פון אַנדערע ליטעראַרישע אַרבעטן און וועט פאָדערן פון אים אַ קלענערע אָנשטרענגונג. שלום־עליכם האָט זיך ווי דערפרייט מיט מיין מיינונג און האָט יאַצקאַנס פאָרשלאָג ענדלעך אָנגענומען. ער האָט אונדז געשריבן: „איך האָב אים געענט־פערט — — —, אַז איך בין מסכים, און האָב צוגעגעבן, אַז איך גיי־אַיין אויף דעם דערפאַר, וואָס בערקאָוויטש האָט גערעדט נעמען זיך פאַר מנחם־מענדלען. זאָל יאַצקאַן וויסן, אַז בערקאָוויטש איז אים ניט קיין שונא, נאָר אַ פריינד״...

ער איז אָבער דאָך צוגעטראָטן צו דער אַרבעט אָן איבעריקן חשק. ער האָט אונדז וועגן דעם אַזוי געשריבן (אויף רוסיש): „פון יאַצקאַנען באַקום איך זייער ווייכע בריוו, וועלכע דערמאָנען וועגן מנחם־מענדלען. נאָר איך, דעם אמת זאָגנדיק, קווינקל נאָך אַלץ: מנחם־מענדל איז דאָך אַ פיגור אַ באַוועגלעכע. ווי אַזוי וועל איך אים אָוועקזעצן צום רעדאַקציע־טיש און צווינגען איבערגיסן פון פוסטן אין ליידיקן? די ערשטע בריוו וועלן נאָך זיין ווי־עס־איז. אָבער ווייטער וואָס? איך האָב מורא, איך זאָל ניט בלייבן זיצן אין קאַלאָש״ (אויף יידיש הייסט עס: בלייבן שטעקן אין אַ בלאָטע)...

דער פּלאַן איז געווען, אַז מנחם־מענדל, וואָס האָט זיך אָנגעפּלאָגט אין אַמעריקע און צו גאָרנישט דערשלאָגן זיך, פאָלט־אַריין צוריקוועגס

אין וואַרשע, ווערט אַ רעדאַקציע־מענטש אינעם „היינט" און שרייבט פון דאָרט בריוו צו שיינה־שיינדלען זיין ווייב וועגן פּאָליטיק און קהלשע ענינים, וואָס ווערן באַהאַנדלט אין דער צייטונג, און שיינה־שיינדל פון איר זייט שרייבט אים אויף איר שטייגער, ווי אַזוי דאָס לעבן גייט אַצינד אין כתרילעווקע — אין דער פּראָווינץ הייסט עס. האָב איך אין אַ בריוו צו שלום־עליכמען געפּרווּוט פאַרברייטערן דעם פּלאַן, אַז מנחם־מענדלס טועכץ דאַרף באַשטיין ניט אין שרייבן פּאָליטישע חקירות, וואָס עס פּאַסט זיך ניט צו זיין כאַראַקטער, נאָר ער אַליין, מיט זיין לופט־פליערישן אימפּעט, דאַרף ווערן אַ קהלשער טוער, מישן זיך אין כלל־זאַכן, אין ציוניזם, אין ליטעראַטור, אין געזעלשאַפטלעכע ענינים, און דערמיט אָפּשפּיגלען אין אַ קרומען שפּיגל דעם גייסטיקן „מנחם־מענדע־ליזם" פון דער יידישער וועלט. עס וועט אויף אַזאַ אופן געשאַפן ווערן אַ נייער קאַפּיטל פון מנחם־מענדלען — מנחם־מענדל אַלס גייסטיק־געזעלשאַפטלעכער בעל־חלומות. דערויף האָט מיר שלום־עליכם געענט־פערט: „אייער בריוו האָט פּונקט צוגעטראָפן צו מיינע פּלענער. איך האָב שוין אָפּגעשיקט אין דער רעדאַקציע צוויי בריוו מנחם־מענדלס — און ווי מיר וואָלטן זיך מיט אייך, טייערער בערל, צונויפגערעדט. ווירק־לעך, מנחם־מענדל האָט מיך שוין פאַרכאַפּט, און איך זע פאָרויס פאַר אים אַרבעט ניט נאָר אויף איין יאָר — אַבי געזונט — אויף צוויי, דריי יאָר, און אַפילו אויף מער, פאַרשטייט זיך, אין פאַרשיידענע פאַזעס און אַנטפּלעקונגען. דערווייל זיצט ער ביי מיר אין דער רעדאַקציע און שאַפט זיך מיטן גורל פון די פעלקער און פונעם פאָלק ישראל, אַקוראַט ווי איר האָט נביאות געזאָגט. — — —. הכלל, איך האָב געטראָפן אין פּינטל אַריין און געפינען מיך אַצינד אויפן רעכטן וועג, און איך בין זיכער, אַז מנחם־מענדלס בריוו וועלן מאַכן אַ פוראָר, און יאַצקאַן וועט זיך רייבן די הענט און זיך צופען דאָס בערדל..."

איך ווייס ניט, צי דער רעדאַקטאָר פונעם „היינט" האָט זיך פון מנחם־מענדלען געריבן די הענט, וואָרעם נאָך די ערשטע עטלעכע בריוו, וואָס האָבן זיך געלייענט פריש און לעבעדיק, דערמאָנט דעם אַלטן הומאָ־ריסטישן חן פון דעם ערשטן מנחם־מענדל, — האָט זיך שלום־עליכם

פאַר אונדז געקלאָגט, אַז ער הערט ניט פון דער רעדאַקציע קיין שום אָפּקלאַנג. ווי אַזוי דערקלערט מען אַזאַ פּירונג? עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד האָט זיך דער רעדאַקטאָר ביי אים געבעטן רחמים, ער זאָל אים ראַטעווען, און לסוף, אַז ער האָט אים צוליב געטאָן — האָט ער אָנגענומען אַ פול מויל מיט וואַסער און שווייגט!... ערשט העט אין וואָכן אַרום, נאָכדעם ווי שלום־עליכם האָט זיך דערפון גוט אויסגעגעסן דאָס האַרץ, איז אָנגעקומען פונעם רעדאַקטאָר אַ זווערער בריוו, אַז מנחם־מענדל איז ניט דאָס, וואָס ער האָט געמיינט — עס קומט ניט צו יענעם ערב־שבתדיקן צימעסל, וואָס יענער „בחור" שטעלט־צו אינעם „מאָמענט". יענער שרייבט ערנסטע פּאָליטיק, נאָר מיטן לשון און מיטן ריח פון אַ בית־מדרשניק, און מנחם־מענדל מאַכט גאָר חוזק אי פון דער פּאָליטיק, אי פון זיך אַליין, אי אַפילו פון דער רעדאַקציע. דערהויפּט איז ניט גוט, וואָס שלום־עליכם האָט זיך ניט מיישב געווען מיטן רעדאַקטאָר און האָט מנחם־מענדלען געמאַכט פאַר אַ מיטגליד פונעם „היינט". ווען ער פרעגט אים, דעם רעדאַקטאָר, וואָלט זיין עצה געווען, אַז מנחם־מענדל דאַרף זיין אין דער רעדאַקציע נאָר אַ לאַקעי, וואָס דרייט זיך אַרום ביי דער טיר. וואָרעם ווי פּאַסט עס גאָר פאַר דער וועלט, אַז אַ מיטגליד פונעם „היינט" זאָל זיך אַרויסווייזן פאַר אַזאַ עם־הארץ און אַזוי ווילד פּאַרדרייען ערנסטע ענינים פון דער פּאָליטיק?...

דער דאָזיקער בריוו האָט שלום־עליכמען מאָדנע אויפגעבראַכט. מער פון אַלץ האָט אים פאַרדראָסן דאָס וואָרט „לאַקעי". וואָס הייסט זיין מנחם־מענדל וועט זיין ביי יאַצקאַנען אַ לאַקעי?... „אויב איר זענט קלאָר — האָט ער געשריבן דעם רעדאַקטאָר — אין מיין מנחם־מענדלען מיט זיין שיינה־שיינדלען, ווייסט איר, אַז קיין פּוסטע פּלאַפּלעריי איז דאָרט ניטאָ. דאָרט איז אַ מישמאַש פון שטותעריי און חכמה, מוסר און שפּאַס, א. ז. וו., א. ז. וו. און שיינה־שיינדל די טאָפּ־יידענע מיט אירע ווערטלעך „ווי די מאַמע זאָגט" פאַרמאָגט אין נאָגל מער שכל, ווי אַנדערע חכמים..."

עס איז אַוועק אַ סדרה פון אויפרעגונגען, בזיונות און עגמת־נפש, וואָס האָט זיך געצויגן גאַנצע דריי פערטל יאָר — פּונקט דאָס אייגענע,

וואָס איז פאָרגעקומען ביים „בלוטיקן שפּאַס". און פּונקט ווי ביים „בלוטיקן שפּאַס", האָט אויך דאָ דער רעדאַקטאָר סוף־כל־סוף געמוזט מודה זיין, אַז מנחם־מענדל האָט פאָרט אויסגענומען ביים עולם. יאַצקאַנס עצות און מבינות־זאָגעריי האָבן אָבער געשטערט שלום־עליכמס אָריגינעלן פּלאַן, און ער האָט פון זיין צווייטן „מנחם־מענדל" קיין ליטעראַרישן נחת ניט געהאַט. אויב דער נייער „מנחם־מענדל" איז ניט אַרויסגעקומען אין יאַצקאַנס גייסט, איז ער אויך אָבער ניט געווען אינגאַנצן אין שלום־עליכמס גייסט. מיר איז געבליבן נאָר טיף צו באַדויערן, וואָס איך בין אפשר געווען אַ שטיקל גורם צו דער דאָזיקער דריי־פּערטל־יאָריקער אַרבעט פון שלום־עליכמען...

ה

# זומער 1913

זומער 1913, אויף אונדזער יערלעכן „צוזאַמענפאָר", האָבן מיר גע־טראָפן שלום־עליכמען אַ פרישן, אַ געזונטן, אינגאַנצן אַ באַנייטן נאָך דער איבערגעלעבטער נערוועזער צעטרייסלונג פאָריקן ווינטער. דאָס איז געווען זיין בעסטער זומער פאַר די לעצטע פינף קראַנקע יאָר. ער איז נאָר־וואָס געווען געקומען פון אַ באַזוך ביים באַרימטן בערנער פראָ־פעסאָר סאַהלי, אין וועמען ער האָט געגלייבט ווי אין אַ גאָט, און יענער האָט אים אַרויסגעגעבן אַן „אַטעסטאַט", אַז ער איז פולשטענדיק געזונט, די לונגען האָבן זיך ביי אים פאַרהיילט, און ער מעג פאָרן וווהין זיין האַרץ גלוסט — אַפילו קיין רוסלאַנד. דאָס האָט אים מאָדנע אויפגעמונ־טערט, געהאַלטן די גאַנצע צייט אין אַ געהויבענער ליכטיקער שטימונג, געמאַכט לייכטער און פלינקער זיינע טריט אויף דער ערד, געמאַכט פרייער און לויטערער זיין געלעכטער, וואָס האָט איצט געקלונגען יונג און ריין, אָן דעם ביטערן צומיש פון פאַרבאָרגענער זעלישער געדריקט־קייט, אָן דער מורא פאַר זיינע אויפמערקזאַמע באַטראַכטער, אַז נאָכן לאַכן וועלן די פריילעכע אויגן אָפּגלאַנצן מיט באַהאַלטענעם קראַנקן פחד... עס איז געווען אַ גרויסע פרייד צו זען שלום־עליכמען ווידער אין זיין עכטן עלעמענט, אַ צוריקגעקומענעם פון דער פרעמד צו זיינע אייגענע זוניקע ברעגן, — וואָס אויף זיין טביה־שפּראַך האָט עס געהייסן „חדש ימינו כקדם".

קיין רוסלאַנד האָט ער פון דעסטוועגן זיך ניט געאײַלט צו פאָרן, הגם מע האָט אים אַהין שטאַרק גערופן אויף אַ גרויס־געפּלאַנטן טור פון פאָרלעזונגען. צוגעוווינט די לעצטע יאָרן צו דער פרייער אייראָ־פעאישער לופט און צו אַ געאיידלטן, וואַרעמען, באַקוועמלעכן לעבן אין די אויסלענדישע קורערטער, האָט אים די אויסגעבענקטע רוסישע „היים" אומהיימלעך געשראָקן מיט אירע קאַלט־פאַרוואָלקנטע רעאַקציאָנערע הימ־

לען און מיט דער פינצטערער כמאַרע פונעם ענין ביילים, וואָס איז נאָך אַלץ געהאַנגען, ווי אַ בייזער קאָשמאַר, איבער די קעפּ פון די רוסישע יידן. דערפאַר האָט ער זיך געגרייט דעם קומענדיקן ווינטער פאַרברענגען אין די גרויסע אייראָפּעאישע צענטערס, אין בערלין און פּאַריז, אַ ביסל אַ לעב טאָן און באַלוינען זיך פאַר דער לאַנגער קראַנקן־געפאַנגענשאַפט, פון וועלכער ער האָט זיך אַצינד ענדלעך באַפרייט. „אַ לעב טאָן" — האָט געהייסן: אויסמישן זיך מיט דער לעבעדיקער וועלט, טרעפן זיך מיט געזונטע טעטיקע מענטשן, אַזעלכע וואָס זענען ניט קיין פּאַציענטן און קור־געסט, באַזוכן טעאַטער, קאַפע־הייזער, דורכלופטערן די געדאַנקען, זיך אָנשעפּן מיט נייע זעאונגען און אייַנ־דרוקן פאַר ווייטערער ליטעראַרישער אַרבעט. ער האָט דערפון געחלומט ווי פון אַ פאָרשטייענדיקן גרויסן יום־טוב, ווי פון אַ טיף־געגאַרטן אומבייט אין זיין פאַרגליווערטן לעבן.

דערווייל, צוליב די נייע פּלענער פאַרן קומענדיקן ווינטער, און הויפּטזעכלעך דערפאַר, וואָס ער האָט זיך דערפילט באַפרייט פון זיין קראַנקן יאָך, האָט שלום־עליכם דעם זומער פאַרבראַכט אין פריילעך־באַרוישטער אומאָרדענונג. לכתחילה האָט ער זיך געהאַט באַזעצט אין דעם קליינעם דייטשן באַד זאָדען, אַ קור־פּלאַץ פאַר נערוונקראַנקע אַרום פראַנקפורט־אַם־מאַין. ער האָט זיך אָבער אַרומגעזען, אַז ס'איז אַן אָרט ניט פאַר אים, אַן אומעטיקער דאָרפישער העק, וווּהין קיין לעבעדיקער בן־אדם קוקט ניט אַריין, — איז ער אַריבערגעפאָרן קיין וויסבאַדען, וואָס איז שוין מער גרויסשטאָט ווי קוראָרט, און די זומערדיקע געסט זוכן דאָרט מער פאַרוויילונג ווי קוראַציע. נאָר אויך דאָ האָט ער זיך ניט באַזעצט, ווי אין די פריערדיקע זומערן, אויף אַ ווילע, מיט אַן אייגענער באַלעבאַטישקייט, נאָר אויפגעהאַלטן זיך צייטווייליק אין אַ האָטעל־פּאַנסיאָן, געמאַכט דערביי קורצע נסיעות אין די נאָענטע קור־פּלעצער, אין קיסינגען און ווילדונגען, געפאָרן שפּאַצירן אין פראַנקפורט, געבראַכט פון דאָרטן, פון פריילעכקייט וועגן, פאַר אַלע מאַנסביל פון דער פאַמיליע, זיך אויך אַריינגערעכנט, גרינע אָנצוגן — אַלע פון איין פאַרב און פון איין שניט. אַז הוליען — זאָל זיין געהוליעט!

מיך האָט שלום־עליכם געהאַט אַרויסגערופן פון אָדעס קיין זאָדען ספּעציעל אויף אַ ליטעראַרישער אַרבעט, וואָס האָט באַדאַרפט געטאָן ווערן אין צווייען. די לעצטע יאָרן האָב איך אים אָפּט אַרויסגעהאָלפן אין דער רעדאַקציע פון זיינע אַלטע ווערק, וואָס ער האָט ניי־באַאַרבעט פאַר דער פולשטענדיקער וואַרשעווער „יובילעאום־אויסגאַבע”. דערהויפּט בין איך אים צוניץ געקומען ביים צוגרייטן צום דרוק די פאַרעלטערטע שריפטן פון זיין ערשטן יוגנט־פּעריאָד. די אַרבעט איז באַשטאַנען אין קירצן און לייכטער מאַכן די לאַנגע שווערע זאַצן, אַרויסוואַרפן די אומנייטיקע אָפּווייכונגען פונעם עצם טעמע, איבערבייטן די רוסיציזמען און דייטשמעריזמען אויף ריינעם יידיש, און בכלל לייטערן און צופּאַסן דעם טעקסט צו די מאָדערנע ליטעראַרישע פאָדערונגען. די ערשטע רעדאַקציע איז געווען מיינע: איך האָב מיך אָפּגעגעבן, צום מיינסטן, מיט דער נעגאַטיווער זייט פון דער אַרבעט — געמעקט דאָס, וואָס האָט געשיינט צו זיין איבעריק. נאָך מיר האָט שלום־עליכם פּיקסירט דעם טעקסט: געשליפן, צונויפגעבונדן די איבערגעריסענע פלעצער און באַ־לעבט מיט ניי־צוגעשריבענע שטיקער. אַזאַ גרונטלעכע אַרבעט איז געטאָן געוואָרן אין זיין יוגנט־ראָמאַן „קינדערשפּיל”, וועלכער איז געקירצט געוואָרן כמעט אויף העלפט. שלום־עליכם האָט אים געוואָלט „קירצן אינגאַנצן”, דאָס הייסט, פּשוט פאַרניכטן — אַזוי פרעמד האָט ער אים אויסגעוויזן. גענומען זיין אומצייטיק ווערק צו דער אַרבעט, האָט ער עס געלייענט ווי אַ ווילד־פרעמדן קוריאָז. דערהויפּט איז אים אויסגע־קומען העכסט־קאָמיש, וואָס כמעט יעדער אָפּזאַץ אין דעם אַלטן טעקסט האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ צווייענדיקן „א. ז. וו.” (און זאָ ווייטער). ער האָט יעדן מאָל אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער. „זע נאַר, — האָט ער זיך געחידושט, — ווי מע האָט עס דאָ אַ ביסל אָנגעזאָווייטערט!”... איך האָב יענעם ראָמאַן קוים אָפּגעשריען, און ער איז אַריין, אַ שטאַרק איבערגעניצעוועטער, אַן אויסגעצוואָגענער, אין דער פולער אויסגאַבע פון שלום־עליכמס ווערק.

איצטיקס מאָל איז די אַרבעט געווען אַ דרינגענדע: מע האָט באַ־דאַרפט רעדאַקטירן פאַר דער רוסישער איבערזעצונג (און אויך פאַר

דער יידישער אויסגאַבע) דעם „מבול״, וואָס איז אין זיין ערשטן נוסח, ווי ער איז געדרוקט געוואָרן אין דער ניו־יאָרקער „וואַרהייט״, געווען באַלאָדן מיט אַ שווערן, אומליטעראַרישן, סענסאַציאָנעלן באַלאַסט. שלום־עליכם האָט, מיט מיין מיטאַרבעטונג, אויסגעשיילט דעם ריינעם בעלעט־ריסטישן יאָדער פון זיין צייטונגס־שאָלעכץ, און כדי דער ערשטער וואַר־יאַנט זאָל אינגאַנצן פאַרגעסן ווערן, האָט ער אַפילו דעם נאָמען פונעם ראָמאַן געענדערט אויף „אין שטורם״. די צייט פון מיין זומער־וואַקאַציע איז אָבער געווען באַגרענעצט, איז די אַרבעט געבליבן ניט קיין פאַר־ענדיקטע. ערשט נאָך שלום־עליכמס טויט, אַז איך האָב צוזאַמענגעשטעלט די אַמעריקאַנער אויסגאַבע פון אַלע זיינע ווערק, האָב איך דעם ניט־רעדאַקטירטן טייל פונעם „מבול״ צוגעפּאַסט צום באַאַרבעטן טייל, אָבער נאָר אויף אַזויפיל, עס זאָלן אינעם טעקסט ניט זיין קיין ווידערשפּרע־כונגען, און געלאָזט דרוקן דעם ראָמאַן אונטערן געענדערטן טיטל „אין שטורעם״.

פאַר דער צייט, וואָס איך האָב פאַרבראַכט מיט שלום־עליכמען אין זאָדען און אין וויסבאַדען, איז ביי אונדז באַשטימט געוואָרן, אַז איך פאַרלאָז רוסלאַנד און קלייב מיך אַריבער מיט מיין קליינער פאַמיליע אויפן קומענדיקן ווינטער קיין בערלין. ביי מיר איז דאָס געווען אַן אָנגעווייטאָגטע פראַגע. ניט געקוקט דערויף, וואָס איך האָב מיך אין אָדעס אַזוי וווּיל איינגעלעבט אין דער שריפטשטעלערישער משפחה און דאָרט אויך געהאַט באַפרידיקונג פון מיין אַרבעט און אַ זיכערע מאַ־טעריעלע עקזיסטענץ, האָב איך דאָך איבערגעלעבט אין דער שטיל שווערע, פיינלעכע טעג. עס האָט מיך אַלץ פאַרפאָלגט מיין אומגעלומ־פערטע אומלעגאַלע לאַגע — דאָס וואָס איך וווין אין רוסלאַנד אויף אַ געקויפטן, ניט כשרן פּאַס און דאַרף מיך שטיקן מיט מיין סוד, אויס־באַהאַלטן זיך פון יעדן אמתן, אָדער אויסגעטראַכטן שאָטן. דער גאַנצער ענין פון לעבן אונטער אַ מאַסקע, פון אויסבאַהאַלטן זיך פון עפּעס אָדער פון עמעצן, איז געווען דערווידער מיין כאַראַקטער און האָט גערויבט מיין רו, געשטערט מיינע געדאַנקען, פּאַראַליזירט מיין גייסט. שלום־עליכם האָט מיך אויסגעהערט מיט טיפן מיטגעפיל, און ניט לאַנג צו

טראַכטן, האָט ער געלייזט די פראַגע: מיר מוזן פאַרלאָזן רוסלאַנד, אַריבערפאָרן קיין בערלין — ס'איז גאָר ניטאָ פון דעם צו רעדן! דערביי איז ביי אים תיכף ומיד אויסגעוואַקסן אַ פּלאַן, זיין חלום פאַר די לעצטע עטלעכע יאָר, אַז מיר אַלע, די גאַנצע משפחה, וועלן אויף ווינטער זיך באַזעצן אין בערלין, אינעם סאַמע קולטור־צענטער פון אייראָפּע, און וועלן דאָרט אָנהייבן לעבן גאָר אויף אַן אַנדער אופן. מיר וועלן אַרבעטן צוזאַמען, יעדער איינער ביי זיינס, און גאָט וועט אונדז ניט פאַרלאָזן, אַזוי ווי ער האָט אונדז ניט פאַרלאָזט ביז אַהער. עס זענען פאַראַן אַזויפיל גרויסע פּלענער דורכצופירן, אַזויפיל ליכטיקע אויסזיכטן אין דער צוקונפט!

וואָס זענען די דאָזיקע גרויסע פּלענער און די ליכטיקע אויסזיכטן — דאָס האָט ער ניט געזאָגט. ער איז אָבער געווען אַזוי צויבערלעך־ליב מיט זיין פאָטערלעכער גוטסקייט, מיט זיין לייכטקייט, אַזוי באַגלייבט מיט זיין טיפן האַרציקן בטחון, אַז מיט איין ליכטיקן גלאַנץ פון זיינע אויגן האָט ער אַראָפּגענומען די שווערסטע שטיינער פונעם האַרצן.

איך בין געפאָרן אויף אַ קורצער צייט צוריק קיין אָדעס, צו פאַר־ענדיקן דאָרט מיינע איבערגעלאָזטע אַרבעטן, זיך אָפּגעזעגענען מיטן „העולם" און מיט די אָדעסער פריינד און אויך באַזאָרגן זיך מיט אַ וועל־כן־עס־איז מאַטעריעלן באַזיס כאָטש אויפן ערשטן ווינטער אין בערלין. פאַר מיין אָפּפאָרן, נאָכדעם ווי שלום־עליכם האָט זיך מיט מיר פאָטאָ־גראַפירט אינצווייען (דאָס ערשטע און לעצטע מאָל אין לעבן), האָט ער מיר אין איינעם פון יענע פרימאָרגנס צוגעטראָגן אַ מתנה — אַ פרייע יידישע איבערזעצונג פונעם קאַפּיטל „אשת חיל" (וואָס מע זאָגט פרייטאָג צו נאַכטס נאָך די שלום־עליכמס), צו וועלכן עס איז געווען צוגעשריבן אַזאַ באַמערקונג:

„בערקאָוויטשן צום אָנדענקען, דעם 14טן יולי 1913 יאָר. געשריבן עקספּראָמט אויף אויסווייניק די איבערזעצונג פון אשת־חיל אין פּראָסט יידיש, איינמאָל זומער פאַרטאָג אין וויסבאַדען, נישט געקאָנט שלאָפן, און קיין אַנדער אַרבעט נישט געגלוסט זיך טאָן, די פייגעלעך האָבן אונטערגעהאָלפן מיט זייער פּישטשען, דער טאָג האָט זיך געריסן אין

פענצטער, דער זייגער האָט געקלונגען פיר מיט אַ פערטל, — מע דאַרף זיך פּרוּוון נאָך אַ מאָל אַנשלאָפן ווערן.

„אַ גוטע נאַכט! —

שלום־עליכם".

עד היום, אַז איך גיב אַ קוק אויף דעם דאָזיקן קליינעם העפטל מיט די דורכזיכטיקע הימל־קאָלירדיקע בלעטלעך, דין פאַרשריבן מיט די פּערלדיקע שורות פון שלום־עליכמס כתב, און אַז איך לייען איבער די דאָזיקע טשיקאַווע נאַכטיקע ווידמונג פון דעם גרויסן פאָטער־קינסטלער מיט דער מילדער קינדערשער נשמה, — אַזוי שטראַלן־אויף פאַר מיר אין פולן שיין יענע ליכטיקע טעג פון שלום־עליכמס פרייד מיטן צו־ריקגעווונענעם לעבן.

יא
# אין בערלין

ווינטער 1914־1913, דער ווינטער וואָס פאַר דער וועלט־מלחמה, איז געווען אַ לעבעדיקע, טומלדיקע צייט פאַר דער רוסיש־יידישער קאָלאָניע אין בערלין. די דאָזיקע קאָלאָניע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן פאָרמירן נאָך די מאַסן־פּאָגראָמען אין רוסלאַנד פון סוף יאָר 1905, איז פאַר די לעצטע עטלעכע יאָר שטאַרק אויסגעוואַקסן. די רדיפות אויף דער יידישער שטודירנדיקער יוגנט אין די רוסישע אוניווערסיטעטן האָבן אַהער געבראַכט צו טרייבן אַ מענגע יידישע סטודענטן און סטודענטקעס, און צוזאַמען מיט זיי — די איבערבלייבעכצן פון דער אַנטוישטער רעוואָליוציאָנערער יוגנט אין דעם יידישן תחום, געוועזענע פאָנען־טרעגער פון די צערונענע ציוניסטיש־טעריטאָריאַליסטיש־סאָציאַליסטישע פאַרטייען און קלייזלעך, וואָס האָבן איצט אויסגעביטן די דורכגעפאַלענע פּאָליטישע „פּלאַטפאָרמעס” אויף פּראָפעסיאָנעל־וויסנשאַפטלעכן תכלית אין די דייטשע הויכשולעס. אויך יידישע שרייבער און כלל־טוער האָבן לעצטנס אָנגעהויבן זיך קלייבן אין בערלין, פאַריאָגטע אַהער פון דעם שווערן רעאַקציאָנערן אומעט, וואָס האָט געהערשט אין רוסלאַנד, און מער פון אַלץ — פון דעם מיאוסן, אַיינגעגעסענעם ביילים־פּראָצעס, וואָס האָט זיך געצויגן שוין באַלד דריי יאָר און געלייגט אויף די הערצער אַ מאָדנע אַנגסט, אַ מיטל־אַלטערלעכע ניטגוטקייט. מען איז געקומען אַהער — ווער צו באַזעצן זיך אויף לענגער, און ווער גלאַט איבערצוכאַפּן דעם אָטעם אין אַ פרייער קולטורעלער סביבה. עס האָט זיך דאָ אויך אַיינגענעסט אַ שטענדיקע גרופּע יידישע צייטונגס־לייט, ספּעציעל קאָרעספּאָנדענטן פון די רייך־געוואָרענע וואַרשעווער יידישע צייטונגען, וואָס האָבן זיך אויסגעמישט מיט זייערע קאָלעגן, די פאָרשטייער פון דער ליבעראַלער רוסישער פּרעסע אין פּעטערבורג און מאָסקווע, אויך אַלע יידן, און האָבן צוזאַמען

געשאַפן אויפן פרעמדן באָדן אַ מין יידיש־זשורנאַליסטישע פעסטונג, אַרום וועלכער די אויסגעוואַנדערטע יידישע אינטעליגענץ פון רוסלאַנד האָט זיך געפילט ווי היימישער און זיכערער.

אַרום און אַרום איז בערלין געוואָרן אַ שטיק גייסטיקער צענטער פאַר אַ געוויסן טייל פון דער רוסיש־יידישער אינטעליגענץ, אַ גאַר־נאָענטער צו וואַרשע — אַזוי נאָענט, אַז מענטשן, וואָס האָבן זיך אָט־ערשט געטראָפן אין דער וואַרשעווער ליטעראַרישער יאַצקאָווסקיס קאַפע, האָבן אין עטלעכע טעג אַרום זיך געקאָנט באַגעגענען ביי די שוואַרצע מירמל־טישן אין דעם טומלדיקן, פריילעכן בערלינער „מאָנאָפּאָל“, אָדער אין „קאַפע דעם וועסטענס“, און פאָרזעצן די איבערגעריסענע נודנע דעבאַטן וועגן יידיש און העברעאיש. שאַרלאָטענבורג און האַ־לענזע, די נייע בערלינער שטאָט־טיילן, מיט די ליכטיקע, זויבערע גאַסן, מיט די ריין־אויסגעשייערטע, ווייס־בלאַנקענדיקע אַספאַלט־ברוקן, מיט די נייע, באַקוועמע, מאָדערן־געבויטע סטאָקאָ־הייזער, זענען פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין רוסיש־יידישע סטודענטן־קוואַרטאַלן, מיט רוסישע „סטאָלאָווקעס“, „היימישע מיטאָגן“ און ליי־ביבליאָטעקן, און די רוסישע שפּראַך, באַטעמט דורכן יידישן אַקצענט, האָט זיך הויך און פריי איבער־געשריען אין די שטילע, געמיטלעכע, גרין־באַפוצטע דייטשע הויפן פון איין אָפענעם פענצטער צום אַנדערן.

אויך די פירערשאַפט פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געהאַט איר הויפט־קוואַרטיר אין בערלין, איז יענעם ווינטער שטאַרק „פאַררוסישט“ געוואָרן: אויפן לעצטן ציוניסטישן קאַנגרעס אין ווין האָט דער רוסישער, אחד־העמיסטיש געשטימטער ציוניזם גובר געווען דעם דייטשיש־הערצליסטישן, און אין דער הויפט־פאַרוואַלטונג זענען אויסגעקליבן געוואָרן, אַקעגן צוויי „דייטשן“, גאַנצע דריי „רוסן“: טשלענאָוו, סאָקאָלאָוו און שמריה לעווין. ביי די רוסישע ציוניסטן האָט עס געהייסן, אַז די ציוניסטישע באַוועגונג ווערט איצט געפירט פון אַ רוסישן „טריאומוויראַט“, און די גרויסע, רחבותדיקע, רייך און באַ־קוועם אָויעקגעשטעלטע ציוניסטישע קוואַרטיר אויף דער זאַקסישער שטראַסע איז שיער ניט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ רוסישער אכסניה:

אין די אויפגעראַמטע אַריסטאָקראַטיש־שטילע קאָרידאָרן און אויף די ווייך־אויסגעבעטע טרעפּ, וואָס האָבן געפירט פון איין דעפּאַרטאַמענט צום צווייטן, האָט מען אַצינד געקאָנט טרעפן באַבערדלטע און היימיש־צעשפּילעטע רוסישע ציוניסטן, דורכפאָרער דורך בערלין, וואָס האָבן שטאַרק געטומלט און זיך געהיצט ניט נאָר אויף רוסיש, נאָר אויף פּראָסט מאַמע־לשון, אָן דעם מינדסטן רעספּעקט פאַר דער אַרומיקער דייטשער אַטמאָספער. אַפילו העברעאיש האָט מען שוין דאָרט אָפט גע־קאָנט הערן, און דווקא מיט דער נייער ארץ־ישראלדיקער אויסשפּראַך, וואָס האָט דעמאָלט אָנגעהויבן אַלץ מער אַריינגיין אין דער מאָדע.

וויבאַלד אַזוי, האָבן אויך די העברעער אין בערלין אויפגעלעבט און זיך גענומען רודערן. צו די עטלעכע אַלטגעזעסענע העברעאישע שרייבער אין בערלין איז איצט צוגעקומען אַ יונגע גרופּע פון רוסלאַנד און גאַליציע, און אינאיינעם האָט מען געחלומט צו שאַפן אַ העברעאישן אינזל אין דעם גרויסן ים פון דער דייטשער קולטור. אויף וועמען אָנ־צושפּאַרן זיך איז דאָ אויך געווען: אין בערלין האָט זיך די לעצטע יאָרן באַזעצט דער גוט באַקאַנטער שריפטשטעלער ש״י איש הורוויץ, באַקאַנט אי מיט זיין ליטעראַרישער טעטיקייט, אי מיט זיין גבירעשאַפט. דאָס איז געווען אַן אומבאַגרייפלעכער משכּילישער טיפּ, וואָס עד היום איז שווער אים תּופס צו זיין. אין זיינע פּובליציסטישע אַרטיקלען האָט ער זיך אַרויסגעשטעלט ווי אַ שאַרפער אַפּיקורס, אַ טרוקענער גריבלער, וואָס האָט כּמעט געלייקנט אין דער צוקונפט פון דעם יידישן פאָלק, געפרעגט קשיות, למאַי מע דאַרף זיך האַלטן ביי אַזאַ צרה, ווי יידיש־קייט — און אין דער זעלבער צייט האָט ער זיך אַרומגעטראָגן מיט גראַנדיעזע פּלענער וועגן אויפלעבן און גרויס אַוועקשטעלן די העברע־אישע ליטעראַטור, וועגן גרינדן אַ גרויסן העברעאישן פאַרלאַג, מיט אַ גרונט־קאַפּיטאַל פון אַ האַלבן מיליאָן מאַרק, וואָס זאָל נערן און רייך אַנטוויקלען אַלע צווייגן פונעם העברעאישן שאַפן. ער איז געווען רייך, אָבער אויסערגעוויינלעך קאַרג — און פון דעסטוועגן האָט ער זיך פאַרגונען אַרויסצוגעבן אויף זיינע אייגענע קאָסטן אַ העברעאישן זשורנאַל („העתיד״), און פאַר דעם געפּלאַנטן גרויסן פאַרלאַג האָט ער

זיך אָנגעבאָטן מיט אַ היפּשער סומע אויף זיין חלק. אין דער העברעאישער וועלט האָט ער געגאָלטן ווי אַ רעטעניש, מע האָט אים אַפילו אָפּן באַשולדיקט אין קריסטלעך־מיסיאָנערישע כוונות, פאַר וועלכע ער באַקומט שטיצע פון ערגעץ אַ באַהאַלטענעם מיסיאָנערישן קוואַל. עס איז פאָרגעקומען וועגן דעם אַ טומלדיקער ערן־פּראָצעס, אויף וועלכן ער איז ריינגעוואַשן געוואָרן פון דעם דאָזיקן חשד — ער איז אָבער פאַרבליבן אַ פּסיכאָלאָגיש רעטעניש.

איצט האָט ש״י איש הורוויץ אויפגעוואַרעמט די בערלינער העברעאישע גרופּע מיט אַ נייעם פּלאַן: אַרויסגעבן אַ גרויסע העברעאישע וואָכנשריפט, אַ פרייע אומפּאַרטייאישע טריבונע פאַר ליטעראַטור און קריטיק, וואָס זאָל אַרום זיך גרופּירן די בעסטע העברעאישע שרייבער, יונגע און אַלטע. דער פּלאַן איז לאַנג און ברייט באַשפּראָכן געוואָרן אויף די מירמל־טישלעך פון „קאַפע מאָנאָפּאָל״, אין דעם פריילעך־באַרוישנדיקן טומל פון די רוסיש־יידישע אָוונט־באַזוכער. דערווייל האָט עס נאָר געהאַלטן ביי רייד, ביי מאַכן קאַלקולאַציעס, ביי אויסאַרבעטן דאָס פּראָגראַם. דאָס רעדן אַליין איז שוין אָבער אויך געווען אַיינגענעם פאַר די בערלינער העברעער, וואָרעם אין שכנות מיט די העברעאישע טישלעך זענען געזעסן די בערלינער „יידישיסטן״, די וואָס האָבן זיך געטוליעט צו ד״ר נתן בירנבוים, און האָבן אויך הייס גערעדט פּונקט פון אַזעלכע ליטעראַרישע חלומות אויף יידיש. דאָס מערקווירדיקע דערביי איז נאָר געווען, וואָס ביידע גרופּעס, ניט געקוקט אויף דעם שוין גוט־צעברענטן שפּראַכן־קאַמף, האָבן זיך נאָך געהאַלטן איינס מיטן אַנדערן אין נאָענטער שכנות, געוואָרפן בלויז טשיקאַווע בליקן פון איין לאַגער צום צווייטן, ווי לייכט צעאַמפּערטע קרובים פון איין משפּחה, וואָס האָבן צווישן זיך אַ שטיקל סכסוך אין דער ירושה — פון קיין פרעמדער, פאַרביסענער, בלינדער שנאה האָט מען יענע יאָרן ניט געוווסט.

דערהויפּט איז געשטיגן די העברעאישע שטימונג אין בערלין יענעם ווינטער, ווען ס׳איז פּלוצעם אויסגעבראָכן די באַרימטע, כמעט היסטאָרישע מלחמה פאַר העברעאיש קעגן דייטש אין די ארץ־ישראלדיקע לער־אַנשטאַלטן. אָנגעהויבן האָט זיך די מלחמה איבער דעם נאָר־וואָס

אויסגעבויטן טעכניקום אין חיפה, וואָס האָט אויף זיך געהאַט צווייערליי באַלעבאַטים: דעם יידיש דייטשן האַלב־אַסימילירטן „הילפספעראיין" און די רוסישע ציוניסטן. דער „הילפספעראיין" האָט געוואָלט אײַנפירן אינעם טעכניקום דייטש אַלס די שפּראַך פון די לימודים — האָט זיך אויפגעהויבן אַ טומל. דאָ איז דער שפּראַך־קאַמף געווען אַ סך ערנסטער, ווי צווישן די העברעאיסטישע און יידישיסטישע טישלעך אין „קאַפּע מאָנאָפּאָל": עס האָט געשמעקט מיט הויך־פּאָליטיק און מיט געפאַר פאַרן גאַנצן ציוניסטישן אָנהייב אין ארץ־ישראל. אַזוי ווי דייטשלאַנד האָט דעמאָלט, ערב מלחמה, זיך שטאַרק געקלעפּט צו טערקיי, האָט דאָס געהייסן, אַז דער יידישער „הילפספעראיין" דינט דאָ ווי אַ פּאַטריאָטישער אַגענט פונעם דייטשן פאָטערלאַנד, פאַר וועמען ער וויל באַהערשן דעם יונגן ישוב אין ארץ־ישראל דורך דער דייטשער שפּראַך און דעם דייטשן גייסט. די אויפרעגונג אין ארץ־ישראל גופא איז געווען אַזוי גרויס, אַז זי האָט זיך אַריבערגעגאָסן אין אַ הייסער לאַווע איבער דער גאַנצער יידישער וועלט און האָט אָנגעמאַכט אַ היפּשן רעש אין דער יידישער פּרעסע אין פאַרלויף פון עטלעכע חדשים. פאַרשטייט זיך, אַז מער ווי אומעטום איז דער גערודער געווען גרויס אין בערלין, אין דער ציוניסטישער הויפּט־קוואַרטיר, ווו דער רוסישער „טריאומוויראַט", הויפּטזעכלעך שמריה לעווין, האָט אויפגענומען די זאַך, ווי אַ פראַגע פון לעבן און טויט פאַרן ציוניסטישן אידעאַל.

אַריינגעפאַלן אָנהייב ווינטער מיט מיין פאַמיליע אין בערלין, אין אַזאַ אומגעריכט־אויפגעלעבטער יידישער סביבה, דערצו אַ באַפרייטער פון דעם פאַספּאָרט־קאָשמאַר, וואָס האָט מיר עטלעכע יאָר פאַרביטערט דאָס לעבן אין רוסלאַנד, — האָט דאָס אונדז אַזוי אויפגעמונטערט, אַז מיר האָבן גלייך באַשטימט צו באַזעצן זיך דאָ פעסט, אין אַן אייגענער וווינונג און מיט אייגענער באַלעבאַטישקייט, לויטן גוטן דייטשן מוסטער. אויף וואָס קוקנדיק מיר זענען געווען אַזוי האָפערדיק — איז שווער צו זאָגן, וואָרעם קיין אויסזיכטן אויף ליטעראַרישע אַרבעט אין בערלין האָב איך ניט געהאַט, אין ש״י איש הורוויצעס פּלענער האָב איך ניט געגלייבט (כאָטש איך בין ביי אים שוין געווען פאַררעכנט פאַר איינעם

פון די רעדאַקטאָרן פון זיין צוקינפטיקער וואָכנשריפט), און די דייטשן האָבן מיך אויפגענומען גאָרניט אַזוי גאַסטפריינדלעך, ווי איך האָב פון זיי דערוואַרט. אין דעם פּאָליציי־באַצירק, ווו איך האָב זיך באַדאַרפט מעלדן, האָט מען מיך אויסגעפאָרשט פון אַלע זייטן: צו וואָס, אַשטייגער, בין איך געקומען קיין בערלין? וואָס האָט מיר געפעלט אין אָדעס? מיינע פּאַפּירן זאָגן, אַז איך בין פאַרבונדן מיטן אָדעסער פאַרלאַג „מוריה", פון וואַנען איך ציה מיין חיונה — פאַר־וואָס־זשע בין איך געקומען טאָן מיין אַרבעט דווקא אין בערלין? וואָס פאַר אַ שכל שטעקט דאָ דערביי?... און נאָכדעם ווי איך האָב שוין געמיינט, אַז איך בין אַרויס פון דער פּאָליציי אַ כשרער מענטש, איז איינמאָל אין אַ פרימאָרגן געקומען צו מיר אין שטוב אַ פאַרשוין מיט אַ בלעכל אונטערן לאַץ, מיך דורכגענומען מיט פינצטער־פאָרשנדיקע אויגן און מיר געשטעלט אַ שפּאָגל־נייע פראַגע: צי בין איך ניט אַ מיטאַרבעטער אין... דער פּעטער־בורגער „נאָוואָיע ווערעמיאַ"? צי שרייב איך ניט דאָרט אונטער אַ באַהאַלטענעם נאָמען קאָרעספּאָנדענציעס פון פּאָליטישן כאַראַקטער?...

עס האָט זיך נאָכדעם אַרויסגעשטעלט, אַז די „נאָוואָיע ווערעמיאַ" האָט דעמאָלט אָנגעהויבן דרוקן העץ־אַרטיקלען קעגן דייטשלאַנד, דער־ציילן סודות, אַז אין בערלין גרייט מען זיך שטאַרק צו אַ נאָענטער מלחמה מיט רוסלאַנד. איז דאָס דייטשע קריגס־מיניסטעריום דערפון שטאַרק אויפגערודערט געוואָרן און האָט אַרויסגעשיקט געהיים־אַגענטן צו יידישע שרייבער פון רוסלאַנד, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין בערלין, אויספרעגן זיי, צי האָבן זיי ניט קיין שייכות מיט דער יידן־פרעסערישער „נאָוואָיע ווערעמיאַ"? האָב איך אויך זוכה געווען צו דעם כבוד.

אַז אין אייראָפּע קאָכט זיך עפּעס אין דער טיף, וואָס קאָן זיך אויסלאָזן מיט ניט קיין גוטע זאַכן פאַר דער וועלט — פון דעם האָט מען שוין יענע טעג גענומען רעדן אין די פּאָליטישע רובריקעס פון די צייטונגען. נאָר מע האָט נאָך דערויף קיין באַזונדערע אַכטונג ניט געלייגט. אייראָפּע האָט דעמאָלט דערגרייכט אַ פּעריאָד פון גרויסער רואיקער שפע, דייטשלאַנד האָט פולבלוטיק געשיינט פון אָנגעקוואָלענעם מאַטעריעלן און גייסטיקן נחת, רוסלאַנד האָט זיך פויל געקאַטשעט אויף

די זייטן פון אָנגעשפּאַרטער זעטיקייט, אַפילו די געדריקטע רוסישע יידן אין דעם אַיינגעצאַמטן תחום־המושב האָבן לעצטנס דערלעבט גוטע, רייכע יאָרן — פון וואַנען זשע וועט פּלוצעם קומען אַ מלחמה, און צוליב וואָס? סיידן פון צופּיל ווילטאָג, פון איבערגעפרעסנקייט, פון פעטן, טעמפּן גויישן לאַנגווייל!... איך דאַרף דאָ באַצייכענען, אַז אין אונדזער שריפטשטעלערישן קרייז האָט דאָס דער ערשטער דערשפּירט, ווי מיט אַ נביאיש־פּאָעטישן חוש, ז. שניאור, וועלכער איז דעמאָלט אויך געקומען באַזעצן זיך אין בערלין. ער האָט אַרום יענער צייט פּאַרעפנט־לעכט אינעם „השילוח" זיין פּאָעטישע זעאונג „ימי הביניים מתקרבים" („די טעג פון מיטלאַלטער קומען־צו נאָענט"), ווו ער האָט אין אַ גע־דריקטן דיכטערישן טאָן אָנגעזאָגט אַ פינצטערע בשורה, אַז עס שמעקט מיט „סמאַליענעס", אַז די וועלט גייט צו אַ חורבן. דעמאָלט, אין דער זיכערער, געפּאַנצערטער רואיקייט פון דעם גלענצנדיקן קולטורעלן בער־לין, האָט כמעט קיינער זיך גיט אָפּגעשטעלט אויפן אמתן זין פונעם ליד; מע האָט עס אויפגענומען נאָר ווי אַ פּאָעטישע מליצה. ערשט אַז ס'איז אויסגעבראָכן די מלחמה מיט אַלע אירע גרויליקע פּאָלגן, האָבן שניאורס לעזער זיך דערמאָנט אָן זיין אויסערגעוויינלעכער פּאָעמע און באַ־וווּנדערט זיין דיכטערישע ווייטזעאונג.

דערווייל אָבער, ביים ערשטן אַריינפאָר אין בערלין, האָבן מיר פון מלחמה ניט געדאַכט. די גרויסע צעפּעלין־שיפן, וואָס זענען אַלע פרימאָרגן דורכגעשוווּמען הויך איבער שאַרלאָטענבורג אין שטילער ווייט־שטרעבנדיקער פּאַרטראַכטקייט, האָבן אונדז אויסגעזען בלויז ווי נייע וווּנדערלעכע באַפליגלטע באַשעפענישן, ווי גוטע שליחים פונעם שטייגנ־דיקן מענטשלעכן גייסט, וואָס שוועבן ווייט אין דער גרויסער ליכטיקער צוקונפט אַריין.

אַיינגעאָרדנט זיך אויף אונדזער נייער דירה, האָבן מיר דערוואַרט געסט אין בערלין — שלום־עליכמען מיט זיין פרוי.

## יב
# ביילים־פראָצעס

שלום־עליכם איז יענעם האַרבסט (1913) געקומען קיין בערלין נאָר אַלס גאַסט, אויף אַ קורצער צייט. שוין מיט די ערשטע רעגנדיקע טעג אין וויסבאַדען איז בטל געוואָרן זיין לאַנג־געגאַרטער פּלאַן פון „חדש ימינו כקדם" — צו באַזעצן זיך מיט דער גאַנצער פאַמיליע, גרויס און קליין, אויף איין אָרט, אין דער הויפּטשטאָט פון דייטשלאַנד. ניט געקוקט אויף זיין גוטן געזונט־צושטאַנד, האָט ער פון דעסטוועגן מורא געהאַט אָנצוטרויען זיך דעם כמאַרעדיקן פייכטן בערלינער ווינטער. דערצו האָט ער פאַר די לעצטע יאָרן פון זיין קראַנקייט זיך שטאַרק אָפּגעפרעמדט פון טומלדיקער גרויסשטאָטישער געזעלשאַפט. אַן אָפּגעפילוועטער און אַן אויסגעוואַרעמטער אין דער ענגער, געשלאָסענער פאַמיליע־אַטמאָספער ניט נאָר פיזיש, נאָר אויך גייסטיק, האָט ער שוין אַצינד שווער אַריבערגעטראָגן נייע, ניט־פאָראויסגעזעענע באַציאונגען און טרעפענישן מיט דער דרויסנדיקער וועלט. ער האָט זיך אַלץ מער געטוליעט און געשיצט אין זיין אייגענעם ווינקל, אויסווייכנדיק אומ־איינגענעמע פרעמדע בליקן און אַלערליי גייסטיקע „צוג־ווינטן", וועלכע זענען אומפאַרמיידלעך אין אַ ברייטערער, קולטורעלער סביבה. דאָס האָט, פאַרשטייט זיך, געהאַט אַ קאָנטיקע ווירקונג אויף זיין גאַנצן אינערלעכן לעבן, אויך אויף זיין ליטעראַרישער אַרבעט און ליטעראַרישע באַציאונגען, פאַרקלענערט און פאַרענגט זיין געדאַנקען־קרייז, אַלץ מער איינגעצאַמט אים אין די דלת אמות פון היימישע אויפפאַסונגען און עגאָצענטרישע פילונגען און פאַרשטעלונגען.

עס האָט אים אָבער פאָרט געצויגן צו דער „גרויסער וועלט" — איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז זיין באַשטענדיקער וווין־אָרט בלייבט, ווי פריער, די קליינע שווייצאַרישע אוניווערסיטעט־שטאָט לאָזאַן, ווו די

ייִנגערע קינדער דאַרפן זיך לערנען, און ער אַליין, אין דער באַגלייטונג פון זיין פרוי, וועט זיך דורכפאָרן אויף אַ חודש צייט קיין בערלין, אָפּפרישן דאָס געמיט און פאַרזוכן צום ערשטן מאָל דעם נייעם טעם פון זיין אַ גאַסט ביי די עלטערע, זעלבסטשטענדיקע קינדער — ביי אונדז, הייסט עס, און ביי די קויפמאַנס. דער לעצטער מאָטיוו — קומען צוגאַסט צו דערוואַקסענע קינדער — איז ביי שלום־עליכמען שיר ניט געווען פאַררעכנט ווי דער הויפּט־מאָטיוו פון זיין נסיעה קיין בערלין. אין זיינע בריוו צו אונדז האָט ער דערפון געמאַכט אַ גאַנצן וועזן, אַפילו פאָראויס באַשטעלט ביי דער עלצטער טאָכטער אַ ספּעציעלע „מעניו" פאַר דעם ערשטן פייערלעכן גאַסט־מאָלצייט, מיט וועלכן ער האָט באַדאַרפט באַגעגנט ווערן ביי איר אין שטוב. „נחת פון קינדער" האָט שלום־עליכם הויך געשטעלט ניט נאָר ביי זיינע כתרילעווקער לייט — ביי אים אַליין איז דאָס געווען דער וויכטיקסטער פונקט אין זיין לעבנס־פּראָגראַם.

ער איז אָבער אויך געקומען קיין בערלין מיט אַ גרויסן שרייבערישן חלום, פון וועלכן ער האָט מיט מיר גערעדט פאַרשטעלט נאָך אין וויסבאַדען. איצט האָט זיך די זאַך אַנטפּלעקט: פאַרן לעצטן זומער האָט ער שטילערהייט געשאַפן עטלעכע סצענאַריומס פאַר דעם פילם, אויסגעאַרבעט פון טביה דעם מילכיקנס מעשיות, פון דעם „פאַרכישופטן שניידער" און — דאָס גרעסטע און וויכטיקסטע פון זיי — פון זיין לעצטן ראָמאַן „דער בלוטיקער שפּאַס". ער איז געווען אַ גרויסער אָנהענגער און אַ ליידנשאַפטלעכער באַזוכער פונעם „סינעמאַטאָגראַף" (ווי עס האָט יענע יאָרן אין אייראָפּע געהייסן דאָס פילם־טעאַטער), שוין דעמאָלט נביאות געזאָגט, אַז די „שטומע בילדער" וועלן מיט דער צייט פאַרשטופּן אין ווינקל דאָס לעבעדיקע טעאַטער און אַפילו די ליטעראַטור, און האָט שטאַרק געגלייבט, אַז דאָ, אויף דעם דאָזיקן נייעם פעלד, וועט ער זיך שאַפן אַ וועלט־נאָמען. ער האָט צו דער פילם־קונסט זיך גוט צוגעקוקט, אויפגעכאַפּט זי מיט אַלע אירע נייע דראַמאַטישע און פאַנטאַסטישע ווענדונגען, און זיינע סצענאַריומס זענען ביי אים אַרויסגעקומען ווי פון אַ געניטער האַנט, לעבעדיק, שפּאַנענד און עפעקטפול,

ערטערווייז פאַרזיסט מיט אַ ווייכן סענטימענטאַלן ליריזם, און ווו מע דאַרף — באַשטראַלט מיט הומאָריסטישע איינפאַלן. זיי האָבן זיך גע־לייענט ברייט און קלאָר, ווי אַראָפּגעשריבן פון שוין־געזעענע בילדער אויפן באַוועגלעכן עקראַן. אויב אין זיינע טעאַטער־שטיק איז שלום־עליכמען אָפּט ניט דערגאַנגען די טעכניק פון דראַמאַטישער קאָנ־סטרוקציע — האָט אים דאָ אויסגעהאָלפן די אומבאַגרענעצטע שאַפנדיקע פאַנטאַזיע, וועלכע ער האָט גוט צוגעפּאַסט צו דער פּסיכאָלאָגיע פון דעם פאַרגעשטעלטן פאַרגאַפטן עולם אין די האַלב־פינצטערע סינעמאַ־טעאַטערס.

ספּעציעל פאַר דייטשלאַנד האָט ער צוגעגרייט די אינסצענירונג פון דעם „בלוטיקן שפּאַס”, וועלכע ער האָט געשריבן אויף רוסיש און גע־לאָזט איבערזעצן אין דייטש, און גלייך ביי זיין קומען קיין בערלין האָט ער זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט איינער פון די דעמאָלט־באַ־ווּסטע דייטשע פילם־געזעלשאַפטן, מיט וועלכער עס האָט אים צונויפ־געפירט דער אַקטיאָר רודאָלף שילדקרויט. שלום־עליכם האָט דערביי געהאַט אַ שטאַרקע כוונה, אַז שילדקרויט זאָל שפּילן די ראָלע פון דוד שאַפּיראָ, דעם קיעווער בערזע־ייִד, אין וועמעס הויז דער רוסישער סטודענט פּאָפּאָוו האָט זיך באַקענט מיט ייִדישקייט און מיט ייִדישע צרות. עס זענען אַוועק עטלעכע וואָכן אין נערוועזער דערוואַרטונג און אויפגערודערטע האָפענונגען, נאָר אויסגעלאָזט האָט זיך דער חלום, ווי אַלע שלום־עליכמס טעאַטראַלישע חלומות — מיט גאָרנישט. דער דייטשער פילם־דירעקטאָר האָט געגעבן זיין ענטפער, אַז כאָטש דאָס שטיק איז זייער אינטערעסאַנט און גוט צונויפגעשטעלט פאַרן עקראַן, קאָן דאָס אָבער אין דייטשלאַנד ניט אויפגעפירט ווערן, מחמת צענזורישע מאָטיוון: די דייטשע רעגירונג וועט ניט דערלויבן אַרויסצוברענגען אַ פּיעסע, וואָס פאַרשוואַרצט רוסלאַנדס נאָמען, בפרט איצט, ווען די באַציאונגען צווישןביידע לענדער זענען אָנגעצויגן. דאָס האָט שלום־עליכמען דווקא ניט אַנטמוטיקט. ער האָט צוריק פאַרפּאַקט זיין מאַנוס־קריפּט, באַהאַלטן עס פאַר בעסערע צייטן — אפשר גאָר פאַר אַמעריקע.

אַחוץ די פילם־חלומות, האָט שלום־עליכם געהאַט אין בערלין אויך אַ פאָרלעזונג, וואָס איז אַראַנזשירט געוואָרן לכבוד אים פון דער רוסיש־

יידישער סטודענטן־קאָלאָניע. דאָס איז געווען זיין ערשטער אַרויסטריט פאַר אַ גרויסן עולם נאָך דעם פאַטאַלן אָוונט אין באַראַנאָוויטש מיט פינף יאָר צוריק, ווען ער האָט ביים לייענען באַקומען אַ בלוט־שטורץ פון די לונגען. אַזוי ווי ער האָט זיך איצט געגרייט צו אַ גרויסן טור איבער רוסלאַנד, האָט ער די בערלינער פאָרלעזונג אויפגענומען ווי אַ מין עקזאַמען, אויף וועלכן ער האָט באַדאַרפט פונדאַסניי אויס־פּרווון זיינע אַרטיסטישע כוחות און זיין ווירקונג אויפן פובליקום. ער האָט זיך דעריבער געפילט שטאַרק צעטראָגן ערב זיין אַרויסטריט און האָט זיך אַלץ געשיובט, וואָס ער זאָל אויפן אָוונט פאָרלייענען. עס איז געווען צו דערוואַרטן אַ ספּעציעלן אינטעליגענטן עולם, האָב איך אים געראָטן, ער זאָל דאָס מאָל צוזאַמענשטעלן אַ פּראָגראַם פון זיינע שטילע, לירישע זאַכן. איך בין אָבער מיט מיין עצה שטאַרק דורכגעפאַלן. די ערשטע זאַך, וואָס שלום־עליכם האָט פאָרגעלייענט אויף יענעם אָוונט — מאָטל דעם חזנס „מיר איז גוט, איך בין אַ יתום" — האָט דעם בער־לינער אינטעליגענטן עולם איבערגעלאָזט מאָדנע קאַלט. האָט ער ביים צווייטן נומער פאַרוואָרפן דאָס „שטילע" פּראָגראַם און זיך גענומען פאַר זיינע פּאָפּולערע הומאָריסטישע זאַכן — איז דער זאַל פול געוואָרן מיט געלעכטער. נאָכדעם האָט מיר שלום־עליכם מיין עצה ניט געקאָנט מוחל זיין. „אָט האָט איר אייך אייערע שטילע, לירישע אינטעליגענטן! — האָט ער געזאָגט מיט טיפן פאַרדראָס. — אַזוי לאַנג שמייסט מען זיי, ווי לאַנג זיי וועלן ניט פאַרשטיין מיין מאָטלס הומאָר! איך קען מיינע יידן בעסער פון אַלעמען!"...

שלום־עליכמס באַזוך אין בערלין איז אויסגעפאַלן גראָד אין דעם חודש, ווען אין קיעווער געריכט איז ענדלעך פאַרהאַנדלט געוואָרן דער לאַנג־פאַרצויגענער בייליס־פּראָצעס און די גאַנצע יידישע וועלט האָט זיך געוויגט. אין זכרון זענען מיר שאַרפער פון אַלץ פאַרבליבן יענע טעג, ווען מיר זענען אַלע מיט אים געזעסן איבער די לאַנגע סטענאָ־גראַפישע באַריכטן אין די רוסישע צייטונגען, פאַרטיפט און פאַרקלעמט אין דעם דאָזיקן געדיכט־רויכיקן מיטלאַלטערלעכן טשאַד. דערהויפּט איז געשטיגן שלום־עליכמס פיינלעכע שטימונג דעם לעצטן אָוונט, ווען אין

קיעוו האָט באַדאַרפט אַרויסגעגעבן ווערן דער אורטייל פון די געשוואָ־רענע ריכטער. ער איז די גאַנצע צייט געשטאַנען ביים טעלעפאָן אין קויפמאַנס ווױנונג, נאָכאַנאַנד געקלונגען אין דער ציוניסטישער הויפּט־קוואַרטיר, ווו מע האָט געוואַרט אויף אַ טעלעגראַפישער מעלדונג פון קיעוו. און אַז ס'איז אָנגעקומען די בשורה, אַז בייליס איז פרייגעשפּראָכן, איז שלום־עליכם אַריינגעפאַלן אין אַ היסטערישער צעטרייסלונג — ער האָט אַזש געוויינט פאַר פרייד. מיר זענען אַלע מיט אים געפאָרן אין „קאַפע דעם וועסטענס", ווו מיר האָבן שוין געטראָפן פאַרזאַמלט די גאַנצע יידישע שרייבער־קאָלאָניע פון בערלין, מיט שלום אַש בראש, אַלע, סיי יידישיסטן, סיי העברעאיסטן, ברידערלעך פאַראייניקט ביי ענג־צונויפגערוקטע טישלעך, אַלע עקזאַלטירט און באַהעפט אין איינס דורך איין גרויסער נאַציאָנאַלער פרייד, וואָס זעקס רוסישע פויערים, אַ העלפט פון די געשוואָרענע ריכטער, האָבן דערקלערט דער קולטורעלער קריסט־לעכער וועלט, אַז דאָס אַלטע ביבלישע פאָלק געברויכט ניט קיין מענטש־לעך בלוט אויף פסח. שלום־עליכמען האָט מען אויפגענומען מיט אַ באַ־זונדערער קרובישער שמחה, באַזעצט אים מיט צערטלעכן כבוד אויבנאָן — דער יום־טובדיקער טיש פון פאַרוואָגלטע יידישע שרייבער אין דער פרעמד האָט באַקומען אַ טאַטן. מע האָט באַשטעלט וויין, געוואָרן בגילופין, אַריין אין הויכער פאַטריאָטישער התפעלות פון אונדזער לאַנדס־מאַן, דעם רוסישן פויער, פון זיין גרויסער הייליקער פשטות. שלום־עליכמס אויסגעבלייכט פנים האָט געשיינט, ווי נאָך אַן איבערגעקומענער שווערער קראַנקייט, און אויף זיין פאָרשלאַג איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן אַ באַגריסונגס־טעלעגראַמע פון אַלע פאַרזאַמלטע צום באַרימטן אַדוואָקאַט גרוזענבערג, בייליסעס הויפּט־פאַרטיידיקער. בייליסן אַליין האָט שלום־עליכם יענע וואָך אַרויסגעשיקט אַ מתנה, אַלע זיינע ווערק, און אָפּגע־וואַרט די ערשטע טומלדיקע טעג, האָט ער אים געשריבן אַט דעם בריוו:

„ליבער פריינד מענדל בייליס!

„איך האָב אייך ביז איצט ניט געשריבן, ווייל דער טומל אַרום אייך איז געווען צו גרויס. אַז איר האָט מיך געקאָסט געזונט צוגלייך מיט אַלע יידן — פאַרשטייט איר אַליין, און אַז איך האָב מיך געפרייט

צוזאַמען מיט אײַך — וועגן דעם האַלט איך געוויס פאַר איבעריק צו רעדן. איצט נעמט צו מיין מזל טוב. זאָל גאָט געבן, אַז איר זאָלט שוין זיין דער לעצטער אין דער וועלט, מע זאָל שוין ניט הערן וועגן דעם, ווי אַזוי מע מאַכט בלבולים אויף אונדזער פאָלק, מען איז מזלזל אונדזער תורה און מע שפּאָט פון אונדזער אַלטן גאָט.

„איך האָב פאַראָרדנט מיין פאַרלעגער אין וואַרשע, אַז ער זאָל אײַך צושיקן אַלס מתנה מיינע מעשה־ביכלעך אין זעכצן בענדער, וועלכע זענען געשריבן אויף מאַמע־לשון. מיר וועט זיין זייער אַנגענעם, אַז נאָך דעם ווי איר וועט זיך אָפּרוען, וועט איר אין אַ פרייער צייט אַריינ־קוקן אין זיי און וועט פאַרגעסן אָן די אומגליקן, וועלכע איר האָט איבער־געלעבט. איר וועט לאַכן און אַמאָל וועט איר אויך אַרויסלאָזן אַ טרער...

„און ווייטער — איך וואָלט קיין ייד ניט געווען, ווען איך וואָלט אײַך ניט געגעבן קיין גוטע עצה, וואָס איר זאָלט טאָן אין דער צוקונפט, וועגן אַמעריקע א. ד. ג. איך רעכן, אַז איר זענט מיט עצות גענוג זאַט. טוט אַזוי, ווי עס הייסט אײַך אייער אייגענער שכל.

„אַ גרוס אייער פרוי און קינדער. איך ווייס ניט, צי האָט איר גע־הערט וועגן מיר. איך בין מיט אײַך פון איין שטאָט, צוואַנציק יאָר געלעבט אין דער געבענטשטער שטאָט קיעוו, און מיין נאָמען איז

שלום־עליכם".

מיטן שלוס פון בייליסעס פּראָצעס האָט שלום־עליכם איבערגעריסן זיין צווייטע סעריע בריוו פון מנחם־מענדלען, וואָס ער האָט אין פאַרלויף פון דריי פערטל יאָר געשריבן פאַר דעם וואַרשעווער „היינט", און דערמיט האָט ער אויך אויפגעגעבן אינגאַנצן זיין מיטאַרבעטונג אין יענער צייטונג. געשען איז דאָס טאַקע איבער מנחם־מענדלס אַ בריוו וועגן דעם ענין בייליס, וואָס יאַצקאַן, דער רעדאַקטאָר פונעם „היינט", האָט זיך אָפּגעזאָגט צו דרוקן. (יאַצקאַנס מאָטיוו געדענק איך שוין ניט, און אויך דער אינהאַלט פון מנחם־מענדלס לעצטן, ניט־געדרוקטן בריוו איז פון מיר איצט פאַרגעסן — יענער בריוו איז ערגעץ פאַרוואַלגערט געוואָרן אין דער רעדאַקציע פונעם „היינט").

פון בערלין איז שלום־עליכם געפאָרן אויף עטלעכע פאָרלעזונגען אין די יידישע סטודענטן־קאָלאָניעס אין דער שווייץ און אין בעלגיע. צו נייייאָר 1914 האָט ער, צוזאַמען מיט זיין עלטערן זון מישאַ, אויך באַזוכט פאַריז, ווו אַן עולם פון איבער דריי טויזנט יידן, אימיגראַנטן פון רוסלאַנד און פוילן, האָט אים געגעבן אַ באַגייסטערטן קבלת־פּנים אין איינעם פון די גרויסע פאַריזער טעאַטער־זאַלן. דאָרט האָט ער זיך צום ערשטן מאָל באַגעגנט מיט אברהם רייזען, וועמען ער האָט נאָך אַלס יונגן אָנפאַנגער, אין די ניינציקער יאָרן, אויפגעמונטערט דורך וואַרעמע בריוו צו פּאָעטישער שאַפונג.

דורכגעלופטערט זיך אין דער גרויסער לעבעדיקער וועלט, איז שלום־עליכם געקומען אַהיים, צו דער פאַמיליע אין לאָזאַן. ער האָט אָבער דאָרט געטראָפן אַ קאַלטן רעגנדיקן ווינטער, און עס האָט אים ווידער גענומען ציען צו זיין אַלטן ליבן וואַרעמען ווינקל — קיין נערווי. נאָך אַ קורצן ישוב־הדעת איז ער אַהין אַרויסגעפאָרן אַליין, אָן באַגלייטער, צו פאַרענדיקן דעם ווינטער. דאָס איז שוין געווען זיין לעצטער באַזוך אין דעם זוניקן איטאַליענישן שטעטעלע, צו וועלכן ער האָט געטראָגן אַ מאָדנע צערטלעכע ליבשאַפט און דאַנקבאַרקייט פאַר זיין צוריקגעוווּנענעם לעבן. און ווי דאָס האַרץ וואָלט אים געזאָגט, האָט ער אונדז דעמאָלט געשריבן אין זיין פאַטאַליסטיש־גענויגטן, וועלן־טרעפנדיקן טאָן: „אַלזאָ, איך פאָר טאַקע קיין נערווי. צום זעקסטן מאָל. וויפיל מאָל וועל איך נאָך זיין אין נערווי?״...

יג

# נומאָס בר־מצוה

די קאַרגע צוויי חדשים, וואָס שלום־עליכם האָט פאַרבראַכט אין נערווי אָנהייב יאָר 1914, זענען ביי אים אפשר געווען די בעסטע טעג פון זיין לעצטן לעבנס־פעריאָד. ד״ר מאַנדעלבערג, זיין באַשטענדיקער דאָקטאָר אין נערווי, האָט געפונען, אַז די לונגען און דאָס האַרץ האָבן ביי אים דערגרייכט אַ פערפעקטן צושטאַנד, ווי קיינמאָל ניט פריער, אַזוי אַז ער מעג שוין פאַרגעסן, אַז ער איז אַמאָל געווען אַ חולה, — האָט דאָס שלום־עליכמען אַריינגעבראַכט אין אַ גליקלעכער שטימונג, וואָס האָט אים ניט פאַרלאָזט דעם גאַנצן פרילינג. זיין גוטער געמיט־צושטאַנד האָט זיך לעבעדיק אָפּגעשפיגלט אין מונטערע בריוו, וואָס ער האָט געשריבן אַהיים אין דער פאָרם פון אַ שפּילעוודיקן טאָג־בוך, ווו ער האָט פאַרצייכנט אַלערליי הומאָריסטישע סצענעס און געשפּרעכן פון זיינע טעגלעכע באַגעגענישן מיט די קור־געסט אויף דער זוניקער „מאַרינע״ אין נערווי.

אַזוי ווי ער איז דעמאָלט שוין מער ניט געווען פאַרבונדן מיטן „היינט״, האָט ער די פרייע צייט אויסגענוצט פאַר זיין אַלטער ליטעראַרישער ליידנשאַפט, וועלכע פלעגט אים מערסטנס באַזוכן אָדער אין גאָר־שלעכטע, אָדער אין גאָר־גוטע מאָמענטן: ער האָט געשריבן אַ פּיעסע. איצטיקס מאָל האָט ער זיך גענומען דראַמאַטיזירן טביה דעם מילכיקן. לכתחילה האָט ער די פּיעסע געגרייט פאַר ניו־יאָרק, הויפּטזעכלעך פאַר יעקב אַדלער, און האָט זיך וועגן דעם איבערגעשריבן מיט אייניקע אַמעריקאַנער פריינד. ער האָט אָבער באַקומען פון דאָרט ידיעות, אַז די ניו־יאָרקער יידישע טעאַטער־דירעקטאָרן גלייבן נאָך אַלץ ניט אין זיינע טעאַטראַלישע מעגלעכקייטן. האָט ער דער פּיעסע געגעבן אַן אַנדער ווענדונג, געהאַט אַ כוונה, זי זאָל געשפּילט ווערן פון אסתר רחל קאַ־

מינסקאַ, מיט וועמען ער האָט זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג. ווי אַזוי אָבער ער האָט ניט וואַריאירט דעם סוזשעט, איז טביה אַלץ אַרויס־געקומען די צענטראַלע פיגור, אַזוי אַז פאַר דער קאַמינסקאַ וואָלט דאָרטן ניט געווען קיין סך צו טאָן. האָט ער לסוף אינגאַנצן פאַרוואָרפן דעם געדאַנק צוצופאַסן די פיעסע פאַר אַ באַשטימטן טעאַטער, און האָט זי פון עטלעכע אָנגעשריבענע וואַריאַנטן פיקסירט אין איר לעצטער פאָרם, אין וועלכער זי איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן ערשט נאָך זיין טויט און איז, אין מיין טיילווייזער באַאַרבעטונג, אויפגעפירט געוואָרן צום ערשטן מאָל אין ניו־יאָרק דורך מאָריס שוואַרץ.

פון יענע דראַמאַטישע געבורטס־ווייען איז געבוירן געוואָרן ניט נאָר די פיעסע, נאָר אויך אַ נייע דערציילונג פון טביה דעם מילכיקן, שוין די לעצטע — „לך לך". די פיעסע האָט שלום־עליכם פאַרענדיקט דערמיט, וואָס טביה ווערט אַרויסגעטריבן פונעם דאָרף און זיין געשמדטע טאָכטער חוה בעט זיך מיט אים איבער און טיילט מיט אים דעם יידישן גלות — זאַכן, וואָס זענען אַרויסגעוואַקסן פון דער יידישער ווירקלעכקייט אין רוסלאַנד יענע טעג. וויבאַלד אַזוי, האָט שלום־עליכם געמוזט צו־פאַסן צום דאָזיקן פינאַל אויך דעם אָריגינעלן טביה — דאָס בוך פון זיינע דערציילונגען, כדיביידע טעקסטן, דער דערציילערישער און דער דראַמאַטישער, זאָלן שטימען אין זייער אינהאַלט. דאָ איז אים אָבער געשטאַנען אין וועג אַ פּאַקטישע שוועריקייט: לויט דער לעצטער דערציילונג, איז טביה שוין געווען אַוועקגעפאָרן קיין ארץ־ישראל. האָט זיך שלום־עליכם אַן עצה געגעבן און האָט טביהן אומגעקערט פון מיטן וועג צוריק אין דאָרף אַריין, מיט דעם אויסרייד, אַז ביי זיין עלטסטער טאָכטער צייטל איז פלוצעם געשטאָרבן דער מאַן, מאָטל קאַמזויל, און ער, טביה, מוז פאַרבלייבן אין דאָרף און ווערן אויף דער עלטער אַן „אבי יתומים". די עצה האָט אַפילו אויסגעזען אַ ביסל גע־קינצלט — עס האָט זיך אים אָבער געלוינט צוליב דעם רירנדן סוף, מיט וועלכן דאָס בוך „טביה" האָט זיך געשלאָסן.

איבערגעלייענט טביהס לעצטע דערציילונג „לך־לך", וואָס שלום־עליכם האָט מיר צוגעשיקט אויף איבערצושרייבן פאַר ש. ניגערס מאָ־

נאַט־שריפט „די יידישע וועלט״, מיט וועלכער ער האָט זיך דעמאָלט פאַרבונדן, האָט מיר איין סצענע דאָרט אויסגעזען ניט גאָר פאַסיק פאַר טביהס געהויבענעם כאַראַקטער און געלייטערטן סטיל. די צייט איז געווען צו־קורץ, האָב איך יענע סצענע אויף אייגענער ריזיקע אויס־געלאָזט אין דעם איבערגעשריבענעם עקזעמפּלאַר, וואָס איז געגאַנגען צו ניגערן קיין ווילנע. שלום־עליכם האָט מיין רעדאַקציע אָנגענומען כּאַר גוט און איז מיר אַפילו געווען דאַנקבאַר, וואָס איך האָב, אַזוי צו זאָגן, אָפּגעהיט טביהס כבוד. דער אויסגעלאָזטער עפּיזאָד האָט אָבער דאָך פאַרמאָגט אין זיך אַ הומאָריסטיש קערנדל, האָט ער אים פאַר־ברייטערט און אַריינגענומען אינעם פראָגראַם פון זיינע פאָרלעזונגען אין רוסלאַנד אָנהויב יענעם זומער, און אויך געלאָזט דרוקן ווי אַ באַ־זונדער זאַך אינעם „לאָדזער טאַגעבלאַט״. שפּעטער, אין ניו־יאָרק, קורץ פאַר זיין טויט, האָט ער דיזעלבע סצענע באַאַרבעט און דורכגעלייטערט פונדאַסניי פאַר דער ניו־יאָרקער „וואַרהייט״ אונטערן טיטל „וחלקלקות״, און מיט דעם פּאַטעטישן סוף־פּסוק „אונדזער אַלטער גאָט לעבט״, האָט ער ווי אונטערגעשטראָכן דעם סך־הכל פון זיין קלאַסישער עפּאָפּעיע, וועלכע ער האָט געשריבן אין משך פון דריי און צוואַנציק יאָר. (אַגב, איז דאָ כדאַי צו פאַרצייכענען, אַז אויך מנחם־מענדל, טביהס קרוב און פּאַראַלעל־גייער, שליסט זיין בוך מיט אַן ענלעכער פראַזע: „מיר האָבן אַ שטאַרקן גאָט״ — איין לעצטער העל־קלינגענדיקער בטחון־אַקאָרד פון שלום־עליכמס בעסטע צוויי סימפאָניעס).

זיצנדיק אין נערווי, האָט שלום־עליכם זיך אָנגעהויבן ערנסט גרייטן צו זיין טור איבער רוסלאַנד, צו וועלכן ער האָט זיך געצויגן שוין עטלעכע יאָר. דער טור, וואָס האָט זיך באַדאַרפט אָנהייבן חול־המועד פּסח מיט אַ קבלת־פּנים אין וואַרשע, איז אַראַנזשירט געוואָרן דורך אַן אָדעסער אימפּרעסאַריאָ, און לויט די הכנות, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן אין פאַרשיידענע שטעט, אַריינגערעכנט אויך פּעטערבורג און מאָסקווע, האָט מען געקאָנט דערוואַרטן גאָר אַ גרויסן ערפאָלג. איצט איז אויך דער מאַטעריעלער מאָטיוו פון דער דאָזיקער נסיעה פאַר שלום־עליכמען געווען וויכטיק: זיין בודזשעט איז לעצטן ווינטער אַיינגעשרומפּען

געוואָרן דורך זיין אַוועקגיין פונעם „היינט“, און אויך דורך דעם, וואָס זיינע רוסישע פאַרלעגער, צוויי ברידער, האָבן זיך צעקריגט און דעם פאַרלאַג צעריסן אויף צוויי, אַזוי אַז די אַיינקונפט פון זיינע רוסישע ביכער האָט דערפון היפש געליטן. שלום־עליכם איז אָבער געווען פול מיט האָפענונג וועגן זיין פאָרשטייענדיקער נסיעה. ער האָט אונדז געשריבן אויף זיין פאַנטאַזירנדיקן שטייגער, ווי יעדן מאָל, ווען ער איז געשטאַנען פאַר אַ נייער אונטערנעמונג, אַז דער טור דאַרף אים ברענגען, לכל הפחות, פופציק טויזנט רובל — „אָבער צוואַנציק טויזנט וועט דאָך געוויס זיין!“... די איינציקע שוועריקייט איז נאָר געווען אין באַקומען דערלויבענישן פאַר די פאָרלעזונגען. נאָכן מיאוס־דורכגעפאַלענעם ביילים־בלבול האָט די רוסישע מאַכט נאָך האַרטער געמאַכט איר האַרץ אַקעגן יידן.

אַזוי ווי ער האָט אינגיכן באַדאַרפט זיין אין וואַרשע, האָט שלום־עליכם באַנייט זיין קאָרעספּאָנדענץ מיט זיין אַלטן חבר מרדכי ספּעקטאָר, פון וועמען ער איז די לעצטע יאָרן, זינט ער איז אַרויסגעטראָטן פון זיין צייטונג „די נייע וועלט“, אַ ביסל אָפּגעפרעמדט געוואָרן. ער האָט אים געשריבן אין פריילעכן, שטיפערישן טאָן אַזוי:

„פריינד ספּעקטאָר!

„מיט אַלטן, נאָר ליבן און הייליקן האָט אַ בלאָז געטאָן צו מיר אין האַרצן פון דיין קורץ, נאָר וואַרעם בריוועלע. — — —. דו פרעגסט, וואָס קאָנסטו טאָן, בכדי מיר זאָלן זיך זען אינגיכן אין וואַרשע? אָט אַ נאַאיווער מענטש ספּעקטאָר! ווייסט ניט, אַז מע וואַרט אויף אַ „ראַז־רעשעניע“? זיצסט צוואַנציק יאָר אין וואַרשע, צי נאָך מער, ביסטו קראַנק אַ זאָג טאָן דאָרט דעם פאָליצמייסטער אַ פאָר ווערטער, ער זאָל ניט מאַכן קיין אָנשטעלן? „פּאַני, — זאָג אים מיט אַ מויל אויף דיין רישעס, — פּאַני! ווי דומאַיטיע שלום־עליכם רעפעראַט טאָוואַרישטשי קיש־קיש קורי נאַ סוואָבאָדו? אי נע נאַטשינאַיעטסאַ! צע נע באָלי מעני דאָברע בראַטיקעל טשיטאַיעט פּאָ נאַשעמו פּאָ זשאַרגאָנסקעמו אַ מי יעווריטשיקי דערזשימסאַ זאַ סטאַרעני אי קאַטשאַיעמסאַ נאַ זעמליאַ!“... [פריץ! איר מיינט, שלום־עליכמס רעפעראַט האָט צו טאָן

מיט די טאָוואַרישטשעס, וואָס טרייבן די הינער אויף דער פרייהייט (ד. ה. רעוואָליוציאָנערן)? עס הייבט זיך גאָרניט אָן! ס'איז ניט מער און ניט ווייניקער ווי אַ גוט ברודערל, וואָס לייענט אויף אונדזער לשון, אויף זשאַרגאָן, און מיר יידעלעך האַלטן זיך ביי די זייטן און קאַטשען זיך אויף דער ערד פון געלעכטער]. אָט אַז דו טרעטסט אַרויס מיט אַזאַ לשון, באַקומט ער דאָס נייגיעריקע און טוט זיך אַ שרייב־אונטער: „שלום־עליכם ראַזרעשאַיו אי קאָניעץ!” [איך דערלויב שלום־עליכמען — און אַן עק!]. ווי דו זעסט, בין איך דערווייל אין מיין אַלטער היים, אין נערווי, זיץ ביים ים אויף דער הייסער ברענענדיקער זון און — שרייב. מע ווערט, זאָגסטו, עלטער? איך ניט. איך, דאַנקען גאָט, ווער דערווייל יינגער. איך האָב פיינט ווערן עלטער! בראָצקי [דער קיעווער מיל־יאָנער לעוו בראָדסקי. — י. ד. ב.] האָט מיר אַמאָל זיך מודה געווען, אַז ער האָט פיינט אַ קבצן. איך בין זיך מודה, אַז איך האָב פיינט אַן אַלטן... נאָר דיך האָב איך ניט פיינט, ווייל דו ביסט מרדכי ספּעקטאָר און האָסט נאָך, ברוך השם, אַ שיינעם אַפּעטיט צום עסן. הלואי לאורך ימים — אָמן ואָמן!

„דיינער געוועזן און געבליבן

שלום־עליכם”.

פון נערווי איז שלום־עליכם דערווייל געפאָרן אַהיים קיין לאָזאַן אויף אַ צווייענדיקן יום־טוב: אויף פסח צום סדר און אויף דער בר־מצוה פון זיין מיזיניק נומאַ, וואָס איז אויסגעפאַלן יענע טעג. נומאַ איז ביי אים געווען דאָס סאַמע ליבסטע קינד — ערשטנס, ווייל דאָס יינגסטע, מיט וועמען ער האָט זיך ניט געשיידט אויף אַלע זיינע וואַנדערונגען אין אייראָפּע און אַמעריקע, זינט ער האָט פאַרלאָזט קיעוו, און צווייטנס, ווייל דער פאָטער האָט אין די קינדערשע כאַראַקטער־שטריכן פון זיין זון געזען אַן אָפּשפּיגלונג פון זיין אייגענער קינדהייט: דיזעלבע צע־היצטע קינדערשע פאַנטאַזיע, דיזעלבע נייגונג צו הומאָריסטישע אָפּ־שניצלעך און שטיפערייען, וואָס ענדיקן זיך מיט הילכיקע געלעכטערן, דערצו אַן אויסדריקלעכע קינסטלערישע באַגאַבטקייט פון די סאַמע

פריע יאָרן. נומאַ האָט געהאַלטן אין איין מאָלן „מענטשעלעך“, אַלץ קאָמישע פיגורן, און דער פאָטער האָט שוין דעמאָלט געחלומט, אַז פון זיין יינגסטן זון וועט אַמאָל אויסוואַקסן אַ מאָלער — אפשר אַ קאַריקאַטוריסט. ער האָט אים שטאַרק געבאַלעוועט, געציטערט איבער אים ניט ווי אַ טאַטע, נאָר ווי אַ מאַמע, אָנגעקוואָלן פון זיין וואַקסן שיין, פון זיינע פעאיקייטן, פון זיין אויסגעצייכנטן שאַך־שפּילן צו צוועלף יאָר.

איצט, אַז נומאַ האָט באַדאַרפט ווערן בר־מצוה, איז דאָס פּאַר שלום־עליכמען געווען אַ גרויסע פאָטערלעכע איבערלעבונג. ער האָט די פייערונג באַשטימט אויף שבת־הגדול — נאָר דערפאַר, ווייל זיין אייגענע בר־מצוה איז אויך פאָרגעקומען אין דעם דאָזיקן טאָג. ער האָט צו אונדז קיין בערלין, קומענדיק אַהיים, דערפון אַזוי געשריבן (אין רוסיש):

„הייסט עס, איך בין אין דער היים, כמעט נאָך אַ צוויי־מאָנאַטלעכן איבעררייס. — — —. אָ, ווען איר זאָלט זען נומטשיקן און ווען איר זאָלט הערן, ווי אַזוי ער לייענט די פרשה פון דער תורה, וואָס ער וועט דאַרפן זאָגן שבת אין שול, און די ברכות, נאָר דערהויפּט די פרשה: ומפתח אהל מועד, — וואָלט איר אויך געווען גערירט, אויב ניט אַזוי ווי איך, איז כאָטש האַלב דערפון. מיר האָבן צעשיקט אַרום פופציק איינלאַדונגען, שטאָטישע און אויסשטאָטישע. — — —. אָקערשט איז געווען אַ הייסער וויכוח צווישן מיר (דעם עקסטרעם־לינקן אָפּטימיסט) און צווישן דער מאַמע (דער עקסטרעם־רעכטער פעסימיסטקע). דער אָפּטימיסט האָט פאָרגעלייגט, אַז מע זאָל אַייך אַלעמען אויסשרייבן פון בערלין אויפן קומענדיקן שבת צו דער בר־מצוה, און פאַר איינוועגס — שוין אויף פסח (אויף די ערשטע טעג; און אפשר אויף אַלע טעג — עס ווענדט זיך אין וואַרשע). און מישאַ וואָלט אויך געקומען. מיט איין וואָרט, דער יום־טוב און די שמחה וואָלטן געווען פאַר פול. די פעסימיסטקע אָבער האָט מיך אָנגערופן עגאָאיסט. זי באַהויפּטעט, אַז פאַר אַייך איז עס גאָרניט אַזוי וויכטיק ווי פאַר אונדז. דאָס איז איינס. והשנית, אַז די זאַך איז פאַקטיש אוממעגלעך: מיכאל עקזאַמענירט זיך, און ס'איז פאַרבונדן מיט הוצאות. די נסיעה אַליין היין און צוריק

באַטרעפט 400 פראַנק, א. אַ. וו. אַזוי, אַז מיין חלום, וואָס איך האָב געשפונען, ווערט צעקראָכן און די משפחה ווערט צעריסן. דאָס איז זייער טרויעריק. ס'איז ניט דערגרייכלעך, למשל, צו קויפן אַ ווילע, צי אַ צוקער־פאַבריק, צי אַן אייגענע צייטונג. אָבער אַזאַ זאַך, פון דעסטוועגן, איז דאָך ניט אַזוי שווער צו דערגרייכן. וואָס פאַר אַ ווערדע האָבן עטלעכע הונדערט פראַנק דאָרט, ווו עס גייען־אַוועק טויזנטער און ווו עס פעלן־אויס טויזנטער? — — —. מעגלעך, אַז מיך באַוועגט דאָ אַ ריין־עגאָאיסטישער אינסטינקט. עס גלוסט זיך מיר תמיד אַרומ־נעמען דאָס, וואָס לאָזט זיך ניט אַרומנעמען. און אויך סענטימענטאַליזם איז ביי מיר פאַראַן אַ סך. למשל, איך האָב מיך דערמאָנט, ווי אַזוי די באַבושקאַ האָט איינמאָל, קוקנדיק אויף נומטשיקן, זיך אויסגעדריקט, אַז זי וואָלט נאָר וועלן דערלעבן ביז זיין בר־מצוה. איך האָב מיך עס דערמאָנט גראָד אין דער מינוט, ווען ער האָט געזונגען פאַר מיר דאָס ברכת־התורה און זיין קלינגענדיק קול האָט אָפּגעהילכט אין מיינע אויערן, — און די אויגן זענען מיר פאַרלאָפן מיט טרערן. אָט אַזאַ מענטש בין איך פון דער נאַטור און אַזאַ וועל איך שוין שטאַרבן. — — —."

געוויס האָבן מיר אַלע, צוזאַמען מיט די קויפמאַנס, שטאַרק חשק געהאַט צו זיין אויף דער משפחה־פייערונג. ס'איז אָבער געווען אַן אָפּהאַלט: מיכאל קויפמאַן האָט דעמאָלט געהאַלטן סאַמע ביי זיינע לעצטע דאָקטאָר־עקזאַמענעס אין דער בערלינער אוניווערסיטעט און האָט ניט געקאָנט מבטל זיין קיין איין טאָג. איז ביי אונדז געבליבן, אַז נאָר די פרויען מיט די קינדער זאָלן פאָרן, און כדי צו פאַרשאַפן שלום־עליכמען אַ פריילעכע איבערראַשונג, וועלן זיי קומען קיין לאָזאַן אומגעריכט, אָן אַ טעלעגראַמע. אַזאַ סורפריז האָט שלום־עליכמען שטאַרק דערפרייט; ס'איז פאַר אים אָבער געווען ניט גענוג — עס האָבן געפעלט נאָך צוויי צו אַ פולער שמחה. האָבן מיר, איך און קויפמאַן, עטלעכע טעג פאַר פסח באַקומען פון אים אַ בריוו, דווקא אין יידיש און באַצייכנט בחדר"ג („בחרם דרבינו גרשום" — דאָס הייסט: קאָנספּיראַטיוו) — אַ זעלטענער מוסטער פון זיינע משפחה־בריוו, פון וועלכן ער שיינט אַרויס אין זיין גאַנצן לויטערן פאָטער־געשטאַלט:

„לבני היקרים דוב ומיכל, בערקאָוויטש וקויפמן!

„אייערע פלוניתטעס האָבן אונדז אָפּגעטאָן, הייסט עס, אַ שפּיצל — געקומען צו פאָרן אָן אַ שום ידיעה און געמאַכט אַ טאַרעראַם, אַרויס־גערופן געלעכטערן ביזן הימל, פאַרכאַפּט אַ שטיק בר־מצוה, אונדז געבראַכט פאַרגעניגן און פרייד עד אין קץ — און דאָך פאַרדינען זיי, מע זאָל זיך מיט זיי אָפּרעכענען און משלם זיין בכפל כפליים. איך האָב אַ פּלאַן אַ גאָלדענעם! אָבער טאַקע גין־גאָלד! אַזוי ווי, הייסט עס, זיי זענען די קלוגע און די גליקלעכע, און איר ביידע זענט נעבאָך די איבערגעבליבענע „שטרויענע אלמנס", און אַזוי ווי עס גייט צו פּסח, אַזאַ יום־טוב, און מיר זענען שוין דאָ אַלע, חוץ אַייך צווייען, און זיי, אייערע קלוגע ווייבער, זענען זיכער, אַז איר זיצט דאָרטן טרויוועדיק אין בערלין, עלנט אָן אַ קינד, אָן אַ רינד, על־כן איז אַ שכל און אַ יושר און אַ מצוה און אַן אויפטו און אַ המצאה, אַז ס'זאָל זיך עפענען ביי אונדז פרייטאָג ערב פּסח די טיר און איר ביידע זאָלט אויסוואַקסן, ווי פונעם הימל אַראָפּגעפאַלן! איך שטעל מיר פאָר די געלעכטערן שוין באַצייטנס! ניין, אַחוץ דעם תענוג מיטן נחת־רוח, וואָס איר וואָלט אונדז מיטגעבראַכט אַלע אינאיינעם, בנערינו ובזקנינו, צום סדר — ווער ווייסט, וויפיל פּסחן עס שטייען נאָך פאַר אונדז, וואָס מיר זאָלן אַלע קאָנען זיין אינאיינעם? — אַחוץ דעם, וואָס דאָס וואָלט גלאַט געוועזן אַ יושר, ס'איז אין גאַנצן דריי־פיר טאָג ווערן צעריבן, אַחוץ דעם, וואָס איר וואָלט אי אונדז, אי זיך געטאָן אַ טובה, — אַחוץ די אַלע זאַכן, בין איך פונעם איינפאַל און פונעם וויץ אַזוי באַגייסטערט, אַז ווען איך בין רויטשילד, שענק איך אַייך דערפאַר אַ מיליאָן! איצטער זיצן ביי אונדז אין סאַלאָן די קאַבאַקס [א. א. קאַבאַק — אַ העברעאישער בעלעטריסט. — י. ד. ב.], טיסי דערציילט עפּעס פון גרופּעס טשער־נאָוויץ־גאָלדבערג מיט נאַקעטע נשים אין אבאַציאַ, און דער עולם קאַ־טשעט זיך דאָרט פאַר געלעכטער, בעלאַ און תמרה זענען שוין געגאַנגען שלאָפן, און קיינעם פאַלט אַפילו ניט איין, אַז איך שרייב צו אַייך אָט דאָס פּראָוואָקאַטאָרישע בריוול! אַך, קינדער! קינדער! טוט מיר די געפעליקייט און זעצט אַייך אויף דאָנערשטאָג האַלב פיר אויף דער

באַן, אין דערזעלבער צייט וואָס אייערע ווייבער, און קומט צו פאָרן פרייטאָג אינדערפרי צו אונדז. ס׳איז אַלעס פאַרטיק. דעם סדר האָבן מיר באַשטעלט ביי שעכטמאַנען [אַ רעסטאָראַטאָר אין לאָזאַן. — י.ד.ב.], צוזאַמען מיט די קאַבאַקס, אין אַ באַזונדער זאַל. אַ קוואַרטיר וואַרט אויף אַייך ביי אונדז. געסט וועט איר זיין זייער־זייער אָנגעלייגטע ביי אַלעמען. אַ מצוה וועט איר פאַרדינען אין אייערע קינדער, און נאָך מער אין מיר, ובזכות זה וואָס מירן זיך אָנלאַכן, האָבן תענוג, פאַרברענגען צוויי טעג, זיך פאָטאָגראַפירן אַ גרופּע (מישאַ קומט אויך אויף פסח פון לייזען), וועט איר האָבן אַמאָל פון אייערע קינדער דעם זעלבן נחת, וואָס מיר פון אַייך — און פאָרן וועלן מיר אויך אַלע אינ־איינעם, אם ירצה־השם, זונטאָג אויף דער נאַכט קיין בערלין, וואָרעם 1/14 איז מיין ערשטער אָוונט אין וואַרשע. רק איר זאָלט פריער קויפן אונדז צוויי בילעטן צווייטער קלאַס מיט שלאַפוואַגען איבער קאַליש — בערלין־וואַרשע, און ברענגען זיי מיט זיך, און קיין דעפּעש — הזהר והשמר — ניט געבן, און קומען אומגעריכט און זאָגן אַ גוט מאָרגן — און שאַ!

„דברי אביכם החפץ לראותכם בקרוב ובלב שמח

שלום־עליכם.

„פּ. ס. איך ווייס דאָך ווען דער צוג דאַרף קומען פרייטאָג אינדער־פרי, 11.30, וועל איך אַייך אָפּוואַרטן אויפן וואָקזאַל און ברענגען אַייך צו פירן אונטער די הענט ביידן גלייך אין שטוב אַריין און אַפילו נישט פאַרקרימען זיך — אָט זענען זיי!״

דער בריוו האָט מיך אַזוי צענומען, אַז איך בין צוגעשטאַנען צו מיין שוואָגער קויפמאַן מיט כל מיני בקשות, אַז מיר מוזן ביידע פאָרן. אויך ז. שניאור, וועלכער איז דעמאָלט געזעסן אין בערלין, האָט מיר אין דעם געהאָלפן. שניאור איז געוועזן אַזוי באַגייסטערט פון שלום־עליכמס בריוו, אַז ער איז גרייט געוועזן מיט אונדז מיטצופאָרן. קויפמאַנען איז געוואָרן שלעכט: ס׳איז ביי אים פאָרגעקומען אַ שטאַרקער קאַמף

צווישן דעם יצר־הרע פון די דאָקטאָר־עקזאַמענעס און דעם יצר־טוב פון פראַוועון דעם סדר מיט שלום־עליכמען.

דער סוף איז געווען, אַז מיר זענען ניט געפאָרן. און אַזוי האָבן מיר פאַרשפּילט דעם לעצטן סדר ביי שלום־עליכמען, וואָס האָט געזאָלט געפראַוועט ווערן „בנערינו ובזקנינו" — מיט דער גאַנצער פאַרזאַמלטער משפּחה.

יד

# דער לעצטער טור איבער רוסלאַנד

דעם ערשטן טאָג חול־המועד פסח 1914 זענען מיר אַרויס באַגעגענען שלום־עליכמען אויפן בערלינער אַנהאַלטער־באַנהויף, פון וואַנען ער איז געפאָרן, אין דער באַגלייטונג פון זיין פרוי, צו דער רוסישער גרענעץ. און אויפן צווייטן טאָג איז ער באַגעגנט געוואָרן אויפן וואַרשעווער „ווינער וואָקזאַל" פון אַ גרופּע פריינד און שריפטשטעלער, צווישן זיי דוד פרישמאַן, מרדכי ספּעקטאָר, יעקב דינעזאָן און אויך י. ל. פּרץ, וועלכער האָט זיך מיט אים ברודערלעך צעקושט — דאָס ערשטע מאָל אין לעבן. פאַר די לעצטע עטלעכע יאָר האָבן ביידע שריפטשטעלער אַרויס־געוויזן איינער דעם אַנדערן אַלץ מער התקרבות, אַזוי אַז אין איינעם פון זיינע קורצע בריוולעך האָט פּרץ זיך געווענדט צו שלום־עליכמען אַפילו אויף „דו". עס האָט אויסגעזען, ווי זייער אַלטע קעגנזייטיקע אומפריינדשאַפט פון די יונגע יאָרן איז שוין אַוועק אין דער פאַרגעסנקייט.

וועלנדיק אויסמיידן אַ צו גרויסן טומל, האָבן די וואַרשעווער צייטונגען ניט געמאָלדן דעם טאָג פון שלום־עליכמס אָנקומען. פון דעסט־וועגן האָט זיך אויפן וואָקזאַל פאַרזאַמלט אַ היפשער עולם. נאָר דער אמתער רעש איז געווען דעמזעלבן אויפדערנאַכט, אַרום דעם „מיניאַ־טור־טעאַטער", וווּ שלום־עליכם האָט געהאַט זיין ערשטן אַרויסטריט. דער גרויסער זאַל איז געווען איבערגעפּאַקט, און די טויזנטער מענטשן, וואָס זענען געבליבן פון דרויסן, האָבן באַגעגנט דעם גאַסט ביים טעאַטער מיט שטורמישע אָוואַציעס. אַן אויפגעמונטערטער פון אַזאַ קבלת־פּנים, האָט שלום־עליכם דורכגעפירט זיין פאָרלעזונג מיט פולער אַרטיסטישער קראַפט. ד"ר גרשון לעווין דערציילט אין זיינע זכרונות וועגן יענעם אָוונט, אַז פּרץ, וועלכער איז געזעסן לעבן אים בשעת דער פאָרלעזונג, האָט זיך פאַר אים אויסגעדריקט וועגן שלום־עליכמען אַזוי: „די קראַנ־

קייט איז אים זייער צוניץ געקומען; ער איז געוואָרן פּאָפּולערער און ער לייענט בעסער"...

שלום־עליכם האָט אונדז אין זיינע טאָג־טעגלעכע בריוו אָפּגעגעבן פולע באַריכטן פון אַלע זיינע אַרויסטרעטונגען. נאָך דער ערשטער פאַר־לעזונג אין וואַרשע האָט ער אונדז געשריבן: „דער אָוונט אַליין איז דורכגעגאַנגען מער ווי ערפאָלגרייך. אַך, וואָס פאַר אַן אונטערשייד צווישן דעם רוסישן יידישן עולם און דעם אויסלענדישן! איך האָב שוין לאַנג ניט געזען אַזאַ עקזאַלטירט פּובליקום. טויזנטער מענטשן זענען געבליבן אָן בילעטן. פינקעלשטיין [דער אַרויסגעבער פונעם „היינט". — י. ד. ב.] האָט מיר געזאָגט: גיט מיר אַ זאַל פון 10,000 פּלעצער, וועל איך אים אין דריי טעג אָנפילן. ער איז, דאַכט זיך, ניט פון די, וואָס איבערטרייבן".

באַלד נאָכן ערשטן אָוונט איז אין וואַרשע געווען צוגעגרייט אַ צווייטער —ביידע אַראַנזשירט פונעם ליטעראַריש־מוזיקאַלישן פאַר־איין „הזמיר", וועלכן פּרץ האָט די לעצטע יאָרן געהאַלטן אונטער זיין איינפלוס און אים געגעבן אַ יידישיסטישן טאָן. נאָר דאָ איז צווישן פּרצן און שלום־עליכמען אַרויסגעקומען אַ סיכסוך, וואָס האָט שיער ניט אומגעוואָרפן זייער שוואַך־צונויפגעשטעלטן שלום. פּאַסירט האָט דאָס איבער אַ פּרינציפּיעלער פראַגע: ווער דאַרף געבן שלום־עליכמען דעם ערשטן באַנקעט אין וואַרשע — די יידישיסטן, אָדער די העברע־איסטן? די יידישיסטן זענען געווען גרופּירט אַרום פּרצן אינעם „הזמיר", און די העברעאיסטן — אַרום דער געזעלשאַפט „חובבי שפת עבר", וואָס האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבן פאַרצווייגן אין אַ סך שטעט אין רוסלאַנד. ד"ר גרשון לעווין, אַליין דער פאָרזיצער פונעם „הזמיר", וואָס האָט שלום־עליכמען גענומען אונטער זיין מעדיצינישער השגחה, האָט דווקא דערקלערט, אַז שלום־עליכם, אַלס געוועזענער חולה, קאָן ניט גיין אויפן באַנקעט פונעם „הזמיר", ווייל דער זאַל איז דאָרט אַן ענגער און דער סופיט אַ נידעריקער. ווי באַלד אַזוי, האָט פּרץ געפאָדערט, אַז שלום־עליכם זאָל ניט אָננעמען אויך דעם באַנקעט פון די העברעאיסטן. אָבער אַקעגן אַזאַ פאַרבאָט האָט זיך געשטעלט שלום־עליכם אַליין. אַחוץ וואָס

ער האָט ניט אָנערקענט די צעטיילונג פונעם יידישן פאָלק אויף צוויי שבטים — אויף אַ העברעאיסטישן און אַ יידישיסטישן, און האָט זינט דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ אַרויסגעוויזן זיין נעגאַטיווע באַציאונג צו דעם, וואָס מע האָט יידיש אַוועקגעשטעלט ווי אַ פיינדלעכע קול־טורעלע שטרעמונג קעגן העברעאיש, — האָט ער דאָ, צווישן די וואַר־שעווער „חובבי שפת עבר", געהאַט נאָענטע גוטע פריינד, פון וועמען אים איז באַזונדער איינגענעם געווען אָנצונעמען אַ קבלת־פּנים. אָט וואָס ער האָט אונדז פון דעם געשריבן דעם 16טן מאַי:

„— — — נו, פאַרשטייט זיך, אַז מיר זענען אַריינגעפאַלן אין דאָס סאַמע געדיכטע פונעם וואַרשעווער זומפּ. — — —. די „חובבים" האָבן מיך אַיינגעלאַדן אויף זייער אָוונט (נעכטן), וועלנדיק מיך באַגריסן. האָט פּרץ אָנגעשטעלט די „הזמיר'צעס", אַז דאָס איז, הייסט עס, פאַר זיי אַ באַליידיקונג, וואָס איך גיי פריער צו די „העברעאיסטן". האָט זיך אָנגעהויבן אַ טומל אויפן טעלעפאָן. — — —. דער באַפולמעכ־טיקטער פון זיי (כלומרשט — און אין דער אמתן, פון פּרצן) איז דינעזאָן. מע האָט געסטראַשעט, אַז אויב איך וועל גיין צו די „חובבים", וועט דער צווייטער אָוונט ניט פאָרקומען, דאָס געלט פונעם ערשטן אָוונט וועט זיך צעגיין (1300 רובל), און מיך וועלן די יידישיסטן אַריינלייגן אין חרם. די געשרייען זענען געווען ביז האַלב עלף אינאָוונט. — — —. איך האָב געלאָזט וויסן, אַז דווקא ווייל זיי סטראַשען מיט געלט, זאָג איך מיך אָפּ פונעם צווייטן אָוונט און גיי צו די „חובבים". און איך בין געגאַנגען. דער קבלת־פּנים איז געווען אַ שטורעמדיקער. — — —. איך האָב באַדאַרפט ענטפערן עקספּראָמט אויף העברעאיש, וואָס איר וועט מסתמא לייענען אין דער „הצפירה". אין זאַל איז גע־שטאַנען אַ געלעכטער. צוועלף אַזייגער בין איך צוריקגעקומען אַהיים. דינעזאָן איז אינגאַנצן דערהרגעט. פּרץ וועט מסתמא אָנגיין מיט זיינע שטיק. דערווייל האָט ער מיר געגעבן צו וויסן דורך דינעזאָנען, אַז פאַר אים, פאַר פּרצן, עקזיסטיר איך שוין מער ניט. אַ סוף. און וואַרשע איז פאַר מיר געשטאָרבן. אַן עק! איך מיין פון דעסטוועגן, אַז דאָס אַלץ איז ניט ווערט קיין אויסגעבלאָזן איי..."

נאָכן „העברעאיסטישן" באַנקעט האָט שלום־עליכם דאָך געוואָלט איבערבעטן פּרצן און אים געלאָזט וויסן, אַז ער וויל צו אים קומען מיט אַ באַזוך. נאָר פּרץ האָט אים דערויף געענטפערט מיט אַ קורצן טרוקענעם בריוועלע, אין אָפיציעלן טאָן: „ליבער ה' שלום־עליכם, צו מיין פאַרדרוס קאָן איך היינט אין דער היים ניט זיין, י. ל. פּרץ. חול־המועד פּסח". דינעזאָן איז געוווען אויסער זיך: ער האָט זיך דערזען צווישן צוויי פייערן. האָבן זיך אַריינגעלייגט „מענטשן" אינמיטן, און טאַקע ביי דינעזאָנען אין קאַמער איז ווידער געשלאָסן געוואָרן שלום. אַלע דריי, פּרץ, שלום־עליכם און דינעזאָן, האָבן זיך פאָטאָגראַפירט צוזאַמען, און אויפן „יידישיסטישן" באַנקעט, וואָס איז פאָרגעקומען אינעם ענגן זאַל פונעם „הזמיר" שביעי של פּסח, האָט פּרץ געהאַלטן לכבוד דעם גאַסט אַ פייערלעכע רעדע, געטאַדלט די „ראַדיקאַלע כלל־טוער", „דווקא די ניט זייער קלוגע, די קורצזיכטיקע", וואָס אונטערשעצן שלום־עליכמען, זעען אין אים בלויז דעם אָפּלאַכער. דערביי אָבער האָט ער אויך ניט געשאַנעוועט דעם באַלעבאַטישן עולם, ביי וועמען שלום־עליכם איז געהויכט און געקרוינט. „דער באַלעבאָס — האָט ער געזאָגט — שמעלצט זיך אין שלום־עליכמס ווערק, ווי אַ קניידל אין פּוטער. אַן ענטוזיאַסטישע אויפנאַמע האָט שלום־עליכם געהאַט נאָך פריער, אינעם באַלעבאַטישן „חובבי שפת עבר". ביים לאַכן פאַרדייעט זיך דאָס עסן זייער גוט, דער מאָגן אַרבעט פיין..."

דאָס מאָל אין וואַרשע האָט שלום־עליכם דערזען, ווי ווייט זיין פּאָפּולאַריטעט איז פאַר די לעצטע יאָרן אויסגעוואַקסן ביים פּויליש־יידישן עולם. ער האָט אונדז געשריבן, אַז ער קאָן דאָרט פשוט אַ גאַס ניט דורכגיין. ווי נאָר ער באַווייזט זיך אין דרויסן, אַזוי הייבט זיך אָן קלייבן אַרום אים אַ יידישער עולם, וועלכער לאָזט אים ניט אָפּ, גייט אים נאָך פוס־טריט. איינמאָל אַ שבת האָט מען אים דערזען שפּאַצירן אינעם זאַקסישן גאָרטן — איז אין אַ האַלבער שעה דער גאָרטן פאַר־פלייצט געוואָרן מיט טויזנטער מענטשן, וואָס האָבן אים אַריינגענומען ווי אין אַ קלעם. דער געדראַנג איז געוואָרן אַזוי גרויס, אַז מע האָט געגעבן צו וויסן דעם פּאָליצמייסטער וועגן עפּעס אַן אומפאַרשטענד־

לעכער ספּאָנטאַנער יידישער דעמאָנסטראַציע. שלום־עליכם האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ נאָענטן רעסטאָראַן, און אַזוי ווי עס איז געווען שבת און דער צונויפגעלאָפענער עולם איז באַשטאַנען, צום מיינסטן, פון חסידישע יונגעלייט, האָט ער געמוזט אָפּוואַרטן ביז ס'איז געוואָרן פינצטער און זיך ערשט דעמאָלט געראַטעוועט אין אַן אויטאָמאָביל.

פון זיינע באַגעגענישן מיט די וואַרשעווער יידן האָט אים באַזונדער גערירט אָט דער עפּיזאָד: זיצנדיק איינמאָל מיט זיין פרוי און מיט דינעזאָנען אויף דער אָפענער וועראַנדע פונעם קאַפע „בריסטאָל", האָט ער באַמערקט, ווי צוויי חסידישע יונגעלייט, שוין יידן מיט בערד, האָבן זיך אָוועקגעשטעלט פון דער ווייטן, געקוקט צו אים מיט גרויס נייגע־ריקייט און עפּעס גערעדט צווישן זיך אין דער שטיל. לסוף האָט זיך איינער פון די צוויי אַנטשלאָסן און איז צוגעקומען צו שלום־עליכמס טישל.

— וועט מיר זיין ערלויבט אָפּצוגעבן שלום־עליכם אונדזער טייערן שלום־עליכם? — האָט דער יונגערמאַן געפרעגט.

שלום־עליכם האָט אים דערלאַנגט די האַנט.

— איך קוק שוין לאַנג אַרויס אויף אַזאַ מאָמענט. — האָט דער יונגערמאַן געזאָגט און אַ קוש געטאָן שלום־עליכמען די האַנט. — איר זענט דאָך אונדזער טרייסט, איר פאַרזיסט אונדז דעם ביטערן גלות.

אָפּגעזאָגט דעם פסוק, האָט דער חסידישער יונגערמאַן זיך שיר ניט צעוויינט און איז מיט גיכע טריט אַוועק.

שלום־עליכם האָט דעם דאָזיקן עפּיזאָד נאָכדעם געהאַלטן אין זכרון, ווי איינע פון זיינע בעסטע שריפטשטעלערישע באַלוינונגען.

אַן אמתן אויסבראָך פון באַגייסטערונג און ליבשאַפט האָט שלום־עליכם באַגעגנט אויף דער פּראָווינץ, אין די שטעט, ווו ער האָט געגעבן זיינע פאָרלעזונגען. און ניט נאָר אין די שטעט אַליין — אויך אויף די באַן־סטאַנציעס, וועלכע ער איז דורכגעפאָרן, זענען אַרויסגעקומען יידן מאַסנווייז אים צו באַגריסן. דאָס איז געווען אַ זעלטענער קבלת־פּנים, וואָס אַ שריפטשטעלער האָט ווען באַקומען פון זיין פאָלק. ביי אַ סך פון זיינע פאַרערער אין די דאָזיקע שטעט איז יענער זומער פאַרבליבן

אין זכרון, ווי „שלום־עליכמס זומער״ — אַפילו די שרעקן פון דער מלחמה, וואָס זענען גלייך נאָכדעם אויסגעבראָכן, האָבן דעם איינדרוק ניט אָפּגעווישט.

שלום־עליכם אַליין, וואָס איז צו יענער צייט שוין געווען זאַט מיט כבוד און רום, האָט דעם דאָזיקן אויסברוך פון פאָלקס־ליבשאַפט אויפ־גענומען מיט ניט ווייניקער התלהבות, ווי זיין עולם. אין זיינע בריוו צו אונדז האָט ער יעדן קבלת־פּנים פאַרצייכנט, ווי אַ גרויס געשעעניש. פון לאָדז האָט ער אונדז געשריבן: „לאָדז איז פון זינען אַראָפּ. מע האָט מיר געמאַכט אַ יובילעי. צען אַדרעסן, בלומען, בריוו, אַ פעדער, רעדעס, מאַניפעסטאַציעס אָן אַ סוף. די גאַנצע פעטריקאָווער גאַס איז פאַרפּלייצט מיט עולם. די אַרבעטער האָבן זיך אַריינגעריסן און מיר געקושט די הענט. מע האָט מיך שיר ניט דערשטיקט...״

און פון דווינסק:

„דווינסק האָט מיט איר קבלת־פּנים פאַרטונקלט אַלע פריערדיקע שטעט. ווען איך קום צו פאָרן קיין ארץ־ישראל, וואָלט איך קיין בעסערס ניט געקאָנט האָבן. די גאַנצע יוגנט האָט זיך פאַרזאַמלט אויפן וואָקזאַל. מע האָט ניט נאָר אונטערגעטראָגן בלומען, נאָר בוכשטעבלעך [מיך] פאַרשאָטן מיט בלומען און דעם גאַנצן וועג ביז צו דער קאַרעטע אויס־געבעט מיט בלומען. די געשרייען „הוראַ״ זענען ניט אַנטשוויגן געוואָרן ביז די קאַרעטע איז אָפּגעפאָרן. אָפיצערן, פּאָליציע, זשאַנדאַרמען זענען געווען פאַרטויבט און צעטומלט. ס׳איז אונדז ניט געווען באַקוועם, און אַפילו אַ מורא, עס זאָל עפּעס ניט געשען...״

עטלעכע און צוואַנציק שטעט האָט שלום־עליכם יענעם זומער באַ־זוכט — ער איז דורכגעפאָרן פוילן, ליטע און קורלאַנד, ביז פּעטערבורג. ער האָט אונדז געשריבן אין זיין באַגייסטערט־פאַנטאַזירנדיקן טאָן, אַז ווען ער זאָל נאָר וועלן זיך צולאָזן, קאָן ער האָבן פאַרלעזונגען אין פינף הונדערט שטעט, מיט אַן איינגאַמע פון צוויי הונדערט טויזנט רובל — „אָבער וואָס ווערט פון מיר דעמאָלט בלייבן?״... שוין דער דאָזיקער ניט־גרויסער טור איז אים גלאַט ניט אָפּגעלאָפן: ער איז אינמיטן וועג קראַנק געוואָרן און איז אָפּגעלעגן אין ווילנע עטלעכע

וואָכן. קיין מאַטעריעלע גליקן האָט ער דערפון אויך ניט דערלעבט. די איינגאַמען זענען טאַקע געווען גרויס, אָבער די הוצאות, די טייערע האָטעלן און די לוקסוס־רייזעס האָבן כמעט אַלץ פאַרשלונגען. דערצו איז ער געשטרויכלט געוואָרן מיט צוויי אימפּרעסאַריאָס, וועלכע האָבן אים היפּש באַנומען. ער האָט אָבער פון דער דאָזיקער נסיעה אַרויס־געטראָגן אַ גרויסן גייסטיקן לוין — די הייסע אָנערקענונג פונעם פאָלק, וועלכע איז אים פאַרבליבן אין טעם און אים נאָכדעם פאַרזיסט זיינע לעצטע ביטערע טעג אין אַמעריקע.

פאַר דער צייט, וואָס שלום־עליכם איז געווען אין וועג, איז אין דער וואַרשעווער צייטונגס־וועלט פאָרגעקומען נייעס: די באַלעבאַטים פונעם ביכער־סינדיקאַט „צענטראַל" האָבן אָפּגעקויפט דעם וואַקלדיקן „פריינד" און אים באַנייט אונטערן נאָמען „דאָס לעבן". שלום־עליכם איז דעמאָלט געווען אַ פרייער מענטש, ניט פאַרבונדן מיט קיין שום צייטונג, זענען די נייע צייטונגס־אַרויסגעבער געקומען צו אים קיין ווילנע, און נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען, אין וועלכע איך האָב אויך אָנטייל גענומען דורך בריוו, איז ער אַריינגעטראָטן אין „דאָס לעבן" ניט נאָר ווי אַ מיט־אַרבעטער, נאָר אויך ווי אַ שטיקל שותף: פאַר איין מאָל אין וואָך שרייבן האָט מען אים באַשטימט פיר טויזנט רובל יערלעך און פינף פּראָצענט פונעם ריינעם פּראָפיט. שלום־עליכם איז מיט זיין שותפותדיקן טייל אין דער צייטונג געווען מער שטאָלץ ווי מיטן גרויסן האָנאָראַר, וואָרעם שוין אויף דער צווייטער וואָך נאָך זיין אַריינטרעטן אין דער באַנייטער צייטונג, האָט די צירקולאַציע אַ שפּרונג געטאָן אויף גאַנצע דרייסיק טויזנט. ער האָט גלייך גענומען שרייבן, נאָך פונעם וועג, אַ סעריע פעליעטאָנען „דער פּראָגרעס אין כתרילעווקע" — שטאָף פון זיינע לעצטע איינדרוקן אין וואַרשע און אויף דער פּראָווינץ.

מען איז צו אים אויך געקומען מיט אַלערליי פּראָיעקטן וועגן גראַ־מאָפאָן־רעקאָרדס פון זיינע פאָרלעזונגען און פילם־בילדער פון זיינע ווערק. איינער אַ פילם־אונטערנעמער, וואָס האָט זיך ערשט געהאָט אומגעקערט פון אַמעריקע, האָט אים געבראַכט גאָר אַ גראַנדיעזן פּלאַן: פילמירן אַלע זיינע ווערק, די ראָמאַנען מיט די דערציילונגען, און אַפילו

די מאָנאָלאָגן. מע האָט שוין גערעדט פון באַדינגונגען, און דווקא אין גרויסן מאַסשטאַב: טויזנט רובל אַ חודש פאַר דער אַרבעט פון אינסצע־נירן זיינע ווערק און צוואַנציק פראָצענט פונעם פּראָפיט. דערביי האָט שלום־עליכם מיך אויך אַריינגענומען פאַר אַ מיטאַרבעטער צום אינסצע־נירן. ער האָט דעם דאָזיקן פאַנטאַסטישן פּלאַן אויפגענומען, אויף זיין שטייגער, מיט גרויס באַגייסטערונג און האָט אונדז וועגן דעם געשריבן אין פריילעך־הומאָריסטישן טאָן אַזוי:

„ — — — די פּלענער זענען אַזעלכע גראַנדיעזע, אַז דער קאָפּ דרייט זיך. — — —. פּאַטע האָט דאָך אויך אָנגעהויבן קליין. איצט איז ביי אים 40,000,000! כפלט אויף 20 פּראָצענט — 8 מיליאָן! דאָס וועט ביי אונדז, הייסט עס, זיין אַכט מיליאָן! איך קויף תמרהן אַ ראָיאַל, בעלאַן אַ קאָלאָסאַלע ליאַלקע, טיסין אַ ווילע, ליאַלין אַ דאָקטאָר־קאַ־בינעט פאַר מיכאלן און עטלעכע אַקציעס ביי וו. ווערטהיים און קאָ. [אַ גרויסע דעפּאַרטמענט־סטאָר אין בערלין. — י. ד. ב.], מישאַן אַן אויטאָמאָביל, עמאַן און מאַרוסין צו 250,000 נדן, נומאַן אַ גאָלדן שאַך־ברעט, בערקאָוויטשן אַ ציַיטונג און אַ דרוקעריי, דער מאַמען אַ ריכ־טיקע שליאַפּע, און זיך — אַ שרייבגעצייג...“

צי פון יענע חלומות וועגן גראַמאָפאָן און פילם וואָלט עפּעס געקאָנט אַרויסקומען — איז שווער צו זאָגן, ווייל אינמיטן איז געקומען די מלחמה און האָט אַלץ געמאַכט פאַרגעסן.

טו

# מלחמה

פאַרענדיקט זיין טור איבער רוסלאַנד אינמיטן יולי, האָט שלום־עליכם באַשלאָסן צו פאַרברענגען דאָס רעשט פונעם זומער צוזאַמען מיט דער פאַמיליע ערגעץ אין אַ פּרייסישן זומערפלאַץ, נעענטער צו וואַרשע, ווו ער האָט איצט געהאַט אַ באַזונדער אינטערעס אין דער נייער צייטונג „דאָס לעבן". מיר מיט די קויפמאַנס, די בערלינער, האָבן באַדאַרפט באַשטימען דאָס פלאַץ, — האָבן מיר אויסגעקליבן דאָס שטעטל אַלבעק, אַ הערלעכן שטילן ווינקל אויף די גאָלדיקע זאַמדן פונעם באַל־טישן ים. מיר האָבן געדונגען אַ ווילע נאָענט ביים ברעג ים, אויסגעשריבן פון דער שווייץ אַלע יינגערע קינדער און זיך געגרייט מקבל־פנים זיין די עלטערן פון רוסלאַנד.

מיר אַליין, דאָס הייסט, איך מיט מיין קליינער פאַמיליע, האָבן דערביי אינגאַנצן זיך אָפּגעזעגנט פון בערלין. מיר האָבן דאָרטן געהאַט אַ שווערן, געדריקטן ווינטער. די אומפּריינדלעכע דייטשן זענען אונדז ניט געפעלן געוואָרן, די האָפענונג אויף אַ העברעאישן ליטעראַרישן צענטער אין בערלין איז צעקראָכן געוואָרן, מיין אַרבעט איז נאָך אַלץ געווען אָפּהענגיק פון אָדעס און וואַרשע — האָט אונדזער זיצן אין דער פרעמד אויסגעזען, ווי אַ ווילדער אומזין. עס האָט אונדז שוין ווידער געצויגן ערגעץ אַנדערש. האָבן מיר דערווייל אויפגעגעבן אונדזער וווינונג, פאַרקויפט די ערשט־איינגעאָרדנטע באַלעבאַטישקייט צו אַ באַ־קאַנטן זשורנאַליסט און זענען געקומען קיין אַלבעק מיט אַלע אונדזערע פעקלעך, גרייט צו לאָזן זיך נאָכן זומער אויף גאָטס באַראָט.

אויך די יינגערע קינדער האָבן מיטגעבראַכט פון דער שווייץ כמעט שלום־עליכמס גאַנצן באַגאַזש, דערהויפּט דעם גרויסן שווערן קאַסטן, אין וועלכן עס איז געווען פאַרפּאַקט זיין רייכער ליטעראַרישער אַרכיוו,

וואָס ער האָט געזאַמלט אין משך פון צענדליקער יאָרן. לויט שלום־עליכמס ווונטש, האָב איך אין די פרייע וואַקאַציע־טעג באַדאַרפט דעם אַרכיוו איבערקוקן פונדאָסנייע און ברענגען אין אָרדנונג דעם צוגע־קומענעם מאַטעריאַל פון די לעצטע יאָרן. שלעפּן אַזאַ שווערן און ווערט־פולן אוצר פון דער שווייץ אינעם וויטן פּרייסן, סך־הכל אויף קורצע זומערדיקע חדשים, האָט אויסגעזען ווי אַ קאַפּריז. נאָר שפּעטער האָט שלום־עליכם דעם דאָזיקן בלינדן ווונטש, אויף זיין פאַטאַליסטישן שטייגער, פאַררעכנט ווי אַ מין נביאיש פאָרגעפיל, ווי אַ באַשערטע זאַך פון אויבן.

שלום־עליכם און זיין פרוי זענען אָנגעקומען קיין אַלבעק דעם 22טן יולי — צען טעג איידער דער וועלט־קריג איז אויסגעבראָכן. ער האָט אויסגעזען מיד און אויסגעבלייכט פון זיין לאַנגן טור; ער איז אָבער געווען פול מיט מונטערע איינדרוקן און אינערלעך געשטאַרקט, ווי נאָך אַ גרויסן נסיון, פון וועלכן ער איז אַרויס מיט ניצחון, געבענטשט און דערוואַרעמט פונעם פאָלק, מיט וועלכן ער האָט זיך, נאָך אַ לאַנגער צעשיידונג, ווידער באַגעגנט פּנים אל פּנים. ער האָט אויך געבראַכט אַ פריילעכן גרוס פונעם יידישן לעבן אין רוסלאַנד: ניט געקוקט אויף אַלע גזירות און אונטערדריקונגען, וואָס יידן זענען אויסגעשטאַנען די לעצטע יאָרן פון דער פינצטערער רעאַקציע אינעם לאַנד, האָבן זיי זיך דאָך פאַרוואָרצלט און צעוואַקסן אין דעם ענגן תחום, ווי קיינמאָל פריער ניט. דער מסחר האָט זיך צעבליט, די שפע איז געוואָרן גרויס, און יידן גייען־אום מיט אויסגעלייטערטע זאַטע פּנימער אַפילו אין דער אָרעמער ליטע. אין אַזאַ שטעטל, ווי לידע, האָבן באַלמעלאָכעס געקויפט דווקא די טייערע בילעטן צו זיין אָוונט, דערביי האָט מען זיך פאַר אים באַ־רימט, אַז אין לידע איז מער ניטאָ דער מין אָרעמלייט. און אין מינסק האָט זיך אויסגעבויט אַ רייכער מאָדערנער האָטעל, וואָס וואָלט געמעגט איינשטיין אין בערלין — ספּעציעל פאַר יידישע סוחרים, רייכע וואַלד־הענדלער פון פּאָליעסיע. נאָר אינטערעסאַנטער פון אַלץ איז דער אויפ־שטייג פונעם גייסטיקן לעבן אין יידישע שטעט און שטעטלעך. די יידישע פּרעסע האָט זיך צעוואַקסן ניט נאָר אין וואַרשע, נאָר אויך אין דער

פראָווינץ. די לאָדזער טאָגבלעטער פאַרמעסטן זיך אַריבערצושטייגן אַפּילו די וואַרשעווער. דאָס יידישע וואָרט צעשפּרייט זיך, דרינגט אַריין אין די סאַמע פאַרוואָרפענע ווינקלען. אומעטום זענען אויפגעקומען ליטעראַריש־מוזיקאַלישע פאַראיינען, „הזמירס" און „האַרפעס", אַמאַטאָ־רישע טעאַטער־גרופּעס, יידישיסטן און העברעאיסטן קערן וועלטן — ס'איז לעבעדיק!... וואַרשעווער ליטעראַטן פאָרן אַרום איבער דער גע־בענטשטער פּראָווינץ, ווי ניימאָדישע משולחים, ווי ליטעראַרישע אַפּאָס־טאָלן, מיט פאָרלעזונגען, מיט לעקציעס, — ס'איז געוואָרן אַ נייע שריי־בערשע פּראָפעסיע. אַמאָל, מיט אַ יאָר צען צוריק, איז ער געווען דער איינציקער, וואָס פלעגט זיך ווייזן פאַר אַ לעבעדיקן עולם, און פּרץ האָט דערויף געקרימט מיט דער נאָז, אַז אַזעלכעס פּאַסט ניט פאַר אַ שריפט־שטעלער. איצט, דאַנקען גאָט, גיט שוין פּרץ אויך פאָרלעזונגען אין דער פרעמד, און ניט נאָר פּרץ — ס'איז שוין אַריין אין דער שוסטער־גאַס. געוויס איז אין דעם דאָזיקן פּראָווינציעלן טומל מיט „ליטעראַטור" און „קונסט" פאַראַן אַ היפּש ביסל פונעם קאָמישן עלעמענט, וואָס קאָן געבן שטאָף פאַר אַ נייעם טיפּ „קליינע מענטשעלעך"; ס'איז אָבער פאָרט אַ דערפרייענדיקע דערשיינונג, אַ צייכן פון נייע צייטן. אויב עס זאָל אַזוי אַוועקגיין אַ צען יאָר נאָכאַנאַנד, וועלן מיר דערלעבן גרויסע חידושים ביים רוסישן יידנטום.

די דאָזיקע געשפּרעכן, אין פאַרטראַכטן, מילד־געשטימטן טאָן, האָט מיט מיר שלום־עליכם געפירט די ערשטע עטלעכע טעג נאָך זיין קומען קיין אַלבעק, שפּאַצירנדיק אין די זוניקע פרימאָרגנס איבער די פריש־געוואַשענע ליכטיקע זאַמדן פונעם ברעג ים, אין דער באַגלייטונג פון זיינע צוויי אייניקלעך, תמרה און בעלאַ. אַז הינטער אונדז, ערגעץ אין דער גרויסער וועלט, גרייט זיך עפּעס שרעקלעכעס, וואָס וועט אָט־באַלד אויסברעכן אין אַ שטורעמווינט און מאַכן אַ חורבן פון אַלע גרויסע און קליינע האָפענונגען ביי מענטשן און פעלקער, און אויסראָטן מיט די וואָרצלען דאָס צעבליטע רוסישע יידנטום — דאָס וואָלט אונדז אויף די געדאַנקען ניט געקאָנט קומען. אמת, פאַר די לעצטע עטלעכע וואָכן, זינט מע האָט אין סאַראַיעוואָ דערשאָסן דעם עסטרייכישן קרוינפּרינץ,

האָבן זיך גענומען ציען פאַרדעכטיקטע וואָלקנדלעך אויפן ליכטיקן האָ־ריזאָנט פון אייראָפּע, אין דער פּאָליטישער וועלט האָט זיך עפּעס אין דער טיף געקאָכט, די קעפּלעך אין די בערלינער צייטונגען האָבן גע־רייצט ניט צום גוטן. נאָר אָט איז שוין אַריבער באַלד אַ חודש, און די טעג זענען נאָך אַלץ געשטאַנען זומערדיק־שטילע, יום־טובדיקע, מיט אַ לויטערן בלויען הימל, מיט אַ פרישער פרייידיקער זון אַלע פרי־מאָרגן. איצט, אַז איך דערמאָן זיך אָן יענע ליכטיקע זומער־טעג, וואָס האָבן זיס געדרעמלט אויף ים און זאַמד אונטער אַ שטילן פרידלעכן הימל, שטעלן זיי זיך מיר פאָר, ווי דער הערלעכער סוף פון אַ גוטער, פרידלעכער וועלט, וועלכע איז אומגעריכט פאַרפלייצט געוואָרן פון אַ בייזן פינצטערן מבול, פאַרפלייצט געוואָרן גאָט ווייסט אויף ווי לאַנג...

ווער האָט אין אַזעלכע טעג געקאָנט טראַכטן פון אַזאַ שוידערלעכן משוגעת, ווי וועלט־מלחמה? מיר זענען געווען פאַרנומען מיט פריילעכע־רע זאַכן. עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז מיר זענען דאָ, אין דעם דאָזיקן פּראַכטיקן ווינקל, ניט אַליין — עס האָט זיך גענומען קלייבן אַרום שלום־עליכמען רוסיש־יידישע „דאַטשניקעס", באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע, צווישן זיי אויך ז. שניאור, וואָס האָט יענע טעג געמאַכט אַ רייזע אינעם גאַנצן דענעמאַרק און איז אויף מיינעם אַ בריוו געקומען זיך באָדן אין אַלבעק. מיר האָבן זיך גאַנצע טעג געבראָטן אויף דער זון, אינעם הייסן גאָלדיקן זאַמד. מיר האָבן געדונגען איינס פון די געפלאָכטענע שטרוי־ביידלעך, וואָס זענען געווען אויסגעשטעלט אויפן ברעג ים צום נוצן פון די אָנגעפּאָרענע געסט, און דאָרט פאַרבראַכט די זוניקע טעג מיט יונג און אַלט. שלום־עליכם איז געזעסן אין שאָטן פונעם ביידל, געשריבן זיין „פּראָגרעס אין כתרילעווקע", און די קינדער האָבן אַרום אים געבויט פון זאַמד אַ הויכע פעסטונג. מיכאל קויפמאַן, וואָס איז פון שטענדיק־אָן אַן „אומן־יד", האָט די פעסטונג באַפּוצט מיט ים־שטיינדלעך, אויסגעפלאַסטערט מיט גרויסע געכתיבהטע אותיות דעם נאָמען „שלום־עליכם". האָט דאָס איינמאָל אַ פאַרנאַכט צוגעצויגן די אויפמערק־זאַמקייט פון אַ דייטשן פלאָט־אָפיציר, אין אַ ווייסער אוניפאָרם, וואָס איז דאָ פאַרבייגעגאַנגען מיט זיינעם אַ יינגל. דער אָפיציר האָט זיך אָפּ־

געשטעלט אַ פאַרחידושטער און עפּעס גענומען רעדן מיט זיין יינגל. ער איז צוגעגאַנגען צו אונדזערביידל מיט אַ פרום־שעמעוודיקער מינע.

— אַנטשולדיקט, וואָס איך באַלעסטיק. איר זענט יידן?

— יאָ, יידן.

— איך בין אויך אַ ייד. די דאָזיקע הייליקע ווערטער זענען מיר גוט באַקאַנט. איך געדענק זיי פון מיין קינדהייט, פונעם יידישן געבעט־בוך.

און ער האָט גלייך פאַרטייטשט פאַר זיין יינגל:

— „שלום־עליכם" הייסט — פרידן... איך — האָט ער זיך געווענדט צו אונדז מיט אַ פרומען, עכט־יידישן קוק פון זיינע גוטע מאַטראָזישע אויגן — מיין אויך אַזוי, אַז עס וועט זיין פרידן... ס'איז אַ וואַנזין אַצינד צו טראַכטן פון קריג. צו וואָס זאָלן מענטשן אין אַזעלכע פריד־לעכע, ציוויליזירטע צייטן זיך פּלוצעם נעמען שלאָגן, בלוט פאַרגיסן? ניין, עס וועט זיכער זיין פרידן! איך בין מיט אייך מסכים פונעם גאַנצן האַרצן — „שלום־עליכם"!...

און מיט דעם איז ער פאַרשוווּנדן, ער מיט זיין יינגל, אין דער רוי־טער טונקלקייט פון די פאַרנאַכטיק־באַלויכטענע זאַמדן.

אוי־ווי, די גוטע הבטחה פון דעם פאַרביי־געגאַנגענעם יידיש־דייטשן מאַטראָז, וועלכער האָט מיר דערנאָך אויסגעזען ווי אַ מין סימ־באָלישע דערשיינונג, ווי דער לעצטער שליח פון אַ פאַרגאַנגענער גליקלעכער צייט, — איז ניט מקוים געוואָרן. שוין אויף מאָרגן האָבן די פאַרדעכטיקטע וואָלקנדלעך אויפן האָריזאָנט זיך צונויפגעקליבן אין אַ היפּשער כמאַרע, פון וועלכער עס האָט זיך געלאָזט הערן אַן אָפּקלאַנג פון ווייטע דונערן: די בערלינער צייטונגען זענען אַרויס מיט אַ גוואַלד, אַז רוסלאַנד האָט אָפּגעטאָן דייטשלאַנד אויף טערקיש און האָט שטילער־הייט מאָביליזירט דעם רעזערוו. שלום־עליכם איז געפאָרן אין דער נאָענטסטער האַפן־שטאָט סווינעמונדע און איז פון דאָרט געקומען מיט ניט קיין פריילעכער בשורה: דער רוסישער רובל איז מיט אַ מאָל שטאַרק געפאַלן. אַחוץ וואָס ס'איז געווען אַ שלעכטער סימן פאַר דער אַלגעמיינער לאַגע, האָט דאָס אים פּערזענלעך אָנגערירט: דאָס גאַנצע

געלט, וואָס ער האָט געבראַכט פון רוסלאַנד, איז געווען אין רוסישע אַסיגנאַציעס.

איצט האָבן מיר שוין פאַרגעסן די ליכטיקע זאַמדן אויפן ברעג ים. מיר זענען אַלץ געלאָפן אין שטעטל אַריין קויפן די עקסטרע צייטונגען פון בערלין. יענע טעג זענען פאַרבליבן אין זכרון שוין אין אַ גאַנץ אַנדער געשטאַלט. דער הימל איז פלוצעם באַדעקט געוואָרן מיט אַ געדיכטער פינצטערער כמאַרע, און דונערן האָבן זיך געטראָגן איינער נאָכן אַנדערן, איינער בייזער פונעם אַנדערן — ביז די לופט איז אויפגעציטערט געוואָרן פון אַ שרעקלעכן קלאַפּ: דייטשלאַנד האָט דערקלערט רוסלאַנד קריג!

ביי שלום־עליכמען איז די אומגעריכטע אויפרודערונג געווען פאַרבונדן מיט ניי־צוגעפאַלענע פיזישע יסורים: ער האָט די לעצטע עטלעכע טעג אָנגעהויבן צו ליידן פון אַן אומפאַרמיידלעך נערוועזן דאָרשט. פריער האָבן מיר אים געזוכט צו באַרואיקן, אַז דאָס קומט פון דער געזאַלצענער ים־לופט. וואָס אַ טאָג מער איז אָבער דער דאָרשט ביי אים געוואָרן אַלץ שטאַרקער און פיינלעכער. ער האָט געטרונקען אָן אַ שיעור וואַסער און אַלץ געטענהט, אַז עס טריקנט אים אינווייניק אויף פאַרברענט צו ווערן. ער איז געוואָרן מיט אַ מאָל אָפּהענטיק, מאָדנע דערשלאָגן, געקוקט אויף אונדז אין טיפער אַנגסט, ניט געהאַט אַפילו גענוג מוט צו באַטראַכטן און באַחידושן, אויף זיין נייגעריקן שטייגער, די גרויסע געשעעניש, וואָס פאַסירט פאַר זיינע אויגן. ער איז נאָר געווען איבערראַשט דערפון, וואָס די מלחמה איז אויסגעבראָכן פונקט אום תשעה־באב: איז דאָס אַ צייכן, אַז די יידן אין רוסלאַנד וועלן דורך איר אויסגעלייזט ווערן פון קנעכטשאַפט, אָדער עס דערוואַרט זיי אַ נייער חורבן?

יענע נאַכט פון מלחמה־דערקלערונג האָב איך לאַנג ניט געקאָנט אַנשלאָפן ווערן. און אַז איך בין אויף אַ מאָמענט אַריינגעפאַלן אין שלאָף, האָט זיך מיר געחלומט, אַז איך עפן אַ יידישע צייטונג, דערזע אַ שוואַרצע טרויער־ראַם, און אין דער ראַם — דעם נאָמען „שלום־עליכם"... איך האָב זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ שטאַרקער האַרצקלאַפּעניש.

הגם איך האָב זיך געהאַלטן צווישן די, וואָס מאַכן ניט קיין ווערן פון חלומות, האָב איך אין דער פינצטערער קלעם פון דער נאַכט אַ טראַכט געטאָן מיט שרעק, אַז שלום־עליכם וועט די מלחמה ניט אַריבערלעבן.

אויף מאָרגן פרי — זונטאָג איז דאָס געווען, — האָבן מיר שוין געטראָפן אין אַלבעק אַ גרויסע בהלה: די דייטשן זענען מאָביליזירט געוואָרן, און אונדז „רוסן" האָט מען באַפוילן דורך אויסגעקלעפּטע פּלאַקאַטן, מיר זאָלן ביז אָוונט זיך אָפּטראָגן פון דאַנען, אָפּרייניקן דעם געפערלעכן ברעג ים. מיר זענען געלאָפן זען, וואָס טוען די אַנדערע „רוסן", אונדזערע באַקאַנטע זומער־געסט — אַלע זענען געווען צע־שראָקן, זיך געפּאַקט אין גרויס אַיילעניש, געוואָלט כאַפּן דעם פּרימאָר־געגנדיקן צוג קיין בערלין. אונדזער דייטש, דער באַלעבאָס פון דער ווילע, האָט אונדז אָנגעהויבן טרייבן, מיר זאָלן שוין אַרויספאָרן, אַניט וועט ער שווער באַשטראָפט ווערן. ער האָט אָבער ניט פאַרגעסן צו פאָדערן, מע זאָל אים באַצאָלן פאַר דער דירה. שטעלן זיך טענהן מיט אים, אַז ער האָט דערויף קיין רעכט ניט, איז קיין מוט ניט געווען, וואָרעם דער דייטש האָט שוין געקוקט ווי אַ שונא. האָט מען אים פאָרגעלייגט רוסיש געלט. האָט ער דאָס צוריקגעוואָרפן: רוסיש געלט איז מער קיין געלט ניט! זאָל מען אים געבן אָדער דייטשע מאַרקן, אָדער ווערטזאַכן — בריליאַנטן, גאָלדענע זייגערס. דערביי האָט ער אויסגעשטרעקט די האַנט צו שלום־עליכמס „מוזיקאַלישן" זייגער, וויסאָצקיס מתנה. מע האָט אים קוים אַיינגעבעטן, ער זאָל דאָך נעמען רוסיש געלט — רובלס קעגן מאַרקעס. דערצו האָט מען אים נאָך געגעבן אַ פּרעמיע: דעם יידישן „רעמינגטאָן", וואָס שלום־עליכם האָט צו זיין יובילעי באַקומען אַ מתנה פון די אַמעריקאַנער קאָלעגן. וואָס דער דייטשער פישער־גוי האָט געטאָן אין די מלחמה־יאָרן מיט דער יידישער שרייבמאַשין — ווייסט נאָר איין גאָט.

ענדלעך האָבן מיר זיך אַרויסגעקליבן מיט דער גאַנצער פאַמיליע, צוועלף פאַרשוין אין צאָל, און מיטן אָנגעפּאַקטן באַגאַזש אויף צוויי וועגן, און געטראָפן דעם אַלבעקער באַנהויף־פּלאַץ פאַרפלייצט פון אַן אייגענעם עולם, יידן מיט ווייבער און קינדער, אַלע מיט אַנגסטלעכע

פנימער, ניט אויסגעשלאָפענע, צעשויבערטע, אין היסטערישן געטומל — אַ גאַנצער יידישער גלות. מיר האָבן גאָרניט געוווסט, אַז אין דעם דאָזיקן פאַרוואָרפענעם ים־ווינקל נעסטעט זיך אַזאַ היפשע „רוסישע" קאָלאָניע! אין דעם געדראַנג האָב איך דערזען אויך שניאורן. נאָר ער איז געווען גליקלעכער פון אונדז: ער האָט געהאַט מיט זיך נאָר זיין לייכטן האַנט־געפעק. ווי ענטפערנדיק אויף מיין קנאהדיקן בליק, האָט ער הומאָריס־טיש אַ קוק געגעבן אויף אונדזערע צוויי וועגן מיט באַגאַזש און מיר אַ זאָג געטאָן: „אָהאָ, קיין עין־הרע ניט!"... און איז ערגעץ פאַר־שווונדן געוואָרן אין דער געדיכטעניש פונעם עולם. מער האָב איך אים שוין ניט געזען ביז נאָך דער מלחמה.

קוים זיך דערשלאָגן צו דער באַגאַזש־סטאַנציע, האָט זיך אַרויס־געשטעלט, אַז מיר האָבן אויף זיך אַן אומגליק: מע וויל ניט נעמען אין באַגאַזש אונדזער גרויסן קאַסטן, שלום־עליכמס ליטעראַרישן אַרכיוו. ער וועגט העכער הונדערט קילאָ און מוז גיין אין פראַכט. ס׳איז אָבער זונטאָג, די פראַכט־סטאַנציע איז געשלאָסן, — וואָס־זשע טוט מען דאָ? „נעמט אַוועק צום טייוול אייער גאָט־פאַרדאַמטן רוסישן קאַסטן!" — האָבן בייז געשריען די דערצאָרנטע דייטשע באַן־באַאַמטע. אין פאַר־צווייפלונג האָט שלום־עליכם אַריינגעשטופּט דעם טרעגער אין האַנט אַריין אַ גאָלדענע מטבע און געהייסן טראָגן דעם קאַסטן צום צוג, אין קופּע אַריין. דער צוג איז אָבער געווען אַן איבערגעפּאַקטער — אויך מיט אַרויסגעטריבענע „רוסן" פון די שכנותדיקע ים־פּלעצער, און אַז דער טרעגער האָט הינטער אונדז אַריינגעקוועטשט דעם קאַסטן אין וואַגאָן אַריין, האָט פּאַסירט אַ קאַטאַסטראָפע: דער שלים־מזלדיקער קאַסטן האָט פאַרטשעפּעט ביי איינעם אַ דייטשן פּאַסאַזשיר די אויסגע־פּרעסטע זונטאָגדיקע הויזן. דער דייטש האָט זיך אָנגעצונדן, געמאַכט אַ גוואַלד, געשאָלטן מיט טויטע קללות דעם „פאַרפלוכטן רוסישן בער", וואָס שטופּט זיך אין דייטשלאַנד מיט זיינע לאַפּעס, צעטראַמפּלט דייטשע האָב און גוטס! אויף זיינע באַנומענע קולות איז אָנגעקומען דער קאָנדוקטאָר, אַ נעם געגעבן דעם קאַסטן און אַרויסגעשליידערט פונעם וואַגאָן. ניט לאַנג געטראַכט, בין איך נאָך אים אויך אַראָפּגעשפּרונגען.

איך האָב נאָר צייט געהאַט צו הערן די איבערגעשראָקענע קולות פון דער פאַמיליע און דאָס געוויין פון מיין טעכטערל — אינעם צווייטן אויגנבליק האָט זיך דער צוג אַ ריר געטאָן און איז אַוועק.

געבליבן אַליין מיט שלום־עליכמס אַרכיוו אויפן אָפּגעליידיקטן פּעראָן, האָב איך איבערגעלעבט אַ טאָג פון יסורי־גיהנום. דער נעקסטער צוג קיין בערלין האָט ערשט באַדאַרפט קומען אין אָוונט, און דאָ שטיי איך איין־איינציקער „רוס", אַן עלנטער, אַן איבערגעלאָזטער פון זיין פאָלק אין אַ פרעמדן העק, אין דעם געפערלעכן לאַגער פון דעם פריש־אויפגעקאָכטן שונא, און נאָך מיט אַזאַ באַמבע דערצו! וויפיל דייטשן עס זענען דורכגעגאַנגען דעם באַנהויף, ניט געקוקט אויף דער אויסער־געוויינלעכער צערודערונג פונעם טאָג, — איז יעדער איינער פון זיי צוגעקומען צום פּעראָן און אָפּגעמאָסטן אונדזביידן, מיך מיטן קאַסטן, מיט אַ פאַרדעכטיק־שפּיציקן בליק: ווער איז דער דאָזיקער פאַרבליבע־נער רוס, און וואָס האָט ער דאָ אין זיין גרויסן קאַסטן?... איינער איז אַפילו אַ בעלן געווען מיך נעמען אויף אַ שטרענגן פאַרהער: „וואָס פאַר אַ קאַסטן איז דאָס?" „זאַכן". „וועלכע זאַכן?" „ביכער". „ווּהין גייען די ביכער?" „קיין בערלין". „ביכער קיין בערלין?"... דער פאַרשוין האָט מיך אָנגעקוקט אומצוטרוילעך, אַ דריי געטאָן די וואָנצע אַרויף און איז אַוועק. איך בין שוין געווען זיכער, אַז אָט קומט ער צוריק מיט פּאָליציע און נעמט מיך אַוועק מיט מיין באָמבע ערגעץ אויף אַ גוטן אָרט.

נאָר גאָט איז דאָך אַ פאָטער. אָפּגעשטאַנען אַזוי עטלעכע שעה אין טיפער פאַרלאָרנקייט, געהאַלטן שוין וויט לאחר יאוש, זע איך, ווי איינער אַ באַן־אַרבעטער מיט אַ שוואַרץ־פאַרשמירטן פּנים, וואָס האָט זיך געפּאָרעט מיט געצייג ביי די רעלסן, קוקט צו מיר פון זיין שוואַרצקייט מיט אַ נייגעריק־ליכטיקן שמייכל, עפּעס גאָרניט ווי אַ דייט־טשער שונא. פון דעם דאָזיקן מענטשלעכן קוק ווערט מיר לייכטער אויפן האַרצן און איך ענטפער אים אויך מיט אַ פריינדלעכן בליק.

„וואָס שטייסטו דאָ אַזוי לאַנג מיטן קאַסטן?" — פרעגט ער מיך מיטן זעלבן שמייכל. דערצייל איך אים מיין לאַגע און פרעג, צי קאָן ער מיר ניט העלפן? הייבט ער זיך אויף פון די רעלסן, גייט צו און טוט

אַ טרייסל דעם קאַסטן. „אַ היפּש פּעקל, זאָגט ער, מע דאַרף אַ מענטשן העלפן, — קום מיט מיר!" און ער טוט אַ נעם דעם קאַסטן אויף די פּלייצעס, לאָזט זיך גיין, און איך נאָך אים, שוין מיט פרייליכע, לייכט־געוואָרענע טריט. אַריינגעקומען אין דער טונקעלער באַגאַזש־אָפּטיילונג, טרעפן מיר דאָרט נאָר איין באַאַמטן ביי אַ הויכן דעסק פאַרטיפט אין עפּעס אַ רעכענונג. דער אַרבעטער לאָזט אַראָפּ דעם קאַסטן גלייך אויף דער וואָג און שרייט פונעם טונקעלן ווינקל צום באַאַמטן: „דער מאַן האָט דאָ אַ קליין קעסטעלע פאַר באַגאַזש מיטן נעקסטן צוג קיין בערלין". „וועג־אָפּ", — זאָגט דער באַאַמטער פונעם טישל. „עס וועגט קאַרגע דריי־און־צוואַנציק קילאָ". „ניין, — וויל איך אים פאַרריכטן, — ס'איז געווען אַ טעות..." „שוויג בעסער!" — טוט ער אויף מיר שטיל אַ ברום, פירט מיך צום באַאַמטן באַצאָלן פאַרן באַגאַזש, באַקומט אַ צוויי־ענדיקע געדרוקטע קוויטאַנציע אויף פינף־און־צוואַנציק קילאָ, קלעפּט צו איינע צום קאַסטן און די צווייטע גיט ער מיר. אַרויסגעקומען אין דרויסן, איז מיר דאָס האַרץ ניט רואיק: דער קאַסטן וועגט איבער הונדערט קילאָ, טאָמער כאַפּט מען דעם טעות — איז דער אַרכיוו אין געפאַר... באַרואיקט מיך מיין אויסלייזער, אַז איך רעד ווי אַ נאַר: מע האָט ערשט היינט דערקלערט קריג, אַזאַ טומל — וועמען וועט דאָס ליגן אין זינען איבערוועגן יעדן שטיקל באַגאַזש? „און איצט — זאָגט ער — וועסטו מיך באַלוינען. איך בין אויך אַ מענטש און וויל טרינקען ביר. ביטע, אָנדערהאַלבן מאַרק!"...

סך־הכל? אויף אַזאַ מין דייטש אין מלחמה־צייט האָב איך זיך ניט געריכט!...

אַן אויסגעפּייניקטער, אַ פאַרשמאַכטער, בין איך שפּעט אין אָוונט אָנגעקומען אין אַ פול־געפּאַקטן צוג מיט אַרויסגעטריבענע „רוסן" קיין בערלין, אויפן שטעטינער באַנהויף. אויסגעשטיגן פונעם צוג, האָבן מיר דערזען פאַר די אויגן דעם ערשטן שרעק־צייכן פון מלחמה, דעם אָנהויב פון אַ וועלט־צעטרייסלונג: דער גרויסער באַנהויף איז געווען טונקל באַלויכטן, באַהערשט פון אַ פינצטערן טרויער, און איבער דער גאַנצער פּלאַטפאָרמע, אין דער לענג און אין דער ברייט, האָבן זיך

געהורבעט הויך־אָנגעוואָרפענע פאָרמלאָזע באַריקאַדעס פון טויזנטער שטיקער באַגאַזש־געפעק, אַ שוידערלעכער מישמאַש פון רוסישע קופערטס, טשעמאָדאַנעס, געפלאָכטענע קאָרזינעס — אַ גאַנצער חורבן. זוכנדיק אַ וועג מיט אַ פאַרקלעמטן האַרצן פון דעם דאָזיקן תוהו ובוהו, האָב איך נאָך ניט געוווּסט, וווּהין איך וועל מיך לאָזן ביינאַכט אין דער פרעמד־געוואָרענער הויפּט־שטאָט פון דעם נייעם שונא. נאָר הינטער דעם אייזערנעם טויער ביים אַריינגאַנג, אין טונקעלן שימער, האָט אויף מיר אַרויסגעקוקט מיין פרוי. זי האָט שטום אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, און אָפּגעטראָטן אָן אַ זייט, האָט זי מיר שטיל געזאָגט: „רעד ניט קיין רוסיש, ס׳איז לעבנסגעפערלעך״...

טז

# מיט די מלחמה־אַנטרונענע

אַריינגעפאַלן די ערשטע נאַכט פון מלחמה אין אַן אומבאַקאַנטן שטאָט־טייל פון בערלין, האָב איך דערזען די גאַסן אין האַלב־פינצטער־ניש, באַהערשט פון אַ נייעם סומנעם נאַכטיקן גערויש: אַ געלויף פון אַיילנדיקע מענטשן־שאָטנס, אַ געיעג פון געפאַנצערטע אויטאָמאָבילן, אַ בייזע, שניידנדיקע פייפערײַ פון פּאָליצלייט אין פחדימדיקן חושך...

פון מײַן פרוי האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אונדזער לאַגע איז גאָרניט קיין פריילעכע. מיר זענען ווי אין אַ פּאַסטקע. איבער דער שטאָט זענען אויסגעקלעפּט פּלאַקאַטן, וועלכע פאָדערן־אויף די דײַטשע באַפעלקערונג גוט אַכטונג צו געבן אויף די פיינדלעכע רוסן, וואָרעם בערלין איז איבערגעפילט מיט רוסישע שפּיאָנען. יעדער דײַטשער פּאַטריאָט האָט דאָס רעכט צו שלעפּן אין פּאָליצײַ אַריין יעדן פאַרדעכטיקן רוס...

זי האָט מיר אויך דערציילט, וואָס זיי זענען דאָ אויסגעשטאַנען פאַר היינטיקן טאָג. געקומען מיטן אַלבעקער צוג אויפן שטעטינער באַנהויף, האָבן זיי דאָרטן געטראָפן אַ צערודערטע היסטערישע מאַסע פון טויזנ־טער „רוסן”, צום מײַנסטן יידישע קורגעסט, וואָס זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון פאַרשיידענע דײַטשע זומער־פּלעצער און בעדער. אַלע האָבן זיך געריסן אַהער, צו די צוגן, וואָס גייען צו דער סקאַנדינאַווישער גרענעץ, דערהויפּט קיין קאָפּענהאַגען, וואָרעם די אַנדערע גרענעצן זענען שוין געווען געשלאָסן: בעלגיע און פראַנקרייך, צוזאַמען מיט ענגלאַנד, זענען אַריין אין קריג, און די נייטראַלע שווייץ האָט זיך דערשראָקן פאַר אַ הונגער־געפאַר און האָט אויך פאַרשפּאַרט איר גרענעץ. דערזען אינעם טומל שלום־עליכמען מיט זײַן פאַמיליע, האָבן מחנות יידן אים אַרומ־גערינגלט מיט געשרייען און געוויין: „ווי גאָט איז אײַך ליב, פּאַני שלום־עליכם, לאָמיר זיך אַלע ראַטעווען קיין קאָפּענהאַגען! די דײַטשן וועלן

אונדז דאָ מאַכן דעם טויט — זיי נעמען יעדן רוסישן מאַנסביל אויף קאַטאָרגע!"... אַנדערע האָבן זיך דערפרייט: וווהין שלום־עליכם וועט פאָרן, אַהין פאָרן זיי אויך! עס האָבן אויך ניט געפעלט קיין קאָמישע מאָמענטן. איינער אַ ייד האָט זיך געשטופּט צו שלום־עליכמען מיט אַ נומער „הצפירה" אין דער האַנט און געשריען: „הערט זיי ניט — זיי זענען אַלע בהמות! עס וועט ניט זיין קיין מלחמה! אָט שרייבט נחום סאָקאָלאָוו אין דער לעצטער „הצפירה" אויסדריקלעך, אַז סע קאָן ניט זיין קיין מלחמה! אַ גאַנצע וועלט קאָן ניט אַראָפּ פונעם זינען!... נאָט לייענט!" מע האָט שלום־עליכמען מיט גוואַלד אַרויפגעשטופּט אויף אַ קאָפּענהאַגענער צוג, אים מיט די צוויי עלטערע מאַנספּאַרשוינען פון זיין פאַמיליע, דעם זון מישאַ און דעם איידעם מיכאל קויפמאַן; די פרויען מיט די קינדער האָבן געזאָלט בלייבן אין בערלין ביז מ'יין קומען פון אַלבעק, אום אַרויסצוקריגן דעם באַגאַזש און צו שאַפן כאָטש אַ ביסל געלט פון די רוסישע רובלס. איז אָבער די ענגשאַפט אינעם צוג געווען אַזוי גרויס, אַז שלום־עליכם איז געבליבן אינדרויסן, אויפן אָפּע־נעם וואַגאָן־בריקל, און האָט אין דעם לעצטן מאָמענט געמוזט אַראָפּ־שפרינגען, אַזוי אַז קיין קאָפּענהאַגען זענען אַוועקגעפאָרן נאָר מישאַ און קויפמאַן. דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן אַ בהלה מיט זוכן נאַכט־לעגער: קיין איין האָטעל אין בערלין האָט ניט געוואָלט אַריינלאָזן קיין רוסן, כאָטש נעם און נעכטיק אויף דער גאַס! האָט זיך די פאַמיליע צעטיילט: שלום־עליכם און זיין פרוי מיט דער טאָכטער ליאַלי און מיט די קליינע קינדער זענען געפאָרן קיין שאַרלאָטענבורג, אין דער סטור־דענטישער וווינונג פון די קויפמאַנס, און פאַר די עלטערע קינדער האָט מען קוים מיט נסים געפונען עפּעס אַ פאַרדעכטיקטע אַכסניה ערגעץ אין אַ הינטער־געסל, וווהין מע האָט זיי אַריינגעלאָזט איבערנעכטיקן די נאַכט אומגעמאָלדן פאַר אַ געשוואָלענעם פּרייז, — און אַהין זענען מיר עס געגאַנגען איבער די חושכדיקע סומנע גאַסן פון דער אָנגע־צונדענער, פיינדלעך־רויכערדיקער מלחמה־שטאָט.

אויף מאָרגן פרי האָט מען אונדז טעלעפאָנירט פון שאַרלאָטענבורג (אויף כשרן דייטש), מיר זאָלן גלייך אַהין קומען. דאָרט האָב איך

שוין געטראָפן שלום־עליכמען גרייט אין וועג אַריין מיט זיינע צוויי לעדערנע רענצלעך, מיט וועלכע ער האָט זיך קיינמאָל ניט געשיידט: זיין אַפּטייק און די ניט־געדרוקטע וויכטיקע כתבים. פאַר דער נאַכט איז די לאַגע פון די רוסן נאָך מער פאַרשאַרפט געוואָרן. מע האָט דער־ציילט, אַז פּאָליציע גייט־אום פון הויז צו הויז אין שאַרלאָטענבורג, איבערן נעסט פון דער רוסיש־יידישער סטודענטנשאַפט, און פאַרנעמט אַלע קריגס־פעאיקע מאַנסביל, אַפילו עלטערע לייט. אינמיטן נאַכט איז מען באַפאַלן דעם באַוווּסטן „קאַנט־האָטעל”, אויף דער קאַנט־שטראַססע, און אַוועקגעפירט פון דאָרט אַ גאַנצע מחנה אונדזערע באַקאַנטע, צווישן זיי אויך ז. שניאורן. בקיצור, מיר טאָרן לאַנג ניט טראַכטן. מיר מוזן זיך שוין ראַטעווען, שלום־עליכם און איך, ווידער צום שטעטינער באַנ־הויף, אפשר וועט אונדז נאָך געלינגען צו כאַפּן דעם פרימאָרגנדיקן צוג קיין קאָפּענהאַגען. די פרויען מיט די קינדער קאָנען מיט אונדז ניט פאָרן — ס׳איז ניטאָ גענוג קיין דייטשע מאַרקן אויף בילעטן. וועלן זיי בלייבן ביזן צווייטן צוג, פּרווון אויסבייטן דאָס רוסישע געלט דורך דער הילף פון די דייטשע ציוניסטן.

דער דאָזיקער פּלאַן האָט מיר אויסגעזען מאָדנע ווילד. ווי אַזוי וועלן מיר, מאַנספּאַרשוינען, אַנטלויפן און איבערלאָזן די פרויען מיט די קינדער אין אַזאַ סכנה? די פרויען האָבן אָבער אויפגעהויבן אַ געוויין: יעדע מינוט קאָן אָנקומען פּאָליציע — איך טאָר ניט ריזיקירן מיט שלום־עליכמס לעבן!...

קוים מיט אַנגסטן האָבן מיר אויפן שטעטינער באַנהויף, דורך די זעלבע נעכטיקע באַריקאַדעס פון אָנגעוואָרפענע רוסישע טשעמאָדאַנעס און קאָרזינעס, זיך דערשלאָגן צו אַן איבערגעפּאַקטן צוג, וואָס מיר האָבן אַפילו רעכט ניט געוווּסט, וווהין ער גייט. איין זאַך האָבן מיר קלאָר אַרויסגעזען: אַז מיר פאָרן, ווי אמתע קריגס־געפאַנגענע, באַוואַכט אין יעדן וואַגאָן פון זעלנער מיט באַיאָנעטן, וואָס האָבן אונדז דורס געוווען מיטן קוק, אָנגעזאָגט מיטן האַרבן וואָרט, מיר זאָלן זיך ניט דערוועגן עפענען אַ פענצטער — מיר זענען אונטער קריגס־געזעץ! די דערשראָקענע, פאַרקלעמטע „רוסן”, וואָס האָבן אָנגעפילט די פאַר־

שטיקטע קופּעס אינעם הייסן אויגוסט־טאָג, האָבן די ערשטע האַלבע שעה געשוויגן, געזעסן ווי פּאַרטאַיעטע, זיך שטום געפּאָכעט מיט די היטלען און זיך געווישט דעם שווייס פון די פּאַרוואָלקנטע שטערנס. אַז ס׳איז אָבער אַריבער דער ערשטער פּחד, האָט מען זיך דערלויבט אַ שמועס צו טאָן אויף אַ נייטראַלן לשון — אויף דייטשמערישן יידיש, דאָס הייסט, מער מיט פּתחן, ווי מיט קמצן: זאָלן די דייטשע זעלנער הערן דורך די האַלב־אָפענע טירלעך, אַז מיר זענען מיט זיי פּאָרט שטיקלעך קרובים... מע האָט איינער דעם אַנדערן פּאָרזיכטיק געפרעגט: וווהין, אַשטייגער, פירט מען אונדז? בילעטן האָבן מיר אַלע קיין קאָפּענ־האַגען, נאָר אָט האָט דער אָדון הגדול פון דער יאָנישער וואָך עפּעס געדברט, אַז דער פּאָיעזד גייט ניט קיין קאָפּענהאַגען. וווהין זשע וועט מען אונדז פּאָרט ברענגען? איינער האָט אַרויסגעזאָגט אַ השערה, אַז מע וועט אונדז מסתמא ברענגען ערגעץ צו אַן אייגענער גרענעץ, אפשר קיין ווערזשבאָלאָוואָ, און דאָרט פון אונדז לויז ווערן, וואָרעם דער שכל איז דאָך מחייב: צו וואָס וועט דער „אַשכנזי" (דער דייטש) האַלטן ביי זיך אין מלחמה־צייט אומזיסטע עסערס? האָט אים אַ צווייטער באַרואיקט, ער זאָל זיך פאַרן „אַשכנזי" ניט זאָרגן. ער וועט שוין געפינען פאַר אונדז אַרבעט; פאַר גויט ווערלן מיר אים פּאַשען די קי, אָדער גאָר שיילן קאַרטאָפל. האָט זיך אָנגערופן אַ דריטער, אַז ער פאַרשטייט ניט, וואָס מע חכמהט זיך דאָ. ער ווייסט דווקא יאָ דעם וועג, אויף וועלכן מיר פאָרן — דאָס פירט מען אונדז צום אינזל ריגען, וואָס ביי דער גרענעץ, און ער האָט מורא, אַז היינטיקס מאָל וועלן מיר מיט קאַרטאָפל שיילן ניט יוצא זיין. נאָך נעכטן האָט מען שטאַרק געשמועסט אין בערלין, אַז מע וועט אַלע געפאַנגענע פאַרשיקן אויף יענעם אינזל און זיי שטעלן צו טאַטשקע־אַרבעט...

די דאָזיקע פינצטערע נבואה, אויטאָריטעטיש באַפעסטיקט מיט אַ געאָגראַפישן נאָמען, נעמט אַוועק ביי אַלעמען דאָס לשון. איינער אַ צע־שויבערטער ייד, מיט רויטע, ניט־אויסגעשלאָפענע אויגן, פאַרקרימט זיך, קראַצט די שפּיץ נאָז מיט אַלע פינף פינגער און זאָגט: „יאָ, יאָ, ס׳איז גאָרניט פריילעך!"... איך פאַל ניט־ווילנדיק אַריין אין דער דאָ־

זיקער שווערער שטימונג און זע שוין אין דער פּאַנטאַזיע דעם אומבאַ־קאַנטן אינזל ריגען, אַ וויסטן מדבר, וווּהין איך מיט שלום־עליכמען וועלן געשטעלט ווערן צו טאַטשקע־אַרבעט... עס טוט פּאַר מיר אַ בליץ מיין חלום פון דער ערשטער מלחמה־נאַכט מיט דער שרעקנדיקער טרויער־ראַם... מער פון אַלץ באַאומרואיקט מיך, וואָס שלום־עליכם זיצט אייגזאַם ביים פענצטער פונעם קופּע און הערט כמעט ניט וואָס עס ווערט גערעדט אַרום אים. ס'איז דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך זע אים אין דער געזעלשאַפט פון יידן, דערצו ביי אַזעלכע אויסערגעוויינלעכע אומשטענדן, אַזוי אָפּגעזונדערט, אומבאַטייליקט! ער וויל זיך צו זיי גאָרניט לאָזן דערקענען, און זיי קענען אים טאַקע ניט — אפנים, דאָס זענען יידן פון דעם פאַרגרעבטן מין נגידים, וואָס פאָרן קיין אויסלאַנד היילן דעם איבערגעשטאָפּטן מאָגן. ער זיצט פאַרטיפט אין זיך, א גע־פּייניקטער פון זיין נייעם פּלאָג — דעם דאָרשט. די עטלעכע פלעשלעך מילך, וואָס ער האָט מיטגענומען אין רענצל, האָט ער שוין לאַנג אויס־געטרונקען, און עס טריקנט אים אַצינד מיט מער קראַפט. ער מאַכט צו מיר אַנגסטלעך מיט דער האַנט אויף די פאַרשמאַכטע ליפּן, אָן ווערטער. איך פּרווו אַרויסגיין צו די זעלנער מיט אַ בקשה, צי קאָן מען ניט קריגן אינעם צוג וואַסער פאַר אַ קראַנקן? נאָר יענע ווייזן מיר מיט די באַיאָנעטן צוריק אין קופּע אַריין: ניט אַרומשלייען זיך איבערן צוג! ערגעץ אויף אַ סטאַנציע שטעלט זיך אָפּ דער צוג און שטייט אַ היפּשע ווײַלע. מיר גייען־אַרויס מיט שלום־עליכמען אינעם שמאָלן קאָרידאָר, צו די פאַרמאַכטע פענצטער: אפשר וועט מען פאַר־בייפירן אַ וועגעלע מיט קאַלטע געטראַנקען? נאָר אויף דער סטאַנציע איז שאַ־שטיל, ווי אַלצדינג וואָלט אויסגעשטאָרבן. עס דאַכט זיך, ווי אַלע לעבעדיקע זענען שוין אַוועק צו דער מלחמה. עס הערשט נאָר די פאַרגעסענע הייסע אויגוסט־זון אויף איבערגעלאָזטע ציכטיקע גע־ביידעס און אידיליש־ליכטיקע דעכער. נאָר אָט באַווייזט זיך פאָרט אַ לעבעדיקער נפש — עפּעס אַ רויטהאָריקער באַן־באַאַמטער מיט אַ פלאַ־קערדיקן געשפרענקלטן פנים. ער לויפט פאַרביי די וואַגאָנעס, זאָגט־אָן דער וואַך אַ פריילעכע בשורה אין עקזאַלטירטן טאָן, קייכט דערביי

אין קוויטשיקן געלעכטער: „געהערט? אונדזערע בראַווע יונגען זענען שוין אין קאַליש, גייען פעסט אויף לאָדז, פאַרכאַפּט אויפן וועג אַ רוסישן צוג מיט גאָלד, אַכט און אַ האַלב מיליאָן רובלס — מערקט אייך, גאָלדענע רוסישע רובלס, מער אַלס צוויי מאָל ווי אונדזערע דייטשע מאַרקן!“...

— דער חשבון שטימט! — זאָגט שלום־עליכם שטיל, מיט טיפער איראָניע. — נאָר וואָס קוועלט ער אַזוי באַצייטנס, ווי אַ באָקסער, דער טיפּש? אַל יתהלל חוגר כמפתח — מירן נאָך זען, ווער ווער וועמען!...

איך דערפיל, אַז דער רויטהאָריקער דייטש האָט אָנגעצונדן ביי שלום־עליכמען אַ באַהאַלטן רוסיש־פּאַטריאָטיש פייערל. אַז מיר גייען אַריין צוריק אין קופּע, זאָגט ער צו מיר ווידער:

— ווי אַזוי מיינט איר, לאָדז וועט זיך שטאַרק דערפרייען מיטן דייטש? עפּעס זאָגט מיר דאָס האַרץ, אַז אונדזערע יידן אין רוסלאַנד וועלן די היינטיקע מלחמה אויפנעמען גאַנץ אַנדערש, ווי די יאַפּאַנישע. דער דייטש האָט זיך אַליין קאַליע געמאַכט: גלייך ביים אָנהייב האָט ער אַרויסגעשטעלט אי דעם נאַר, אי דעם רשע...

אַרום מיטאָג־צייט האָבן מיר דערזען דורכן קופּע־פענצטער דעם ים, מיט גרויסע שטראַלנדיקע זאַמד־פעלדער ערגעץ ווייט אינמיטן וואַסער. „דאָס איז דער אינזל ריגען! — זאָגט דער ייד, וואָס איז קלאָר אין דער אָרטיקער געאָגראַפיע. — אַהין וועט מען אונדז ברענגען!“ ער האָט אָבער ניט געטראָפן. מיר האָבן די זאַמד־פעלדער געלאָזט הינטער זיך און מיר פאָרן ווייטער. דאַנקען גאָט, די מורא פון „טאַטשקע־אַרבעט“ איז אָפּגעפאַלן פונעם האַרצן... ענדלעך, שפּעט נאָך האַלבן טאָג, איז אונדזער צוג צוגעפאָרן צו אַ גרויסער סטאַנציע, זיך אָפּגעשטעלט הינטער געדיכטע שורות מיט פּראַכט־וואַגאָנען, און די וואַך האָט אונדז פּלוצעם באַפוילן: „אַלע אויסשטייגן!“ „קאָפּענהאַגען?“ — האָבן זיך דערפרייט אונדזערע לייט אין קופּע. „ניט קאָפּענהאַגען, נאָר זאַסניץ; אַלע אויסשטייגן!“ מע האָט אונדז געטריבן צום לעצטן וואַגאָן, ווו מיר זענען דורכגעגאַנגען, ווי אַרעסטאַנטן, מיט די פּאַספּאָרטן אין די הענט, דורך דער אָרטיקער מיליטערישער וואַך, און זענען אַריינגעפאַלן אין אַן

אפּגעצאַמטן ברייטן האַפן, ווו אַ טויזנט־קעפּיקע מאַסע האָט זיך גע־
כוואַליעט הין און הער, פאַרהילכט די לופט מיט ווילדע געשרייען ביים
סאַמע ליכטיקן ים־ברעג, אונטערן אָפענעם זומערדיקן הימל.

— וואַסער! טרינקען! — האָט שלום־עליכם, אַ פאַרשמאַכטער, אַרויס־
געזאָגט זיין ערשטן פאַרלאַנג. מיר האָבן זיך גענומען שטופּן מיט די
רענצלעך דורך דער געדיכטער שרייענדיקער מאַסע, קוים דערשלאָגן
זיך אין אַ ווייטן ווינקל צו אַ בופעט מיט געטראַנקען. געשטילט דעם
דאָרשט און אָנגעפילט אונדזערעביידנס קעשענעס מיט קאַלטע פלעש־
לעך זעלצער־וואַסער, איז שלום־עליכם געוואָרן באַדייטנד פריילעכער.

— וויי־וויי, וואָס דאָ טוט זיך! — האָט ער שוין צוריק באַקומען
כוח צו חידושן זיך. — ערדטריטעניש! דור הפלגה!...

איבערן גאַנצן שטח פון דעם האַפן, ווי ווייט דאָס אויג האָט גע־
גרייכט, האָט זיך געוויגט און געטעשט אַ פאַרצווייפלטע ווילד־געוואָ־
רענע מענטשן־האָרדע. רויטע, פאַרשוויצטע, צעקאָכטע פנימער, מיט
פאַרלאָפענע אויגן און אָפענע שרייענדיקע מיילער, האָבן געגוואַלדעוועט,
פּראָטעסטירט, געוויינט, פאַרטויבט די לויטערע פאַרנאַכטיקע ים־לופט
מיט אַ שוידערלעכן געיאָמער. עס האָט זיך אויסגעדאַכט ווי אַ מאַנס־
טער־מיטינג פון ווידערגעשפּעניקטע קנעכט, וועלכע מע האָט פאַרשפּאַרט
אין אַ קלעם, ערגעץ אין אַן אומבאַקאַנטן ים־ווינקל, פון וואַנען קיין
אויסגאַנג איז ניטאָ. דערהויפּט זענען די גוואַלדן געווען גרויס האַרט
ביים ברעג פון דעם פּאָרט, ווו עס איז געשטאַנען אַן איבערגעפילטע
שיף מיט פּאַסאַזשירן, גרייט אָפּצושווימען. די פאַרצווייפלטע מאַסע האָט
זיך געריסן צו די שיף־בריקלעך, און אַ קייט פון מאַטראָזן האָט זי ברוּ־
טאַל געוואָרפן צוריק. דאָ איז געשאַפן געוואָרן אויך אַן אימפּראָוויזירטע
טריבונע: הויך אויף אָנגעוואָרפענע פּעק באַגאַזש איז געשטאַנען אַ שוואַר־
צער קודלאַטער יידישער יונגערמאַן, אין דער פּאָזע פון אַ פאַרצווייפלטן
פּאָלקס־פירער, זיך געפּאָכעט מיטן שטרויענעם האַלב־צעטראָטענעם קאַ־
פּעליוש, געמאַכט מיט די הענט דאָ צום שיף, דאָ איבער די קעפּ פון דעם
עולם, און עפּעס הייזעריק געשריען אויף רוסיש אויף די העכסטע
טענער. וואָס ער האָט גערעדט — האָט מען אין ווילדן געטומל ניט

געקאַנט כאַפּן, אויסער אָפּגעריסענע פּאַטעטישע אויסגעשרייען: „דאָ־ראָגיע זעמליאַקי!" (טייערע לאַנדסלייט), „רוססקיע ליודי!" (רוסישע מענטשן), „בראַטיאַ פּאַ ניעסטשאַסטיו!" (ברידער פון איין אומגליק)...

פון דעם געליאַרעם זענען מיר קוים געוואָר געוואָרן, אַז די שיף גייט קיין שוועדן און האָט שוין אָנגעפּאַקט פינף הונדערט פּאַסאַזשירן — מער קאָן זי ניט אויפנעמען. די שיף וועט אַוועקגיין, און אויפן ברעג וועלן בלייבן טויזנטער מענטשן מיט ווייבער און קינדער אויף גאַסס באַראַט און אויפן חסד פון די דייטשן. און אָט האָט מען שוין אויפגע־הויבן די בריקלעך, דער קוימען האָט גענומען פייפן זיין בייזן פייף, און די שיף האָט זיך גערירט, באַגלייט פון די פאַרשטויסענע אויפן ברעג מיט נאָך אַ ווילדערן געיאָמער. עטלעכע פאַרצווייפלטע, וואָס האָבן זיך דורכגעריסן מיט סכנת־נפשות און זיך אָנגעהאַנגען אויף דער גייענ־דיקער שיף, זענען אַריינגעפאַלן אין וואַסער.

— וואַרוואַרי (באַרבאַרן)! — האָט געשריען דער שוואַרצער יידי־שער יונגערמאַן פון זיין הויכער טריבונע. — ליודאָיעדי (מענטשנ־פרעסער)!...

— אַ גליק, וואָס די דייטשן פאַרשטייען ניט וואָס דאָס מיינט, — זיי וואָלטן זיך נעבאַך פאַרשעמט!... — זאָגט שלום־עליכם. — הכלל, מיר מוזן שוין כאַפּן אַ האָטעל. אַניט, בלייבן מיר נעכטיקן דאָ אויפן פּאָרט...

צווישן עולם האָבן זיך אַרומגעדרייט נאָך פון פריער קליינשטעטל־דיקע בעלי־אכסניות און האָטעל־משרתים מיט מעשענע בלעכלעך, פאַר־געלייגט צימערן, נאָר קיינער פון דער צערודערטער מאַסע האָט זיך אויף זיי ניט אומגעקוקט. איצט האָט שלום־עליכם צוגערופן איינעם פון זיי און באַשטעלט גאַנצע דריי צימערן — פאַר אונדז און פאַר דער פאַמיליע, וואָס וועט אפשר קומען מיטן אָוונט־צוג. אויף אונדז קוקנדיק, האָבן אויך אַנדערע גענומען אויסכאַפּן נאַכטלעגערס ביי די דערפרייטע דייטשע בעלי־אכסניות. אין טומל זענען אונדז באַפאַלן אָרעמע באָרוועסע קינדער, זיך אָנגעבעטן טראָגן אין שטאָט אַריין די פּעקלעך. ביים אַרויסגאַנג פון דעם האַפן האָט אונדז די מיליטערישע וואַך אָנגעזאָגט

אַ בשורה, אַז מיר זאָלן געדענקען, ווער מיר זענען — מיר זענען קריגס־געפאַנגענע. ווער עס וועט וואַגן צו באַווייזן זיך ביינאַכט דאָ, ביים אַייזערנעם טויער, וועט אַן צערעמאָניעס געשאָסן ווערן!

געקומען אויף דער אכסניה, האָבן מיר שוין דאָרט געטראָפן אַ היפשן גערודער פון אייגענע מענטשן, „רוסן". מיר האָבן אָבער אין דעם גע־בראַכטן באַגאַזש ניט געפונען אונדזערע רענצלעך. אָפגעוואַרט אַ שעה, ס'איז שוין געוואָרן פינצטער, און דאָס געפעק איז אַלץ ניטאָ. שלום־עליכם איז געוועזן אויסער זיך: דאָרט געפינען זיך אַלע זיינע לעצטע מאַנוסקריפטן — די פּיעסע „טביה", די אויטאָביאָגראַפיע, „דער פּראָג־רעס אין כתרילעווקע"... וואָס טוט מען? גיין צום האַפן — טאָר מען ניט, מע וועט שיסן. איך האָב מיך געווענדט צום בעל־אכסניה, נאָר דער קליינשטעטלדיקער דייטש איז געווען אַ צעדולטער פון דער אומ־געריכטער שפע: ער האָט אַריינגענומען צופיל געסט און האָט ניט פאַר זיי געננוג בעטן. אפשר וועלן מיר אים אָפטרעטן אונדזערע צוויי ליידיקע צימערן?... איך האָב קוים אַיינגעבעטן זיין טאָכטער (פאַר פינף מאַרק), זי זאָל מיט מיר גיין צו דער מיליטערישער וואַך משתדל זיין זיך, מע זאָל מיך צולאָזן צום האַפן.

דער אָפגעליידיקטער פינצטערער האַפן האָט אויסגעזען, ווי נאָך אַ טומלדיקן יאַריד. פאַרזונקען ביים שטיל־פּלעסקענדיקן ים אין נאַכטי־קער רו. קיין לעבעדיקן נפש האָט מען ניט געזען. נאָר אָט, אין סאַמע מיטן הויף, אויף דער ערד, זענען געזעסן צוגעטוליעט איינער צום אַנדערן צוויי דרעמלענדיקע שאָטנס. איך בין צוגעקומען — ס'איז טאַקע שלום־עליכמס רענצלעך, געטריי באַוואַכט פון אַ באָרוועסן יינגעלע מיט עפּעס אַן אָרעמער פרוי, ביידע פאַרשלאָפענע. דערזען מיך, האָט די פרוי זיך דערפרייט און אַ פאַטש געטאָן מיט די הענט:

— אָט איז דיין רוסע, פריצעל!

דערביי האָט זי מיר דערציילט, אַז דער קליינער פריצעל, איר זון, האָט געהאַט גרויסע יסורים, וואָס ער האָט אין טומל פאַרלאָרן „זיין רוסע" און ווייסט ניט וואָס צו טאָן מיט די פעקלעך. ער האָט זיך פאַר־

עקשנט, אַז ער וועט ניט גיין אַהיים שלאָפֿן, ביז דער רוסע וועט אַהער ניט קומען. דאַנקען גאָט, דער רוסע איז געקומען...

— און ווו איז זיין פאָטער? — איז מיר איינגעפאַלן צו פרעגן.

— דער פאָטער, — האָט די פרוי פאַרבראָכן מיט די הענט, — איז נאָך נעכטן מאָביליזירט געוואָרן און איז אַוועק אין דינסט. ער איז אַ פישער, נאָך זייער יונג, מיין ליבער הער...

אַ דערפרייטער, וואָס די כתבים האָבן זיך געפונען, האָט שלום־עליכם באַשטעלט אָונט־ברויט. איך בין אָבער געוועזן אַזוי צעטרייסלט פונעם איבערגעלעבטן טאָג, אַז איך האָב בשום אופן ניט געקאָנט אַראָפּ־שלינגען קיין איין ביסן. האָב איך מיך אַרומגעדרייט אין דעם ענגן פינצטערלעכן קאָרידאָר פון אונדזער אַכסניה. איך בין אַזוי אָנגעגאַנגען אין אַ ווינקל אויף עטלעכע יידן, וואָס האָבן עפעס גערעדט צווישן זיך מיט פאַרגאַפטע פנימער. ביי איינעם פון זיי, אַ געלן יונגנמאַן מיט אַ טאָפּעלער שורה פאָדערשטע ציין, האָט דאָס פנים ממש געלויכטן פון התפעלות. ער האָט דערציילט, אַז גאָט האָט אים באַשערט פאַר אַ שכן אין זיין צימער ניט קיין קלענערן, ווי דעם באַרימטן רוסישן שוואַרץ־מאהניק, דעם בילדונגס־מיניסטער קאַססאָ (מחמת די טאָפּעלע ציין איז ביי אים אַרויסגעקומען „קאַששאָ").

— פון וואַנען ווייסט איר, אַז ס'איז ער?

— מע זאָגט דאָך אייך, אַז ס'איז ער! איך האָב דאָך אַליין געזען, ווי דער דייטש האָט פאַרשריבן זיין פּאַס!

— נו, וואָס זשע? ער האָט מיט אייך עפעס גערעדט?

— ווי דען? ער האָט מיר געזאָגט: „אָטשען פּריאַטנאָ פּאָזנאַקאָ־מיטסיאַ" (זייער אייינגענעם צו באַקענען זיך)...

— און וואָס טוט ער איצט?

— וואָס זאָל ער טאָן? ער האָט אָפּגעגעסן, זיך אַריינגעלייגט אין בעט און פּאָפּט!...

יז

# קאַססאָ

אַזאַ העכסט־טשיקאַווע פּאַסירונג, ווי אַזוי יידן האָבן געגעכטיקט אונטער איין דאַך מיט זייער ביטערן שונא, דעם שוואַרץ־מאהדיקן מיניס־טער קאַססאָ, וואָלט אין אַן אַנדער צייט געווען פּאַר שלום־עליכמען אַ קוואַל פון חידושים, פון אויסערגעוויינלעכע הומאָריסטישע השערות און פאַרשטעלונגען. איצטיקס מאָל האָט ער זיך דערויף גאָרניט אומ־געקוקט. אין דעם הייסן נעבל פון אויפרעגונג און נערוועזער צעטומלט־קייט, אין וועלכן מיר זענען דורכגעגאַנגען די ערשטע מלחמה־טעג, איז אויך יענער מאָמענט אומבאַמערקט פאַרשלונגען געוואָרן. איך געדענק נאָר, אַז מיר ביידע, שלום־עליכם און איך, האָבן אין דעם ענגן קאָמערל פון אונדזער זאַסניצער אכסניה דורכגעלעבט אַ נאַכט אין פּיינלעכן וואַרטן אויף אונדזער פאַמיליע, געשיקט עטלעכע מאָל דעם בעל־אכסניה באַגעגענען די נאַכט־צוגן פון בערלין, נאָר יענער איז צו־ריקגעקומען מיט ליידיקן — ער האָט אַ פאַמיליע פון פינף פּרויען מיט דריי קינדער ניט געזען. ער האָט אונדז אויסגערעדט דאָס האַרץ, אַז מסתמא האָט מען זיי אַרויסגעשיקט פון בערלין אויף אַן אַנדער וועג, וואָרעם אָט דערציילן מענטשן, אַז דער אמתער טומל מיט די אַרויסגעטריבענע רוסן איז ניט דאָ, אין זאַסניץ, נאָר אויף דער צווייטער גרענעץ־סטאַנציע ראָסטאָק.

קוים דערלעבט טאָג, האָבן מיר גענומען אונדזערע רענצלעך און זיך געלאָזט ווידער צום האַפן מיטן גאַנצן רוסישן עולם, וואָס האָט געשטראָמט באַרג־אַראָפּ פון דעם גרויען, דרעמלענדיקן פּרייסישן שטעטל. דאָרט, אינעם האַפן, האָבן מיר געטראָפן נאָך אַ גרעסערע מאַסע ווי נעכטן — פאַרגרעסערט דורך די צוגעקומענע מלחמה־אַנטרונענע פון די נאַכט־צוגן. אויך די שוועדישע שיף איז שוין צוריקגעקומען פון

יענער זייט און איז געשטאַנען ביים ברעג ווידער אַן איבערגעפּאַקטע מיט מענטשן, גרייט אָפּצושווימען. ס'איז אָבער מער ניט געווען דער נעכטיקער געליאַרעם מיט די פאַרצווייפלטע גוואַלדן. מענטשן האָבן דורכגעמאַכט אַ שלאָפלאָזע נאַכט אין אַ פרעמדן, פיינדלעכן העק, אין ענג־אָנגעפּאַקטע פישער־הייזלעך, און זענען אַרויס פון דאָרט צעבראָ־כענע, אַפּאַטישע, אָן כוח און לוסט צו פּראָטעסטירן. דערצו איז דער הימל פון סאַמע באַגינען באַצויגן געוואָרן מיט וואָלקנס, עס האָט גע־בלאָזן אַ קאַלטער ים־ווינט, וואָס האָט שוין געשמעקט מיט אָסיען, און די נעכטיקע רויט־צעהיצטע זומערדיקע פּנימער האָבן איצט אויסגעזען גרוי און פאַרכמאַרעט. מע האָט זיך אומגעדרייט איבערן האַפן אין פאַראומערטע גרופּעס, זיך געטוליעט אויף די אייגענע פּעקלעך צו די ווענט פון די געביידעס, דערציילט איינער פאַרן צווייטן די איבער־לעבונגען פון דער נאַכט אין דייטשן גלות: ווי אַזוי די קליינשטעטלדיקע דייטשן האָבן שכל געהאַט אָנצופּאַקן צו צענדליקער נפשות אין זייערע שטיבלעך, געלייגט מענטשן שלאָפן אויף דער ערד, און דערפאַר זיך געהייסן באַצאָלן, ווי אין ערשט־קלאַסיקע האָטעלן.

— עס האָט זיך איבערגעחזרט — האָט איינער באַוויזן ליטעראַ־רישע בקיאות פאַר שלום־עליכמען — די אייגענע געשיכטע, וואָס מיט אייער „דייטש" און מיטן דראַזשנער יידן, נאָר איבערגעקערט אויף דער צווייטער זייט: דאָ האָט דער דייטש געריסן אַ פּאַס פון דעם דראַזשנער יידן.

היינט האָט שוין דער עולם שלום־עליכמען באַמערקט און זיך געקלעפּט צו אים פון אַלע זייטן. מיר האָבן פאַרכאַפּט אַ טישל אינעם אָנגעפּאַקטן „וואַרטע־זאַל", האַרט ביים בופעט, „נאָענט צו וואַסער", ווי שלום־עליכם האָט עס באַצייכנט אויף זיין נייער קראַנקן־טערמינאָ־לאָגיע. דער דאָרשט האָט אים ווידער געפּייניקט, נאָר ער האָט געקוקט ניט אַזוי איינזאַם־דערשלאָגן, ווי נעכטן, אויפגעלעבט דערפון, וואָס יידן האָבן אים דערקענט און וואַרעם אַרומגערינגלט. דערהויפּט האָט זיך מיט אים אָפּגעגעבן איינער אַ בערלינער סטודענט, וואָס האָט זיך פאַר אים פאָרגעשטעלט, אַז ער איז זיין איידעם קויפּמאַנס אַ חבר פון דער

אוניווערסיטעט. יענער האָט פאַרגעלייגט, אַז ער וועט זיך דורכשלאָגן אַ וועג צום קאַפּיטאַן פון דער שוועדישער שיף, דערציילן אים, ווער שלום־עליכם איז, — וועט מען אים געוויס אַרויפלאָזן אויפן שיף, און נאָך מיט כבוד דערצו!

— אַנו, — זאָגט צו אים שלום־עליכם סקעפּטיש, — זייט אַ בריה, דערשלאָגט זיך פריער צום קאַפּיטאַן, וועלן מיר דערנאָך שמועסן פון כבוד.

דער סטודענט איז ערגעץ נעלם געוואָרן, זיך געזאַמט אַ היפּשע ווײַלע און איז צוריקגעקומען מיט עפּעס נײַעס. ער האָט אונדז אַרויסגע־רופן אין דרויסן אויף אַ סוד, דערציילט, אַז צו דער גרויסער שיף איז טאַקע אוממעגלעך זיך צו דערשלאָגן; דערפאַר האָט ער געפונען אַ קליין שיפל, וואָס וועט אונדז פאַר פערציק מאַרק פער פערזאָן אַריבערפירן קיין שוועדן. מע דאַרף נאָר היטן זיך, דער איבעריקער עולם זאָל דערפון ניט געוואָר ווערן, וואָרעם דאָס שיפל איז גרויס ווי אַ מולטער.

מאַכן דערפון אַ סוד איז אָבער שווער געווען. ווײַבאַלד שלום־עליכם האָט זיך געלאָזט ערגעץ גיין מיט די פּעקלעך, אַזוי זענען אים אויף טשיקאַוועס נאָכגעגאַנגען נאָך עטלעכע מנינים יידן. פאַרקליבן זיך ווײַט הינטער האַפן־געבײַדעס און אָנגעלאָדענע פּראַכטהויפן, האָבן מיר דערזען בײַם סאַמע עק פונעם פּאָרט, אויף די אויפגעבראַזטע וועלן פון דעם פאַרכמורעטן ים, וויגט זיך און ווינט אַן אַלט הויקערדיק שיפל מיט אַ פאַרזשאַווערטן רויכערדיקן קוימענדל, און דערבײַ שטייט בײַם ברעג אַ גרופּע דזשענטלמענער און דאַמען פון קריסטלעכן אויסזען, און איינער פון זיי טענהט עפּעס הייס מיט אַ געזעצטן פאַרשוין אין הויכע שטיוול, מיט אַ באָרד און מיט אויסגעגאָלטע וואָנצעס — ווײַזט אויס, דער קאַפּיטאַן פון דעם דאָזיקן שיפל.

— אָט דאָס איז די מולטער! — זאָגט אונדז דער בערלינער סטודענט.

מיר קוקן אויפן אומרואיקן צעכוואַליעטן ים און אויפן הויקער־דיקן שיפל, און עס ווערט אונדז קאַלעמוטנע אויפן האַרצן. ווי אַזוי טרויט מען זיך אָן אַזאַ צווייפלהאַפטער כלי? דערהויפּט בין איך ניט צופרידן: איך בין דאָ שלום־עליכמס שומר, און איך טאָר אים ניט דער־לאָזן צו אַזאַ ריזיקע.

— וואַרט אויס, — באַרואיקט מיך שלום־עליכם, — מיר וועלן דאָך מסתמא פאָרן ניט אַליין. לאָמיר פריער הערן אום וואָס עס האַנדלט זיך דאָ.

דער דזשענטלמאַן, וואָס האָט זיך געהיצט, האָט גערעדט אויף דריי שפראַכן מיטאַמאָל: מיט די מאַנסביל פון זיין קאָמפּאַניע פּויליש, מיט די דאַמען פראַנצויזיש, און מיטן אָנגעשטיוולטן קאַפּיטאַן דייטש. ווענדנדיק זיך צום לעצטן, האָט ער געהעכערט דעם טאָן, גערעדט פון אויבן אַראָפּ, מעשה פּריץ. עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דערווייל פאָרט מען ניט. דער קאַפּיטאַן וויל ניט נעמען אויפן שיפל קיין רוסישע פּאַסאַזשירן — ער איז ניט זיכער, צי וועט מען זיי אַרויפלאָזן אויפן שוועדישן ברעג. בייזערט זיך אויף אים דער פּוילישער דזשענטלמאַן: אים און זיינע מענטשן וועט מען אַרויפלאָזן — ער אַליין איז דערפאַר פאַראַנטוואָרטלעך!

דער יידישער עולם ווערט נייגעריק: ווער איז דאָס דער דאָזיקער פּריץ, וואָס איז ביי זיך אַזוי תקיף? לאָזט זיך אויס, אַז איינער אַ וואַר־שעווער ייד קען אים: ס'איז ראָמאַן דמאָווסקי, דער פירער פון דער פּוילישער „נאַראָדאָוואָ־דעמאָקראַטיע", אַ באַקאַנטער שונא־ישראל... ווי־באַלד אַזוי, האָבן דאָ יידן אפשר גאָרניט וואָס צו טאָן?... נאָר ווער הערט אים — מיר זענען שוין דאָ, גאָט צו דאַנקען, אין אַ גרויסער מערהייט. וואָס אַ מינוט קומען צו נאָך און נאָך גרופּעס, מיט ווייבער, מיט קינדער און מיט פּעקלעך. צווישן זיי האָט זיך אויך באַוויזן אונדזער שכן פון דער נעכטיקער אכסניה, דער געלער יונגערמאַן מיט דער צווייענדיקער שורה פּאָדערשטע ציין, און מיט אים עפּעס אַ הויכער פינצטערלעכער פּאַרשוין אין אַ מאַנטל מיט אַן אויפגעשטעלטן קאָלנער. דער יונגערמאַן האָט אי געשלעפּט זיין אייגענעם טשעמאָדאַן, אי גע־האָלפן טראָגן דאָס געפּעק פון זיין הויכן באַגלייטער, דערביי האָט אים דאָס פאַרשוויצטע פּנים מיט די אָפענע טאָפּעלע פערדישע ציין גע־לויכטן פון הויכן גליק. „ספּאַסיבאָ!" (אַ דאַנק) — האָט אים געזאָגט דער הויכער, צוקומענדיק צום פלאַץ. „פּאָזשאַלויסטאַ!" (ביטע) — האָט אים געענטפערט דער געלער יונגערמאַן און זיך אַ בוק געטאָן אין ליכ־טיקער באַגייסטערונג.

אינעם יידישן געזעמל איז געוואָרן אַ גערודער: „ס'איז קאַססאָ!"... ליתר בטחון האָט מען צוגערופן דעם געלן יונגנמאַן. יענער האָט גליק־לעך געשאָקלט מיטן קאָפּ: „ס'איז ער! איך האָב מיט אים גענעכטיקט אין איין נומער, אַ בעט לעם אַ בעט!"... דער עולם האָט געגאַפט, גענומען באַטראַכטן דעם אויסערגעוויינלעכן פּאַרשוין, ווי אַזוי ער שטייט איבער זיין פּעקל עפּעס מאָדנע געבראָכן, דאָס טונקעלע פּנים קרענק־לעך גרוי, די קרומלעכע שוואַרצע אויגן קוקן טריב, פון די הויזן הענגען גוואַלד־ריסן. איינער האָט אַרויסגעזאָגט אַ השערה, אַז דאָס האָבן אים די דייטשן געמאַכט אַ תל פון די הויזן, וואָרעם אין בערלין זענען אומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז מע האָט אים געהאַלטן אַ נאַכט אין גע־פענגעניש, געשלאָגן מכות־רצח, אָפּגעשלאָגן די „כריפּעס". אַ צווייטער האָט אַריינגענומען דאָס בערדל אין האַנט, האַלב פאַרמאַכט די אויגן און געשאָקלט מיטן קאָפּ: „ווייסט איר, ווער עס פעלט דאָ? פּוריש־קעוויטש. אַי, וואָלטן מיר דאָ געהאַט אַ מזומן!"...

לאַנג חידושן זיך אויף קאַססאָן איז אָבער קיין צייט ניט געווען. דער פּוילישער פּריץ איז ערגעץ אַוועק מיט זיינע דאַמען און איז באַלד צוריקגעקומען אין דער באַגלייטונג פון דעם זאַסניצער בירגערמייסטער, וועלכער האָט באַפוילן דעם קאַפּיטאַן אַרויפצונעמען דעם עולם אויפן שיפל — ער האָט שוין וועגן דעם טעלעגראַפירט אין שוועדן, קיין מאַלמע. ס'איז געוואָרן אַ געלויף מיט אַ שטופּעניש צום שיפל — עס האָט זיך שיר ניט איבערגעחזרט די נעכטיקע געשיכטע ביי דער גרויסער שיף.

— מיר פאָרן אויך! — האָט שלום־עליכם באַשלאָסן אין דער לעצ־טער מינוט. — מיר מוזן זיך ראַטעווען גלייך מיט אַלעמען!...

גיך איז דאָס שיפל איבערגעפּאַקט געוואָרן, כמעט דורכאויס מיט יידן. דאָס פאַרזשאַווערטע קוימענדל האָט הייזעריק אַ ברום געטאָן אין קאַלטן נעבל אַריין, באַדעקט דעם עולם מיט אַ שוואַרצן רויך, און מיר זענען אַרויסגעשווומען צום אָפענעם אויפגעברויזטן ים.

איך האָב אויסגעקעמפּט אַ פּלאַץ פאַר שלום־עליכמען אויף דער איינציקער באַנק, וואָס האָט זיך געפונען אויף דער אויבערשטער דעק,

און אַליין האָב איך געזוכט אַן אָנהאַלט צווישן דעם געדיכטן עולם, וואָס האָט זיך אויסגעשטעלט ביי די פּאַרענטשעס. וואַקלענדיק פון איין ווינקל צום אַנדערן, האָב איך זיך דערשלאָגן צו דעם קאַפּיטאַנס „קאַבינע", אַ קעמערל ווי אַ שפּאַן די גרויס, וואָס איז באַהערשט געוואָרן אינגאַנצן פון יידן, אַזוי אַז די עטלעכע קריסטן, וואָס האָבן געפּרוווט אַהין אַריינ־קוקן, האָבן זיך נאָר פאַרקרימט און אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. דאָרט, אינעם קעמערל, איז שוין געשטאַנען אַ לעבעדיקער, פריילעכער טומל — מע האָט זיך אומגעקערט צו דער פריערדיקער טעמע, געשמאַק אַרומגערעדט דעם ענין „קאַססאָ". די יידן האָבן זיך גאָרניט געקאָנט זאַט אָנקוועלן, וואָס זיי ראַטעווען זיך אויף איין שיפל מיט אַ מיניסטער, און נאָך מיט וואָס פאַר אַ מיניסטער — אַזאַ צורר היהודים!... מע האָט אַריינגענומען אינמיטן דעם גליקלעכן געלן יונגנמאַן, און יענער האָט געשטשירעט מיט די טאָפּעלע ציין און דערציילט חידושים, וואָס ער אַליין האָט זוכה געווען צו זען מיט זיינע אויגן: ווי אַזוי קאַססאָ איז געשלאָפן, ווי אַזוי ער האָט געטרונקען קאַווע, ווי אַזוי ער איז זיך מיט אים באַגאַנגען מאָדנע ווייך, כאָטש נעם און לייג אים צו צו אַ מכה!... איינער אַ ייד האָט אָנגעוויזן אויף זיינעם אַ יינגל און גע־זאָגט: „איר זעט אָט דעם חברה־מאַן? דאָס איז טאַקע קאַססאָס אַ קרבן; דריי מאָל האָט ער זיך עקזאַמענירט אין אונדזער גימנאַזיע, און איז ניט צוגעלאָזט געוואָרן!"... דער עולם האָט גענומען באַטראַכטן דעם „קרבן", אַ היפּש גביריש בר־מצוה־בחורל מיט פיינע אָפּגעקאָרמעטע בעקלעך, און דעם טאַטן פונעם קרבן איז דערווייל אַיינגעפאַלן אַ גליקלעכע אידעיע:

— שאַ! — האָט ער אַ זאָג געטאָן צום געלן יונגנמאַן. — אפשר קאָנט איר מיר גאָר שאַפן אַ פּראָטעקציעלע ביי אייער מיניסטער? איר וועט פאַרדינען מעקלער־געלט!...

— אָך! מיטן גרעסטן כבוד! — האָט זיך יענער ניט געלאָזט לאַנג בעטן. — מירצעשעם, אַז מירן קומען אויף דער יבשה, וועל איך מיט אים מאַכן דערפון אַ שמועס, אויב איר ווילט.

— ניין, דאָס טויג ניט! — זאָגט דער טאַטע פונעם קרבן. — אויף

דער יבשה וועט אַייך קאַססאָ שוין הערן פאַר אַ פעטאַק. איר רעדט מיט אים דאָ, אויפן ים, כל־זמן ער איז נאָך אין יידישע הענט...

אַז איך האָב דאָס דערציילט שלום־עליכמען, איז ער געוואָרן מאָדנע אויפגעבראַכט.

— וואָס פאַר אַ נאַרישע אומה דאָס איז! די טיפּשים וועלן ברענגען דערצו, אַז קאַססאָ וועט צוריקקומען קיין פּעטערבורג נאָך אַ גרעסערער המן, ווי ער איז געווען!...

דערווייל האָט זיך דער הימל באַדעקט מיט אַ פינצטערער כמאַרע, דער ווינט האָט זיך פאַרשטאַרקט, עס האָט אָנגעהויבן דונערן און בליצן, און אַ שלאַקס־רעגן האָט אַ גאָס געטאָן. דער דרויסנדיקער עולם האָט גענומען לויפן איבערן שיפל, געזוכט אַ ווינקל, וווּ צו שיצן זיך. מיר האָבן געפּרוּווט אַריינקוועטשן זיך אין דעם קאַפּיטאַנס קעמערל. די ענג־שאַפט איז דאָרט געווען אַזוי גרויס און דער ציגאַרן־רויך אַזוי געדיכט, אַז שלום־עליכם האָט גלייך פאַרקערעוועט צוריק. צוזאַמען מיט אונדז האָט אַריינגעקוקט אין קעמערל אויך קאַססאָ. „פּאָזשאַלויסטאַ, מילאָסטי פּראָסים!” (ביטע, טוט אונדז אַ גענאָד!) — האָט זיך דערפרייט דער געלער יונגערמאַן און געמאַכט צו אים פון דער ענגשאַפט זייער גאַסט־פריינדלעך מיט די הענט. קאַססאָ האָט אָבער אָן ווערטער זיך אויס־געדרייט צו זיין פריינד מיטן רוקן און איז פאַרשוווּנדן געוואָרן.

ס׳איז קיין אַנדער ברירה ניט געווען, נאָר זעצן זיך צוריק אויף דער נאַסער באַנק, אונטערן רעגן. שלום־עליכם האָט אָנגעטאָן קאַלאָשן, געעפנט דעם שירעם, נאָר קיין גרויסע שמירה איז דאָס ניט געווען. דער רעגן איז געוואָרן שטאַרקער, הימל און ים האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין שטורעמדיקן תהום, און דאָס שיפל איז געשליידערט געוואָרן אַרויף און אַראָפּ, ווי אַ שפּענדל. מיר זענען שוין געזעסן מיט די פיס אין וואַסער, דורכגענומענע פון אַ ניט־גוטקייט, געוואָרפענע פון היץ אין קעלט. אינעם פאַרטשאַדעטן מוח האָבן זיך געמישט בילדער פון יונה הנביא, ווי ער אַנטלויפט פון גאָט אין ים־שטורעם, און פון שלום־עליכמס „פישל דער מלמד”, ווי ער שיפט זיך אַריבער איבערן טייך בוג, ליגט מיטן פּנים צום דנאָ פונעם שיפל און וויינט פאַר גאָט: „אפּפוני

מים עד נפש — מיך האָבן אַרומגערינגלט די וואַסערן ביז דער נשמה"...

אַז דער רעגן האָט אָנגעהויבן ווערן שוואַכער, איז פּאַר אונדז פּלוצעם אויסגעוואַקסן די הויכע געבראָכענע פיגור פון קאַססאָ. צי שלום־עליכם האָט אים פאַראינטערעסירט מיט זיין באַזונדערן אויסזען און מיט זיין רוסיש רעדן צו מיר, אָדער אפשר גאָר דערמיט, וואָס ער איז אויך אַנטלאָפן פון דער „יידישער" קאַבינע, — נאָר עס האָט אים גע־צויגן צו פאַרבינדן מיט אים אַ שמועס.

— קאָן מען זיך צוזעצן אונטער אַייער שירעם? — האָט ער זיך צו אים גלייך געווענדט אויף רוסיש.

— ביטע, — האָט אים שלום־עליכם געענטפערט העפלעך, נאָר אין קאַלטן טאָן, געמאַכט פּאַר אים פּלאַץ און אָנגעבויגן צו אים דעם שירעם.

— אַ שרעקלעכע לאַגע! — פּרוווט קאַססאָ אַריין אין אַ געשפּרעך.

— יאָ, — זאָגט שלום־עליכם מיט אַ באַזונדער באַטאָנונג, — אַן ערגערע לאַגע ווי דעם גובערנאַטאָרס! (אַ רוסיש ווערטל: „פּאָלאָזשעניע כוזשע גובערנאַטאָרסקאַוואָ").

פון דעם דאָזיקן ווערטל איז קאַססאָ, ווייזט אויס, געוואָרן אַ ביסל פאַרדעכטיק. ער האָט באַטראַכט שלום־עליכמען זייטיק, מיט איין אויג, און דערזען ביי אים אויפן קייטל פונעם זייגער אַ גאָלדענעם זשעטאָן, האָט ער אָנגעוויזן מיט דער האַנט און אַ פרעג געטאָן:

— איר דינט אין דעם אינזשינערן־דעפּאַרטאַמענט פונעם אַייזנבאַן־מיניסטעריום?

— ניין, — זאָגט שלום־עליכם — דאָס איז אַ זשעטאָן פון דעם פּעטערבורגער פאַראיין פון שריפטשטעלער און דראַמאַטורגן.

— זענט איר, הייסט עס, אַ שריפטשטעלער?

— יאָ, — ענטפערט שלום־עליכם קורץ.

פון קאַססאָס זייט איז געזעסן אַ יידישע פרוי. אין דער צייט פון זיין קורצן געשפּרעך מיט שלום־עליכמען איז דער פרוי געוואָרן ניט־גוט פון ים־קראַנקייט און זי האָט אָנגעהויבן אויסצוברעכן. קאַססאָ האָט

עלעגאַנט אויסגעשטרעקט זיין האַנט און אונטערגעהאַלטן די פאַרחלשטע פרוי. אָפּגעטאָן די אַרבעט, רופט ער זיך אָן צו שלום־עליכמען:

— אין אַזאַ לאַגע קומט־אויס אַמאָל צו זיין אַפּילו אַ באַרעמהאַר־ציקע שוועסטער.

— באַרעמהאַרציקייט שאַדט ניט אין אַלע לאַגעס, — האָט שלום־עליכם אַ זאָג געטאָן גאַנץ געלאַסן.

דער דאָזיקער ענטפער האָט געמאַכט אַ סוף צו זייער געשפּרעך. אַז דער רעגן האָט אָפּגעלאָזט, האָט קאַססאָ זיך אַרויסגערוקט פון אונטער שלום־עליכמס שירעם, אַ בורטשע געטאָן אַ דאַנק, און איז ניט געוואָרן.

יענעם אָוונט, נאָכדעם ווי מיר האָבן מיט גרויס מאַטערניש זיך דער־שלאָגן צום שוועדישן ברעג, זענען מיר צוגעפאָרן צו מאַלמע מיט דער באַן. מיר האָבן זיך געלאָזט גיין מיט שלום־עליכמען צופוס איבער האַלב־פינצטערע ליידיקע גאַסן פון דער פרעמדער שוועדישער שטאָט, געטריבן פון אַ שטאַרקן ים־ווינט, ביז מיר האָבן געפונען אַ האָטעל. ביים אַריינגאַנג פונעם האָטעל איז אויף אונדז אָנגעלאָפן אַ באַקאַנטע הויכע פיגור, מיט אַן אויפגעשטעלטן קאָלנער און מיט אַ טשעמאָדאַן אין דער האַנט — קאַססאָ. ווי נאָר ער האָט אונדז דערזען, אַזוי האָט ער באַלד זיך אויסגעדרייט צוריק און איז מיט גיכע טריט נעלם געוואָרן אין דער נאַכט.

יח

# אין קאָפּענהאַגען

איבערגענעכטיקט מיט שלום־עליכמען אין מאַלמע, האָבן מיר זיך ניט פאַרגונען רעכט אָנקוקן די דאָזיקע שוועדישע שטאָט, וואָס פריער האָבן מיר אַפילו איר נאָמען ניט געהערט. פאַר שלום־עליכמס נייגעריקייט איז דאָס געווען אַ שטיק נסיון — אָפּצופּטרן אַזאַ אומגעווייַנלעך אינטערעסאַנט לאַנד, ווי שוועדן, נאָר מיט איבערנעכטיקן דאָרט איין נאַכט אין אַ האָטעל. די הויך־געוויקסיקע און הויך־קולטורעלע שוועדן, מיט די אָפענע, ערלעכע העל־בלאָנדע געזיכטער, זענען אים מאָדנע געפעלן געוואָרן. „עפּעס אַ נייע ראַסע, — האָט ער געזאָגט, — ווי פון אַן אַנדער פּלאַנעט אַראָפּגעפאַלן, אמתע „נפילים" (ריזן), עוג מלך הבשנס אייניקלעך, און קוקן מילד, ווי קינדער". מיר זענען אַריין אין אַ פאַריק־מאַכערייַ זיך אָפּראַזירן צום ערשטן מאָל, זינט מיר זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון אַלבעק. אָפּגעפאַרטיקט זיך, האָט שלום־עליכם טשיקאַווע אַ קוק געטאָן פון אונטן אַרויף אויף דעם גיגאַנטישן באַרבירער, וואָס איז געשטאַנען פאַר אים אויף הויכע שטאַרקע פיס, ווי אויף געגאָסענע זיילן, און זאָגט צו מיר: „ווי געפעלט אייך דאָס דאָזיקע זיבעלע נעבאַך? איצט איז אַ פראַגע, ווי אַזוי באַצאָלט מען אים אין האַנט אַריין? סיידן צושטעלן צו אים אַ בענקל"...

נאָר לאַנג חידושן זיך אויף די הויכע שוועדן איז קיין צייט ניט געווען, און אויך דער קאָפּ איז דערבייַ ניט געלעגן. מיר האָבן זיך געאייַלט צום שיף, וואָס גייט קיין קאָפּענהאַגען, געשיקט פאָראויס אַ טעלעגראַמע פאָסט־רעסטאַנט צו אונדזערע ערשטע מלחמה־אַנטלאָפענע, מיכאל קויפמאַן און מישאַ, מיט דער האָפענונג, אַז אויף אַזאַ אופן וועלן מיר זיי געפינען אין דער גרויסער פרעמדער שטאָט.

אין קאָפּענהאַגען האָבן מיר שוין געטראָפן אַ היפּשן גערודער פון

רוסישע מלחמה־קרבנות, וואָס זענען זיך אַהער צונויפגעלאָפן אויף פּאַר־שיידענע וועגן פון די דייטשע גרענעצן. אונדזערע צוויי אַנטרונענע האָבן מיר אָפּגעזוכט ערגעץ אין אַ דריט־קלאַסיקן האָטעל, וואָס איז גע־שטאַנען אינעם סאַמע מיטן פון דעם קאָפּענהאַגענער פיך־מאַרק און האָט געטראָגן דעם נאָמען „ניט לאַנדסמאַנדס האָטעל". זיי האָבן זיך דאָרט אויפגעהאַלטן צוזאַמען מיט אַ גאַנצער קאָמפּאַניע זשורנאַליסטן, קאָרעס־פּאָנדענטן פון יידישע און רוסישע צייטונגען, וואָס האָבן זיך אַהער באַ־צייטנס געראַטעוועט פון בערלין. דער האָטעל, ווי דער אַרומיקער ריח פון פערדן־מיסט האָט אויף אים עדות געזאָגט, איז סך־הכל געווען אַן אײַנפאַר־הויז פאַר דענישע דאָרפסלייט און אָקסנהענדלער. ער האָט אָבער פאַרמאָגט צוויי גרויסע מעלות: ער האָט געקאָסט וואָלוול, און דער פּאָרטיע איז דאָרט געווען אַן אייגענער מענטש, אַ יידישער יונגער־מאַן פון רוסלאַנד, אַ ברען, מיט אַ שמייכלענדיקן ענערגישן פּנים, וואָס האָט זיך דערפרייט מיטן אומגעריכטן אָנפלייץ פון אַזעלכע אָנגעלייגטע געסט, אַלע סאַמע יידן, לייבלעכע קרובים, און האָט זיי געגעבן אַ וואַ־רעמען, גאַסטפריינדלעכן קבלת־פּנים. דער באַלעבאָס פונעם האָטעל, אַ גוטמוטיקער נאַאיוו־כיטרער דענער, האָט אים איבערגעגעבן די גאַנצע ממשלה איבער די „רוסן", און אַליין איז ער געשטאַנען אָן דער זייט מיט פּויערשן דרך־ארץ און געגאַפט, ווי אַזוי זיין בחור האַנדלט גע־שיקט מיט די טשיקאַווע אויסלענדער, טענהט זיך אויס מיט זיי גע־שמידיק אויף זייער ווילד־פרעמדן לשון. צוליב דעם שמייכלענדיקן יידישן פּאָרטיע האָט זיך דער האָטעל גיך אָנגעפילט מיט אַ רוסיש־יידישן עולם, געוואָרן אַ מין צייטווייליקער צענטער פון דער יידישער מלחמה־עמיגראַציע, און די גרופּע אַנטלאָפענע זשורנאַליסטן האָט זיך דאָ צע־לייגט גאַנץ היימיש, ווי ביים טאַטן אין ווייַנגאָרטן. קיין זשורנאַליסטישע אַרבעט איז נאָך דערווייל ניט געווען, די קאָמוניקאַציע מיט די רוסישע צייטונגען איז איבערגעריסן געוואָרן, — איז מען געזעסן אונטן אינעם רעסטאָראַן פון די אָקסנהענדלער, ווי אין אַ אימפּראָוויזירטער ליטעראַ־רישער קאַפע, זיך געאַמפּערט וועגן דער מלחמה, געטיילט זיך אויף „פּראָ־רוסן" און „פּראָ־דייטשן", באַשטעלט ביר, און אין דער שטיל

געציילט די איבערגעבליבענע עטלעכע גראָשן, וואָס זענען וואָס אַ טאָג געוואָרן אַלץ ווייניקער.

שלום־עליכמען איז דער גאַנצער טאַרעראַם אין האָטעל די ערשטע טעג ניט איינגעגאַנגען. אַ צערודערטער דערפון, וואָס מיר האָבן אונדזער פאַמיליע ניט געטראָפן אין קאָפּענהאַגען און האָבן פון איר קיין שום ידיעה ניט, דערצו אַ געפּייניקטער פון זיין אומפאַרשטענדלעכער דאָרשט־קראַנקייט, וואָס הערט גאָרניט אויף, האָט ער אויסגעמיידט מענטשן, געזעסן ביי זיך אין צימער מיט פאַרמאַכטע אויגן, אָדער אומגעלאָפן מיט מיר אַ שווייגנדיקער איבער דער פרעמדער רוישיקער שטאָט. אונדזערע באַקאַנטע זשורנאַליסטן, וואָס האָבן זיך לכתחילה דערפרייט מיט זיין קומען, זענען געוועזן פון אים אַנטוישט: ער האָט אויסגעזען ווי צערייצט פון זייער זאָרגלאָזער געזעלשאַפט און פלעגט דורכלויפן דעם אַריינגאַנג פונעם האָטעל, ווו זיי זענען געזעסן אין אַ געמיטלעכן בחברותאדיקן שמועס, ווי אַ פרעמדער, מיט אַ פינצטערן קרענקלעכן פנים — עפּעס גאָרניט מעשה שלום־עליכם!... מיר זענען געגאַנגען יעדן פרימאָרגן באַגעגענען דעם צוג, וואָס קומט פון דייטשלאַנד. די הויכע מירמלשטיינערנע זאַלן פון דעם גרויסן רייכן קאָפּענהאַגענער באַנהויף האָבן פרעמד געהילכט פון מחנות צערודערטע מענטשן, מלחמה־וואָגלער, וואָס האָבן דאָ פאַרצווייפלט אַרויסגעקוקט, פונקט ווי מיר, אויף פאַר־לאָרענע קרובים, און דער אַלגעמיינער אומגליק האָט נאָך טיפער און זיכערער געמאַכט די פאַרגעשטעלטע שרעקן. איצט האָט אונדזער אַנט־לויפן פון בערלין אָן דער פאַמיליע שוין אויסגעזען ווי אַ ווילד עגאָ־איסטיש פאַרברעכן, ווי אַ פאַטאַלער אומזין, וואָס קאָן צוריק ניט גוט־געמאַכט ווערן.

ענדלעך, אויפן פינפטן טאָג פון אונדזער גיין צום קאָפּענהאַגענער וואָקזאַל, האָבן פון דעם אָנגעקומענעם פרימאָרגנדיקן צוג זיך געוומען ווייזן אויסגעמוטשעטע, געבראָכענע געשטאַלטן פון גלות־מענטשן, צווישן זיי — אויך די געגאַרטע פּנימער פון אונדזערע אייגענע. זיי זענען אַרויסגעפאַלן פונעם וואַגאָן פאַרחלשטע, קראַנקע, אין האַלב־היסטערישן צושטאַנד. זיי האָבן דורכגעמאַכט אַ וואָך פון יסורים, אַקעגן וועלכע

אונדזער געמאַטערטער וועג פון בערלין קיין מאַלמע איז געווען אַ קינ־דערשפּיל. די דייטשן האָבן זיך אַרויסבאַוויזן אַזוי טיכטיק און הונדערט־פּראָצענטיק אין זייער אַכזריות און ברוטאַלער באַציאונג צו פרויען און קליינע קינדער, פּונקט ווי אין זייער קולטורעלן דראַנג. דערצו האָט מיין פרוי איבערגעלעבט גאָר אַ באַזונדער שרעק: גלייך נאָך אונדזער אָפּפאָרן איז זי געוואָר געוואָרן, אַז די בערלינער פּאָליציי זוכט מיך, ניט מער און ניט ווייניקער, ווי אַ מיליטערישן שפּיאָן. אונדזער געוועזענע בערלינער שטוב־מיידל, וועלנדיק זיך אויסצייכענען מיט פּאַטריאָטישן פלייס, האָט מיך פאַרמסורט, אַז איך פלעג זיצן גאַנצע נעכט און שרייבן אויף אַ מאַשין מיט עפּעס אַ מאָדנעם שיפרירטן כתב (דאָס האָט זי גע־מיינט דעם יידישן „רעמינגטאָן", וואָס די ניו־יאָרקער שרייבער האָבן געשיקט שלום־עליכמען אַ מתנה). און אונדזערער אַ פריינד, איינער אַן אינזשיניער, מיטן נאָמען רייזען, ביי וועמען זי האָט געדינט נאָכדעם ווי זי איז אַוועק פון אונדז, פלעגט אויך זיצן גאַנצע נעכט און מאַכן צייכענונגען. איז דאָך קלאָר ווי דער טאָג, אַז מיר ביידע האָבן בשותפות געאַרבעט פאַר דער רוסישער רעגירונג: דער אינזשיניער האָט גע־צייכנט די דייטשע פעסטונגען, און איך האָב וועגן דעם געשריבן שיפ־רירטע רעפּאָרטן. האָט מען דעם אומגליקלעכן אינזשיניער באַלד אַרעס־טירט און אַריינגעזעצט אין תפיסה (און אים אָפּגעהאַלטן, ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוווּסט, אַ גאַנצןווינטער), און צו מיר איז מען געקומען אויף אונדזער געוועזענער בערלינער וווינונג, אויפגעריסן דאָרט די פּאָדלאָגע, אויפגעטרענט די קישנס ביי דעם, וואָס האָט איבערגענומען מיין וווינונג, און געזוכט די שיפרירטע רעפּאָרטן. מיין פרוי איז געווען אין איין שרעק, טאָמער וועט מען מיך כאַפּן אויפן וועג קיין קאָפּענהאַגען און צוריקברענגען קיין בערלין.

יענעם אויפדערנאַכט, לכבוד אונדזער געראַטעוועטער פאַמיליע, איז אונטן אין רעסטאָראַן פון „ניט לאַנדסמאַנדס האָטעל" געווען פריילעך, ווי אויף אַ יידישער חתונה: שלום־עליכם, אַן אויפגעלעבטער, אַ ליכטיק־געוואָרענער, איז געזעסן אין מיטן דער חברה זשורנאַליסטן; די דע־נישע קלעזמער פונעם רעסטאָראַן האָבן געשפּילט אַ יידישן „פריילעכס"

(לעאָ ווינץ, דער רעדאַקטאָר פונעם יידיש־דייטשן זשורנאַל „אָסט אונד וועסט“, וואָס איז אויך געווען צווישן די אַנטרונענע, האָט מיטגעבראַכט פון בערלין יידישע נאָטן), און דער צעוואַרעמטער עולם איז געגאַנגען אַ טענצל. פון דער זייט האָט עס אויסגעזען, ווי מענטשן באָדנלאָזע, נאַקעטע, אָן אַ פאָטערלאַנד און אָן זאָרג פאַר אַ פאָטערלאַנד, האָבן זיך אָפּגעריסן פון דעם גרויסן וועלט־אומגליק, אָפּגעזונדערט זיך פון דעם אַרומיקן האַרמאַטן־קראַך ערגעץ אויף אַ פרעמדן אינזל און טאַנצן דעם לייכטן פריילעכן טאַנץ פון האָלעדראַנצעס.

איצט האָבן מיר שוין געהאַט די מעגלעכקייט זיך אַרומקוקן אויף וואָסער אַ וועלט מיר זענען. קאָפּענהאַגען, די געמיטלעך־רוישיקע הויפּט־שטאָט פון די געלאַסענע מילדע דענער, ווו אָטאָמאָבילן לויפן ניט הענ־דום־פּענדום, נאָר גליטשן זיך אין געדיכטע שורות ווייך און פאַמעלעך, ווו די גאַסן זענען לעבעדיק באַהילכט מיט אַ גלעקל־געקלאַנג פון טויזנטער וועליסאָפּעדן, ווו די בוכהאַנדלונגען אויף יעדן טריט און שריט דערציילן פון גרויסער ליטעראַרישער פּרוכטבאַרקייט אין דעם קלענסטן קולטור־לאַנד אין דער וועלט, און ווו יעדער סקווער און ווינקל איז אַן אַרכיטעקטורישע אָדער סקולפּטורישע איבערראַשונג, — די דאָזיקע קילע און מילדע צפון־שטאָט האָט אויפגענומען די פרעמדע רוסן, די קרבנות פון דייטשער טעמפּער רשעות און נאַרישקייט, מיט אמתער וואַ־רעמער פריינדלעכקייט, כמעט ווי נאָענטע קרובים (אפשר האָט דאָ טאַקע צוגעשפּילט אַ סענטימענטאַל־קרובישער מאָטיוו, וואָס די אַלטע רוסישע קייסערינע איז געווען פון געבורט אַ דענערין). און אַזוי ווי נײַנציק פראָצענט פון די דאָזיקע „רוסן“ זענען באַשטאַנען פון יידן, איז שוין ממילא אַ גרויסער טייל פריינדלעכקייט אויסגעפאַלן אויף די דענישע יידן. די קליינע יידישע געמיינדע אין קאָפּענהאַגען, שוין לאַנג אַ דער־ווייטערטע פון דעם גרויסן יידישן כלל, אינגאַנצן אַ דעגענערירטע אינעם יידיש־נאַציאָנאַלן זינען, ווי אַ זייטיק פאַרטריקנט צווייגל פון אַ לעבע־דיקן בוים, האָט פלוצעם דערפילט, ווי עס שלאָגט נאָך אין איר אַ יידי־שער אָדער. זי האָט דערזען פאַר זיך מיט אַ מאָל אַ מענגע מזרח־יידן פון גאָר אַ נייעם טיפּ, ניט קיין „פּוילישע שנאָרערס“, ווי זי האָט גע־

האָט פון זיי אַ פאָרשטעלונג, נאָר ציוויליזירטע אייראָפּעער, און דאָך מיט אָפּגעהיטע, אויסגעשפּראָכענע אייגנשאַפטן פון דער אַלטער יידישער ראַסע, — און זי האָט אויף זיי געגאַפט, זיך געפילט גערייצט פון זייער נאָענטקייט, זיך אָנגעצונדן צו זיי מיט באַהאַלטענע קרובישע פאַרלאַנגען. דער זאַמלפּונקט פון די מלחמה־אַנטרונענע איז געווען אין דעם טוריסטן־ביוראָ פון דער אַלטער קאָפּענהאַגענער צייטונג „בערלינגסקע טיגענדע", וווּ מע האָט אויסגעטיילט די נויטבאַדערפטיקע הילף און אינפאָרמאַציע. זענען אַהין געקומען יעדן טאָג רייכע דענישע יידן, מיט פּנימער אויף וועלכע דער „צלם אלהים" האָט שוין לאַנג אָפּגעבליאַקעוועט, געשטאַנען און געקוקט מיט פאַרחידושטע אויגן און מיט אַ וואַרעמער פאַרב אין די באַקן, און לסוף צוגעגאַנגען צו יידישע יונגעלייט מיט פאָרזיכטיקע, העפלעכע ווערטער: אפשר נייטיקן זיי זיך אין עפּעס, איז זייער הויז פאַר זיי אָפן, וואָרעם זיי אַליין זענען אויך „איזראַעליטן". אַזאַ אָנבאָט האָבן אויך מיר, איך און מיין פרוי, באַקומען פון אַן אַלטן בכבודיקן „איזראַעליטישן" פאָרפאָלק, וועלכע האָבן אונדז געוואָלט נעמען אין זייער זומערדיקער ווילע, ביים ברעג ים, אויף קעסט — און זענען געווען שטאַרק פאַרשעמט, וואָס מיר האָבן זיך דערפון אָפּגעזאָגט.

מיר האָבן אין קאָפּענהאַגען אויך געטראָפן, גאַנץ אומגעריכט פאַר אונדז, אַ קליינע קאָלאָניע פון אונדזערע אייגענע רוסישע יידן, צום מייסטן אַרבעטער און פעדלער, וואָס האָבן זיך אַהער פאַרקליבן, גאָט ווייס אויף וואָס פאַר אַ וועג, נאָך די אָקטאָבער־פּאָגראָמען פון יאָר 1905. זיי האָבן זיך דאָ געהאַלטן אין אַ מין באַזונדערן געטאָ, ווייט אָפּגעשיידט סיי פון די רייכע דענישע יידן, סיי פון דער עכטער דענישער באַ־פעלקערונג, וועלכע האָט אַפילו רעכט ניט געוווּסט זייער יידישן יחוס און האָט זיי גערופן פּראָסט „פּאָליאַקן". די דאָזיקע פאַרוואָגלטע „פּאָל־יאַקן" האָבן זיך נאָך געפילט אויף זייער נייעם אָרט זייער עלנט, גייסטיק געצויגן זיך צו זייער שורש, צום רוסישן יידנטום, געבענקט נאָך אַ יידיש וואָרט, געקוויקט זיך מיט יידישע צייטונגען פון וואַרשע און ניו־יאָרק, נאָכגעמאַכט פון דער ווייטן, אין קליינעם אָרעמען מאַסשטאַב, אַלצדינג וואָס ווערט געטאָן אין דער גרויסער יידישער וועלט: געגרינדעט אַן

אייגענעם „הזמיר“, געשפּילט מיט אייגענע אַמאַטאָרישע קרעפטן יידיש טעאַטער, אַפילו געפּרוּווט דרוקן אַן אייגן יידיש בלעטל. פאַר זיי איז דער אויסבראָך פון מלחמה געווען אַ שטיק יום־טוב, געבראַכט פרייד און דערפרישונג, אַ גאַנצן אָנפלייץ פון יידן מיט יידישקייט, און ניט סתם יידן, נאָר סאַמע שרייבער און כלל־טוער, מיט ניט קיין קלענערן ווי שלום־עליכם אין דער שפּיץ.

ביי שלום־עליכמען אין האָטעל־צימער איז שוין איצט געשטאַנען אַ לעבעדיקער טומל. עס זענען צו אים געקומען פאַרברענגען סיי פאַר־שטייער פון די רייכע דענישע יידן, סיי קולטור־פאַרזאָרגער פון דער אָרעמער „פּוילישער“ קאָלאָניע, און אויך אַזעלכע וואָס האָבן געזוכט צו פאַרוואַרפן אַ בריק צווישן די דאָזיקע צוויי ווייטע וועלטן. אין די קאָפּענהאַגער צייטונגען האָט זיך באַוויזן אַ באַריכט, אַז צווישן די רוסישע אַנטרונענע פון דייטשלאַנד געפינט זיך דער באַרימטער פּוילישער הומאָריסט שלום־עליכם, וואָס איז באַקאַנט אויף דער וועלט ווי „דער פּוילישער מאַרק טוועין“. אין דער „פּוילישער“ קאָלאָניע האָט זיך גע־נומען רודערן: מע האָט שוין גערעדט פון אַ „שלום־עליכם אָוונט“, די אַמאַטאָרישע קרעפטן האָבן געגרייט אַ פאָרשטעלונג פון „צעזייט און צעשפּרייט“, און יונגעלייט זענען אומגעלאָפן זוכן פאַר שלום־עליכמען אַ דירה, געבעטן גאָט, אַז די מלחמה זאָל זיך פאַרציען און שלום־עליכם זאָל בלייבן אַ קאָפּענהאַגענער תושב.

פון פאַרבלייבן אין קאָפּענהאַגען האָט אָבער שלום־עליכם אַפילו ניט געקאָנט טראַכטן. די לאַגע איז געווען אַן אומבאַשטימטע און גאָרניט קיין פריילעכע. אַלע זיינע פאַרבינדונגען מיט רוסלאַנד זענען איבער־געריסן געוואָרן, די גאַנצע יידישע פּרעסע איז דאָרט געווען אָפּגעשטעלט, און די איינקונפט פון זיינע ביכער פאַרן לויפנדיקן יאָר האָט ער געהאַט אין וועקסלען, וואָס זענען איצט געווען ווערטלאָז. עס איז נאָר פאַרבליבן עפּעס אַ רעשט פון דעם געלט, וואָס ער האָט געבראַכט פון זיין לעצטן טור איבער רוסלאַנד, און אויף דעם האָט מען באַדאַרפט לעבן אין דער פרעמד מיט אַ פאַמיליע פון צוועלף פאַרשוין. האָט מען געמוזט זיין שפּאָרעוודיק, שטאַרק אויסגערעכנט מיט דער הוצאה, אָפּט אַפילו ניט

דערעסן. דערצו האָט אונדזער גאַנצער באַגאַזש נאָך אַלץ געשטעקט אין געפאַנגענשאַפט ערגעץ אין בערלין, מיר זענען אַלע געווען קאַרג געקליידט, געהאַט אויף זיך נאָר די לייכטע זומערדיקע מלבושים, אין וועלכע מע האָט אונדז אַרויסגעשיקט פון אַלבעק, און אין קאָפּענהאַגען האָט זיך שוין אָנגערוקט דער פריער צפונדיקער האַרבסט, מיט קאַלטע רעגנס און שאַרפע ים־ווינטן.

ביי אַזאַ צושטאַנד איז ממילא אַרויפגעקומען דער געדאַנק, אַז סוף־כל־סוף וועט ניט בלייבן קיין אַנדער ברירה, נאָר לאָזן זיך ווידער אַ מאָל קיין אַמעריקע, — איצט שוין מיט דער גאַנצער משפחה.

יט

## „שאַט, שלום־עליכם פאָרט קיין אַמעריקע!״

דער געדאַנק וועגן אויסוואַנדערן מיט דער פאַמיליע קיין אַמעריקע, הגם נאָר צייטווייליק, אום איבערצוּוואַרטן די מלחמה, איז שלום־עליכמען געווען ניט אַזוי צום האַרצן. ס׳איז אים נאָך געלעגן אין טעם די ביטערע אַנטוישונג, וואָס ער האָט דאָרט געהאַט ביי זיין ערשטן באַזוך מיט אַכט יאָר צוריק, זיין דורכפאַל אינעם ניו־יאָרקער יידישן טעאַטער, זיינע טרויעריקע דערפאַרונגען מיט די דאָרטיקע צייטונגען. איצט, אויף די עלטערע קראַנקע יאָרן, נאָכדעם ווי ער איז צוגעוויינט געוואָרן צו מאַ־טעריעלן און גייסטיקן וווּילטאָג, אַן אויסגעוואַרעמטער און אַ געצער־טעלטער אין האַרציקער פאַרערונג פון דעם נאָענטן רוסישן יידנטום, האָט אים דאָס ווייטע כאַאָטישע יידישע לעבן אין ניו־יאָרק געשראָקן מיט פלוצעמדיקער ירידה, מיט פינצטערן קאַלטן תהום, אין וועלכן גאָט ווייסט, וואָס פאַר אַ סוף ער וועט האָבן. פון דער אַנדערער זייט איז פאַר אים אָבער אין דעם אַמעריקאַנער יידישן לעבן, מיט זיין רייכן פאַרנעם און „אומבאַגרענעצטע מעגלעכקייטן״, נאָך אַלץ פאַרבליבן עפּעס אַ באַהאַלטענער, ניט־דערגרייכטער צויבער, אַ ניט־אויסגעשעפּטער רייצנ־דיקער אינטערעס, וואָס האָט ניט אויפגעהערט צו וועקן זיין נייגעריקייט, צו צינדן זיין פאַנטאַזיע מיט נעבלדיקע האָפענונגען.

דערפאַר האָט פּרווי שלום־עליכם, און מיט איר אויך די קינדער, גאָר קיין חשק ניט געהאַט צו אַמעריקע. פאַר זיי האָט די נסיעה אַהין, נאָכדעם ווי שלום־עליכם האָט שוין דאָרט איין מאָל איבערגעלעבט אַ גרויסע דערנידערונג, אויסגעזען ווי אַ ווילדער אומזין, ווי לאָזן זיך מיט דער גאַנצער פאַמיליע אויף זיכערער פאַרניכטונג. דערהויפּט האָט זיך שאַרף געשטעלט די פראַגע: ווי אַזוי וועט שלום־עליכם אויס־האַלטן דעם ווינטער אינעם האַרבן ניו־יאָרקער קלימאַט און אינעם

שווערן ניו־יאָרקער געררויש, נאָכדעם ווי ער האָט זיך צוגעוווינט צו די ווייכע וואַרעמע ווינטערן אינעם שטילן זוניקן נערווי? און וואָס וועט זיין מיטן קראַנקן זון מישאַ, וועלכער איז ביז אַהער אויסגעהאַלטן געוואָרן אין די בעסטע שווייצאַרישע סאַנאַטאָריעס? ווי אַזוי וועט מען אים פירן אין דעם אַמעריקאַנער גיהנום, ווו סאַנאַטאָריעס קאָנען זיך פאַרגינען נאָר רייכע לייט?

די קויפמאַנס — די האָבן פון אַמעריקע אַפילו ניט געוואָלט הערן. זיי האָבן זיך געריסן קיין רוסלאַנד, ניט געאַכט דערויף, וואָס מיכאל קויפמאַן, אַלס יונגער מעדיקער, האָט דאָרט ריזיקירט גלייך גענומען צו ווערן אויפן פראָנט. און זיי האָבן אויסגעפירט זייערס: זיי זענען אַוועקגעפאָרן איינציקווייז, פריער מיכאל, דערנאָך ליאַלי מיטן קינד, איבער אַ לאַנגן שווערן וועג דורך פינלאַנד, אַהיים קיין רוסלאַנד.

די דאָזיקע אויפרעגונגען אין דער פאַמיליע, די געדריקטע מאַטער־יעלע לאַגע אויפן שוועל פון נויט, דאָס אומבאַשטימטע און אומבאַקוועמע זיצן אין אַ פרעמדער שטאָט (מיר האָבן זיך אַריבערגעקליבן פונעם האָטעל אין ניט־געהויבענע מעבלירטע צימערן) — דאָס אַלץ אינאיינעם האָט שלום־עליכמען געהאַלטן אין אַ קראַנקן מעלאַנכאָלישן צושטאַנד, וואָס איז נאָך מער פאַרשאַרפט געוואָרן דורך זיין פיינלעכן דאָרשט, וועלכן ער האָט אָנגענומען פאַר אַ סימפּטאָם פון צוקער־קראַנקייט. די דאָקטוירים, פון וועמען ער האָט זיך געלאָזט אונטערזוכן, האָבן אים געפּרוווט באַרויקן, אַז זיין דאָרשט קומט ניט פון אַן אמתער, נאָר פון אַ נערוועזער, אויסגעדאַכטער צוקער־קראַנקייט, אָן צוקער, וואָס אויף מעדיצינישן לשון הייסט עס: „דיאַבעטעס אינסיפּידוס". ער האָט זיך אָבער דערמיט ווייניק געטרייסט. ער האָט געטענהט: „וואָס טויגן מיר די פּשטלעך, מיט צוקער, צי אָן צוקער, אַז איך ווער אַלץ איינס פאַר־ברענט פון דאָרשט? איך קאָן ניט זען גלייכגילטיק קיין וואַסער — איך מוז עס טרינקען, און וויל נאָך!"... אין אַ בריוו צו זיינעם אַ פריינד (דאַכט זיך — צו דינעזאָנען) האָט ער דעמאָלט געשריבן: „איצט בין איך שוין באַוואָרנט, אַז איך וועל פון הונגער ניט שטאַרבן — שטאַרבן וועל איך פון דאָרשט"... ער האָט זיך געפילט אַזוי נידערגעשלאָגן, אַז

ער האָט אַפילו קיין מוט ניט געהאַט אַליין אָפּצוזאָגן זיך מיט דער געפּלאַנטער נסיעה קיין אַמעריקע, און האָט די זאַך איבערגעלאָזט פאַר מיר. איך האָב אַוועקגעשריבן אַ בריוו צו זיין ניו־יאָרקער באַשטענדיקן קאָרעספּאָנדענט און איבערגעגעבענעם פריינד יעקב פאַלער (דעמאָלט אַ מיטאַרבעטער אין „מאָרגן זשורנאַל"), ער זאָל טאָן אַלצדינג וואָס ס׳איז מעגלעך, אום צו ברענגען שלום־עליכמען מיט דער פאַמיליע קיין אַמעריקע.

ווי אַזוי שלום־עליכם וועט ביי אַזאַ קרענקלעכן צושטאַנד קאָנען מאַכן די רייזע איבערן ים — דאָס איז ביי אונדז געווען די האַרבסטע פראַגע. מער פון אַלץ האָט אונדז באַאומרואיקט, וואָס די לעצטע צייט, זינט דער דאָרשט האָט זיך ביי אים באַוויזן, האָט ער אינגאַנצן אויפגעהערט צו שרייבן — עס ציט אים שוין גאָרניט דערצו. דאָס איז געווען אַ שלעכטער סימן: ביז אַהער פלעגט ער שרייבן אַפילו קראַנקערהייט, אַפילו ליגנדיק אין בעט מיט אַ געהעכערטער טעמפּעראַטור. איך האָב געפּרוווט מיט אים אַ רעד טאָן דערפון, אויפמונטערן אים, ער זאָל נעמען עפּעס שרייבן — אפשר וועט ער דורכדעם זיך צעשטרויען, פאַרגעסן זיין קראַנקייט. האָט ער דערויף נאָר אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט: ווי אַזוי קאָן ער שרייבן, אַז די געדאַנקען זענען אים ניט דערביי? און פאַר וועמען וועט ער שרייבן, אַז אַלצדינג אַרום ווערט חרוב ומוחרב?... האָב איך אים אויפגעגעבן אַזאַ געדאַנק: אַזוי ווי מיר האַלטן ביי פאָרן קיין אַמעריקע, און קומען אַהין מיט ליידיקע הענט איז קיין תכלית ניט, — וואָלט כדאי געווען אַ טראַכט צו טאָן וועגן עפּעס אַ נייער פּיעסע פאַר די ניו־יאָרקער טעאַטערס, בפרט אַז ס׳איז דאָ ביי אים אַ פאַרטיקער סוזשעט, ער קאָן דראַמאַטיזירן זיין „בלוטיקן שפּאַס". און פאַראייַנוועגס האָב איך אים שוין אויסגעלייגט דעם פּלאַן פון דער דראַמאַטיזאַציע, פון וועלכער איך האָב שוין לאַנג געהאַט געטראַכט, היינו: אַנשטאָט וואָס אינעם ראָמאַן צעפאָרן זיך די צוויי פאַרביטענע סטודענטן, דער ייד מיטן גוי, אין צוויי באַזונדערע ערטער, איינער קיין מאָסקווע און דער אַנדערער קיין קיעוו, זאָלן זיי אין דער דראַמע זיך באַזעצן ביידע אין איין שטאָט, זיך פאַרליבן אין איין יידיש

מיידל, קומען צו אַ קאָנפליקט, און אויפלייזן זאָל זיך די דראַמע ניט אין געריכט, ווי עס פּאַסירט אינעם ראָמאַן, נאָר פּסח צום סדר, ווען פּאָליציי קומט אַרעסטירן דעם גויישן סטודענט פאַר באַנוצן קריסטלעך בלוט אין די מצות. און כדי די סיטואַציע זאָל אַרויסקומען נאָך שאַרפער און קאָמישער, דאַרף דער יידישער סטודענט זיין ניט סתם אַ בחור, וואָס הייסט ראַבינאָוויטש, נאָר אַ זון פון אַ חסידיש־רבנישער פאַמיליע, אַשטייגער — אַ שניאורסאָן, און דער מאַסקירטער גויישער סטודענט זאָל גילטן ווי אַן אייניקל פון דעם באַרימטן לאַדיער „רב"...

שלום־עליכם האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צו מיינע ווערטער און געזאָגט: „גוט, נעמט זיך צו דער אַרבעט, וועלן מיר זען, ווי אַזוי סע וועט גיין". לויט דעם פּלאַן, האָט די פּיעסע באַדאַרפט באַשטיין פון דריי אַקטן מיט אַ פּראָלאָג און אַן עפּילאָג. דער פּראָלאָג האָט ניט גע־פאָדערט קיין באַזונדערע אָנשטרענגונג — מיר האָבן אים גענומען כמעט אינגאַנצן פונעם „בלוטיקן שפּאַס", ווי ער גייט דאָרט אין די ערשטע קאַפּיטלען. די סאַמע אַרבעט האָט זיך אָנגעהויבן פון דעם ערשטן אַקט, ווו די סיטואַציע איז געווען אַ נייע. שלום־עליכם האָט זיך גלייך פּאַראינטערעסירט, און די אַרבעט איז ביי אונדז אַוועקגעגאַנגען אין אונדזערע צוויי שכנותדיקע חדרים: איך אין מיין חדר האָב אָנגעוואָרפן די ערשטע עטלעכע סצענעס, און ער אין זיין חדר האָט זיי פונדאַסניי באַאַרבעט, איבערגעגאָסן אין זיין שפּראַך, לויט זיין שטייגער. ביסלעכ־ווייז איז ער אַזוי אַריינגעצויגן געוואָרן אין דעם לעבעדיקן דראַמאַטישן גאַנג פון דער פּיעסע, אַז ער האָט אַליין פאָרגעזעצט די ווייטערדיקע סצענעס און זיי מיר געגעבן איבערצוקוקן, אַזוי אַז מיר האָבן די גאַנצע צייט געהאַלטן אין בייטן זיך מיט די ראָלן: אָדער ער האָט סטיליסטיש איבערגעשאַפן מיינע פאָרגעלייגטע סצענעס, אָדער איך האָב געצוימט זיין דיאַלאָג אין סצענישן גייסט.

מיין מיטל האָט געווירקט: שלום־עליכם האָט זיך אַזוי צעוואַרעמט פון דער אַרבעט, אַז ער איז געוואָרן גאָר אַן אַנדער מענטש. ער האָט אינגאַנצן אויפגעשיינט, זיך אָנגעצונדן מיט שאַפנדיקער באַגייסטערונג, געזעסן צוגעשמידט צום שרייבטיש, אינגאַנצן פאַרגעסן זיין דאָרשט. די

אַרבעט האָט ביי אים געבּרענט אונטער די הענט, ער האָט געשריבן אַפילו פאַרטאָג אין בעט, און אין פאַרלויף פון עטלעכע פריילעך־טעטיקע וואָכן איז פאַרטיק געוואָרן די פּיעסע. נאָך מער: אַז די פּיעסע איז שוין געווען פאַרטיק, האָט זיך שלום־עליכם מיישב געווען און צוגעשריבן גאָר אַ נייעם פערטן אַקט, צווישן דעם צווייטן און דריטן — אַ היפּשע סצענע, ווי אַזוי דער גויישער סטודענט, איוואַנאָוו, קומט צום קיעווער רב זיך מגייר זיין. איך האָב געהאַלטן, אַז די פּיעסע איז אַרויסגעקומען אַזוי אויך לאַנג, און דער פערטער אַקט וועט זיין פאַר דער בינע אַ שווערער באַלאַסט. שלום־עליכם איז אָבער באַשטאַנען, אַז דער אַקט מוז זיין, און אויב די טעאַטער־לייט וועלן געפינען, אַז ער איז איבע־ריק — וועלן זיי אים אויסלאָזן.

אַ נאָמען האָט שלום־עליכם זיין פּיעסע געגעבן: „שווער צו זיין אַ ייד". דאָס איז געווען איר לייט־מאָטיוו, די גרונט־פראַזע, וואָס האָט זיך אַ סך מאָל איבערגעחזרט אין אַלע אירע אַקטן. איבערגעלייענט די פּיעסע אין איר פאַרענדיקטער, ריין־איבערגעשריבענער פאָרם, איז ער אַריין אין הויכער באַגייסטערונג: „אויב דאָס וועט ניט מאַכן קיין פוראָר אויף דער יידישער בינע — איז עק וועלט, דאַרף מען זיך אינגאַנצן אָפּזאָגן פונעם יידישן טעאַטער!"...

דערווייל האָט זיך אַמעריקע וואַרעם אָפּגערופן אויף שלום־עליכמס ווונטש צו קומען אַהין. מיין בריוו צו פאַלערן איז ציטירט געוואָרן אין די ניו־יאָרקער יידישע צייטונגען, און עס האָט זיך באַלד פאַר־מירט אַ קאָמיטעט פון שריפטשטעלער און געזעלשאַפטלעכע טוער, פאָרשטייער פון אַלע קלאַסן פון דער ניו־יאָרקער יידישער עפנטלעכקייט, פון אַב. קאַהאַן ביז חנן י. מיניקעס, צו געבן שלום־עליכמען אַ גע־העריקן קבלת־פּנים ביי זיין קומען. די באַנק פון דזשאָזעף ס. מאַרקוס האָט געליען די נייטיקע סומע אויף הוצאות הדרך (אויפן חשבון פון שלום־עליכמס ערשטע פאָרלעזונגען אין ניו־יאָרק), און גיך האָט שלום־עליכם באַקומען אַ ידיעה פון דער קאָפּענהאַגענער שיף־געזעלשאַפט, אַז פאַר אים מיט דער גאַנצער פאַמיליע האָט מען פון ניו־יאָרק באַ־שטעלט פער קייבל שיפסקאַרטן פון ערשטער קלאַס. דאָס האָט ביי שלום־

עליכמען גלייך געהויבן די שטימונג. דערהויפּט איז אים געפעלן געוואָרן, וואָס אַמעריקע האָט זיך אַרויסגעשטעלט מיט דער ברייטער האַנט און אים באַזאָרגט מיט אַן ערשטקלאַסיקער רייזע. „אפנים, — האָט ער געזאָגט, — אַז צייטן בייטן זיך: עפּעס האָט זיך אין אַמעריקע פאָרט גערירט״...

איצט האָט ער שוין אויפגעלעבט מיט אַ נייעם אינטערעס, און די נאָענטע צוקונפט אין אַמעריקע האָט זיך אים געמאָלט אין העלע, מונ־טערע פאַרבן. אין די פרימאָרגנס פלעגן מיר אַרויספאָרן הינטער דער שטאָט, צום קעניגלעכן פאַרק, ווו ער האָט שטיל און פאַרטראַכט גע־שפּאַצירט ביי דער שפּיגלדיקער סאַזשלקע, איבערן ווייכן האַרבסטיקן אויסשיט פון דעם גאָלדיק־רויטן בלעטערפאַל. אויף אַזאַ שטיל־פאַרטראַכטן שפּאַציר־גאַנג האָט ער מיט מיר איינמאָל געמאַכט אַ שמועס, אַז פון דעם, וואָס מיר זענען געלאָפן ניט אין דער שווייץ, נאָר אין דענעמאַרק, זעט ער אַרויס באַשיינפערלעך, אַז דער גורל אַליין טרייבט אים אַלץ קיין אַמעריקע, שוין צום צווייטן מאָל, ער קאָן זיך פון דעם דאָזיקן לאַנד גאָרניט אויסדרייען. און ס'איז גם זו לטובה. וואָרעם ווער ווייסט, וואָס פאַר אַ חורבן די מלחמה וועט ברענגען פאַר יידן אין רוסלאַנד? ווער ווייסט, וואָס פאַר אַ ביטערער, פינצטערער גלות עס וועט אָנשטיין פאַר יידן אין דעם צוקינפטיקן באַפרייטן פוילן? איין זאַך איז קלאָר: אַז פאַר אַמעריקע שטייט פאָר אין די נאָענטע טעג צו שפּילן אַ גרויסע ראָל אינעם יידישן לעבן, די יידישע עמיגראַציע אַהין וועט זיך ערשט אָנהייבן, און וויבאַלד אַזוי, איז דאָך טאַקע אַ גרויסע חכמה, וואָס מיר פאָרן אַהין און וועלן זיין פון די ערשטע...

דער דאָזיקער געשפּרעך איז געווען אַן אָפּקלאַנג פון די שטימונגען און גלויבונגען, וואָס האָבן זיך יענע טעג גענומען טראָגן אין קאָפּענ־האַגען, אין דעם ענגן אינטעליגענטן קרייז פון יידישע מלחמה־אַנטרונענע. פאַר די עטלעכע חדשים, זינט די מלחמה איז אויסגעבראָכן און דייטש־לאַנד האָט פאַרנומען אַ היפּשן טייל פון דעם יידישן תחום אין רוסלאַנד, איז קאָפּענהאַגען געוואָרן שיר־ניט אַ יידישער צענטער. די פאַרטריבענע רוסיש־יידישע זשורנאַליסטן האָבן דאָ ביסלעכווייז פאָרמירט אַ מיטל־

פונקט פאַר מלחמה־נייעס, ספּעציעל פון יידישן אינטערעס, וואָס זיי האָבן צוגעשטעלט הויפּטזעכלעך קיין אַמעריקע. עס האָבן זיך דאָ אָנגע־הויבן ווייזן דייטש־יידישע שליחים, מיט אַ באַזונדער מיסיע צו פאַר־בעסערן די רוסיש־יידישע שטימונג פאַר דייטשלאַנד. מע האָט אויך געשמועסט וועגן אַריבערפירן אַהער די ציוניסטישע הויפּט־קוואַרטיר פון בערלין (וואָס איז טיילווייז שפּעטער דורכגעפירט געוואָרן). עס איז אַפילו פאַררופן געוואָרן אַ שטילע געשלאָסענע פאַרזאַמלונג, מיט דער באַטייליקונג פון דענישע און דייטשע יידן, צו באַטראַכטן די מעגלעכע נייע פּראָבלעמעס, וואָס די מלחמה וועט אַרויסרופן פאַרן יידישן פאָלק. אויף יענער פאַרזאַמלונג, וועלכע אויך שלום־עליכם און איך האָבן ביי־געוווינט, איז פון אַלעמען באַטאָנט געוואָרן די גרויסע אויפגאַבע, וואָס ליגט איצט אויף די אַמעריקאַנער יידן און דער אַמעריקאַנער יידישער פּרעסע, די אויבערהאַנט, וואָס זיי וועלן פון איצט־אָן און ווייטער באַקומען איבערן גאַנצן יידנטום, — און דאָס האָט פאַר שלום־עליכמען באַזונדער אינטערעסאַנט געמאַכט זיין פאָרשטייענדיקע רייזע קיין אַמע־ריקע, זי אָנגעלאָדן מיט אַ נייעם אינהאַלט, מיט נייע דערוואַרטונגען. ער האָט זיך ניט איינגעהאַלטן און האָט — קעגן זיין שטייגער ניט צו מישן זיך אין פּאָליטישע פּראַגעס — אָנגעשריבן וועגן דעם אַ ספּעציעלן בריוו צו לואי מילער, דעם רעדאַקטאָר פון דער ניו־יאָרקער „וואַרהייט".

ער איז שוין געוואָרן אומגעדולדיק, געגאַרט וואָס שנעלער זעצן זיך אויפן שיף. ער האָט אָבער געהאַט גרויסע יסורים, וואָס ניט די גאַנצע פאַמיליע פאָרט מיט אים. די קויפמאַנס זענען אַוועק קיין רוס־לאַנד, מישאַ האָט ניט געקאָנט מיטמאַכן די רייזע און געמוזט פאַרבלייבן איבערן ווינטער אין אַ דענישער סאַנאַטאָריע, און צוזאַמען מיט אים איז אויך פאַרבליבן די טאָכטער עמאַ, וואָס האָט אויף זיך גענומען די השגחה איבערן קראַנקן ברודער. עס איז אויך געווען אַ זייטיקע מניעה, וואָס האָט פאַרצויגן אונדזער רייזע: מיר האָבן נאָך אַלץ דער־וואַרט פון בערלין אונדזער געפּאַנגענעם באַגאַזש, וועלכן די דייטשע שליחים אין קאָפּענהאַגען, די מאַכער פון גוטער שטימונג פאַר דייטש־לאַנד, האָבן אונדז צוגעזאָגט צו באַפרייען.

ענדלעך איז דער באַגאַזש אָנגעקומען, און צו אונדזער גרויסער פרייד — אויך דער היפשער שווערער קאַסטן מיט שלום־עליכמס אַרכיוו, וועלכער איז אַרויסגעוואָרפן געוואָרן צוזאַמען מיט מיר פון דעם אַלבע־קער צוג. אמת, דער צודעק פון קאַסטן איז געווען אָפּגעבראָכן און פאַרשטאָפּט מיט דייטשע צייטונגען, און שפּעטער האָב איך זיך גע־כאַפּט, אַז עס פעלן פאַרשיידענע פאַפּירן און דאָקומענטן. דער הויפּט־אוצר איז אָבער פאַרבליבן. בכלל איז געווען צו מערקן, אַז די דייטשן האָבן אין אונדזער באַגאַזש דורכגעפירט אַ גרינטלעכע רעוויזיע: אַזוי האָט פון מיינע זאַכן געפעלט מיין זיידענער טלית, די חתונה־מתנה פון דער גוטער און פרומער „באַבושקאַ״, פרוי שלום־עליכמס מוטער; און כדי מיר צו פאַרגיטיקן דעם שאָדן מיט אַן אַנדער רעליגיעזער נויט־ווענדיקייט, האָבן די פּינקטלעכע דייטשן מיר אַריינגעלייגט אַ פרעמדן זילבערנעם קידוש־בעכער, מסתמא אַנטליען פונעם באַגאַזש פון אַן אַנדער „רוסישן״ קרבן.

ערב אונדזער נסיעה האָט די קאָפּענהאַגענער יידישע (די אַזוי־גערופענע „פּוילישע״) עמיגראַנטן־קאָלאָניע געגעבן שלום־עליכמען אַ פייערלעכן אָפּשייד־אָוונט. דער פאָרזיצער פונעם אָוונט איז געווען דווקא אַן עכטער דענישער ייד — דער גוט־באַקאַנטער פּראָפעסאָר דוד סימאָנ־סען, וועלכער איז געווען אַן אוניקום, אַן אויסטערלישער עקזעמפּליאַר אין דעם ווייט־אָפּגעפרעמדטן, טיף־אַסימילירטן סקאַנדינאַוויש־יידישן שבט. אַליין אַ זון פון אַן אַלטער דעניש־יידישער פאַמיליע, אַ באַזיצער פון אַ רייכער ירושה, אַן אַרכעאָלאָג און פּראָפעסאָר פון דער קאָפּענהאַגענער אוניווערסיטעט, אַן אָנגעזעענע פּערזענלעכקייט אין זיין לאַנד, — האָט עס אים פון די סאַמע יונגע יאָרן געצויגן צום לעבעדיקן, וואָרצלדיקן מזרח־יידנטום, צו די אַלטע פאָרמען פון יידישער פרומקייט און גוטע מידות (ער איז אַ צייט געווען קאָפּענהאַגענער רב, און דווקא אָן שכירות, אויפן שטייגער פון די אמת־פרומע יידישע רבנים אין די אַלטע צייטן). דערצו איז ער געווען אַ גרויסער אָנהענגער פון דער העברע־אישער און אויך יידישער ליטעראַטור, וועלכע ער האָט שטודירט און גרינטלעך געקענט. ער האָט פאַרמאָגט אַ רייכע יידישע ביבליאָטעק, און

דער חידוש פון זיין ביבליאָטעק איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס צוזאַמען מיט די טייערע אַנטיקן פון דער אַלטער יידישער ליטעראַטור אויף פאַרשיידענע שפּראַכן, האָט מען דאָרט געקאָנט געפינען אויך די לעצטע ווערק פון יונגע העברעאישע און יידישע שרייבער. שלום־עליכמען האָט פּראָפעסאָר סימאָנסען אויפגענומען אין קאָפּענהאַגען מיט אמתער ליב־שאַפט און פאַרערונג, ווי אַ ליכטיקן שטערן פון זיין פאָלק, אַ גדול בישראל, וועמען ער האָט געקענט פון לאַנגע יאָרן, זינט די טעג פון „סטעמפּעניו" און „יאָסעלע סאָלאָוויי". שלום־עליכם ווידער איז פון דעם אַלטן פּראָפעסאָר געוועזן אין גרויס התפעלות — ווער האָט זיך געקאָנט ריכטן אויף אַזאַ טייערער יידישער נשמה אין אַזאַ ווייטן, פרעמדן ווינקל, ווי דענעמאַרק?...

איצט, אויף שלום־עליכמס אָפּשייד־אָוונט, האָט פּראָפעסאָר סימאָנסען געהאַלטן וועגן אים אַ גאַנצע פּראָפעסאָרישע לעקציע, פון וועלכער דער „פוילישער" עולם האָט אָבער פאַרשטאַנען נאָר אַזעלכע ווערטער, ווי „כתרילעווקע", „מנחם־מענדל", „טביה דער מילכיקער", — ווייל דאָס איבעריקע איז געזאָגט געוואָרן אין אַ מאָדנעם לשון: אַ מין דייטש, וואָס האָט מער געקלונגען ווי דעניש. פון דעסטוועגן האָט דאָס ניט געשטערט. דער עולם האָט געגלייבט, אַז דער פּראָפעסאָר רעדט וועגן שלום־עליכמען נאָר גוטס, און האָט אויף אים געקוקט מיט וואַרעמע אויגן: ער איז געוועזן פאַר דער „פוילישער" קאָלאָניע דער ליבסטער, נאָענטסטער מענטש אין דענעמאַרק.

פאַר זיין פאָרלעזונג האָט שלום־עליכם אויסגעקליבן אַ פאַסיקן קאַפּיטל: „שאַט, מיר פאָרן קיין אַמעריקע!" — די רירנדיקע דער־ציילונג, ווי אַזוי מאָטל פּייסי דעם חזנס און זיין משפּחה געזעגענען זיך פאַרן אָפּפאָר קיין אַמעריקע מיטן היימישן שטעטל, — ווו העלער גע־לעכטער גיסט זיך צונויף מיט ספּאַזמעס פון טרערן. ער האָט דאָס געלייענט מיט גרויס מייסטערשאַפט און טיפן געפיל, ווי אַ קאַפּיטל פון זיין אייגענעם געפלאָגטן, אומרואיקן וואַנדער־לעבן. דער עולם האָט דאָס ווי פאַרשטאַנען, געהערט פאַרגאַפט, טיף גערירט.

נאָך רירנדיקער איז געווען דאָס געזעגענען זיך ביים שיף. אויפן

האַפּן האָט זיך פאַרזאַמלט דער זעלבער עולם, כמעט די גאַנצע קאָפּענ־האַגענער רוסיש־יידישע קאָלאָניע, מיטן זעלבן פּראָפעסאָר סימאָנסען אינמיטן. מען איז געשטאַנען מיט די בליקן צום שיף ביז שפּעט, ביז די קאַלטע נאָוועמבער־זון האָט זיך געזעגנט און געוואָרפן אַ רויטלעכן פאַרנאַכטיקן שיין אויף די אויפגערודערטע וואַסערן. אַז די שיף האָט זיך גערירט, האָבן היטלען און טיכלעך אָנגעהויבן פאָכען אין געדיכטער משפּחהדיקער פאַראייניקונג. איינער, מיט אַ באַגייסטערטן פאַרליבטן פּנים, געווענדט צו שלום־עליכמען, האָט אַ געשריי געטאָן: „שאַט, מיר פאָרן קיין אַמעריקע!״ האָט אים אַ צווייטער פאַרריכט: „שאַט, שלום־עליכם פאָרט קיין אַמעריקע!״ האָט אים אַ דריטער נאָך מער פאַרריכט: „שאַט, אונדזער שלום־עליכם פאָרט קיין אַמעריקע!״ איז דאָס דעם עולם געפעלן געוואָרן, און אַ סך קולות, אַ גאַנצער כאָר, האָבן אונטערגעכאַפּט איין מאָל, און אַ צווייטן מאָל, און אַ דריטן מאָל, פאַרהילכט די קילע דורכזיכטיקע ים־לופט אונטער דער פאַרגייענדיקער צפונדיקער זון מיט אַ מאָדנעם טרויעריקן געזאַנג, ווי אַ לעצט אָפּשייד־ליד פונעם פאָלק צו זיין דיכטער:

— שאַט, אונדזער שלום־עליכם פאָרט קיין אַמעריקע!...

## כ
# אויפן שיף קיין אַמעריקע

מיר האָבן געהאַט אַ לאַנגע און אַ שווערע נסיעה איבערן ים. אונדזער שיף, „פרעדעריק דער אַכטער“, איז אָפּגעשווומען פון קאָפּענ־האַגען דעם 19טן נאָוועמבער און אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק דעם 2טן דעצעמבער — מיר זענען, הייסט עס, געווען אויפן וואַסער גאַנצע צוויי וואָכן, און אין אַזאַ צייט, ווען דער אָקעאַן איז באַזונדער שטורעמדיק. נאָר ניט דאָס איז געווען די הויפּטזאַך. איידער מיר זענען אַרויס צום אָפֿענעם אָקעאַן, האָבן מיר געהאַט דורכצושניידן דעם סאַמע געפערלעכן וועג אין יענע מלחמה־טעג — דעם נאָרד־ים, וואָס איז געווען פאַרזייט מיט מינעס און באַדראָט פון דייטשע סאָבמאַרינס. די פּאַסאַזשירן האָבן געוווסט, אַז זיי זענען אויסגעשטעלט צו סכנת־נפשות, און שפּאַצירנדיק אויפן דעק, האָט ניט איינער פון אונדז זיך אָפּגעשטעלט באַטראַכטן די הענגענדיקע רעטונגס־שיפלעך מיט דער באַהאַלטענער כוונה פון „הלואי מע זאָל דאָס ניט דאַרפן“, געוואָרפן דערביי אַ גוססן, מעבר־יבוקדיקן בליק אויפן צעאַקערטן ים, וואָס האָט געבושעוועט אַרום שיף, אונטערן קאַלטן ווינטערדיקן הימל, מיט בייזע שוימיקע וואַסער־בערג און טיפֿע פינצטערע וואַסער־אָפּגרונטן.

ניט געקוקט דערויף, האָט זיך שלום־עליכם די גאַנצע צייט גע־האַלטן מאָדנע מונטער און אויפגעלעבט. זיין מונטערקייט האָט געשטאַמט דערפון, וואָס איצטיקס מאָל איז ער געפאָרן אויפן ים מיט די קינדער, און ווי תמיד, אין דעם אָנגעזיכט פון די, וואָס האָבן אין אַן עת־צרה זיך געבייטיקט אין זיין פאָטערלעכן מוט, האָט ער שוין דערפון אַליין זיך געפילט געשטאַרקט, שוצפאַרטיק און פול מיט ענערגיע. ער האָט זיך געגעבן דאָס וואָרט, אַז הייניטיקס מאָל זאָל ער גובר זיין די ים־קראַנקייט, און האָט דאָס אויסגעהאַלטן. אַן אָנגעפּעלצטער אין פוטער

און אינעם וואָלענעם רייזע־היטל, האָט ער מיט מיר געשפּרייזט איבערן דעק, ענערגיש געקעמפּט מיטן שטאַרקן ווינט און לעבעדיק, אונטער־שפּרינגענדיק אויף איין פוס, מעשה חדר־ייִנגל, באַלאַנסירט צווישן די טיפע וואַקלענישן פון דער שיף. דאָס דאָזיקע טעגלעכע עקשנות־שפּיל מיטן ים האָט אים אַזוי דערפרישט, אַז ער האָט אינגאַנצן פאַרגעסן זיין דאָרשט. אַ געקרעפטיקטער פון ים־לופט, און דערהויפּט פון זיין נצחון איבער דער ים־קראַנקייט, פלעגט ער אָפט אַריינלויפן צו דער פרוי און די קינדער, וואָס זענען געלעגן פאַרטשאַדעטע אין די קאַבינעס, ברענגען זיי אַ פרישן גרוס פון דרויסן, איבערגעבן אַן אויפגעכאַפּטע קאָמישע סצענע פון די פּאַסאַזשירן, אָדער דערקוויקן זיי מיט אַ גלאָז שאַמפּאַניער־וויין צו פאַרטרייבן דעם ים־איבל.

די אומרואיקע געשפּרעכן צווישן די פּאַסאַזשירן וועגן דער מעג־לעכער געפאַר פון מינעס און סאָבמאַרינס האָבן אים ווינציק־וואָס גע־קימערט. ער איז דאָ טריי געבליבן זיין פאַטאַליסטישער טבע צו פאַר־לאָזן זיך אין אַזעלכע מאָמענטן אויפן אייגענעם פאַרגעפיל, און אַזוי ווי די שטימונג ביי אים, ניט געקוקט אויף דער שווערער נסיעה, איז געווען אַ לויטערע, האָט ער געגלייבט באמונה שלמה, אַז מיר וועלן קומען קיין ניו־יאָרק בשלום. זיין אָפּטימיזם איז ניט געפאַלן אַפילו דעמאָלט, ווען די שיף האָט באַדאַרפט דורכמאַכן די געפערלעכע „זאָנע" אינעם נאָרד־ים, ווו מע האָט פאַרדעכטיקט אַ גאַנצע נעץ פון מינעס, און די פּאַסאַזשירן פון דער ערשטער קלאַס, וואָס האָבן וועגן דעם דערשמעקט פון די העכערע שיף־באַאַמטע, זענען געזעסן אין די ליכ־טיקע זאַלן אויפגערודערט ביז שפּעט אין דער נאַכט. די שיף האָט עפּעס אָנגעהויבן מאַכן קונצן, געגאַנגען שלא כדרכה, מאָדנע פּאַמעלעך, טאַפּנדיק דעם וועג. פון אויבן, פון דעם קאַפּיטאַנס ביידל, האָבן זיך געלאָזט הערן אומגעוויינלעכע סיגנאַלן, די אָפיצערן און מאַטראָזן זענען אומגעלאָפן הין און הער אָנגעשטרענגטע, מיט אַ וויכטיקן אויסדרוק אויף די פאַרהאַרטעוועטע פּנימער, קאַרג אויף ווערטער מיטן פּובליקום. שלום־עליכם איז אויך ניט געגאַנגען שלאָפן. די נאַכטיקע אויפרודערונג, דער „ליל־שימורים", איז שוין פאַר זיך אַליין געווען אַן ענין. ס'איז

אים געווען טשיקאַווע צו באַטראַכטן די דאָזיקע פרעמדע אומה, די געוויקסיקע שטרוי־בלאָנדע סקאַנדינאַוויער, מיט זייערע האַלב־מאַנס־בילשע דאַמען, וואָס רויכערן סיגאַרעטן ווי סאָלדאַטן (דעמאָלט איז דאָס נאָך געווען אַ חידוש!), ווי זיי זיצן פאַררויטלטע ביי גלעזער הייסן פונש און גרייטן זיך מקבל־פנים צו זיין דעם טויט. שלום־עליכם אַליין איז אָבער געווען רואיק, מאָדנע פאַרגליווער, אַז מיר זענען ווייט פון אַ סכנה. „ס׳איז אַ פראָסטער שכל, — האָט ער געזאָגט, — דווקא דעמאָלט, ווען מע וואַרט אויף עפּעס, וועט עס אויף־צו־להכעיס ניט געשען. קאַטאַסטראָפעס קומען ניט, בשעת מע קוקט אויף זיי אַרויס. די „טיטאַניק״ איז אונטערגעגאַנגען, ווען די פּאַסאַזשירן האָבן זיך צע־הוליעט און געהאַלטן אין סאַמע מיטן טאַנץ״.

פון די עטלעכע סטאַנציעס, וואָס מיר האָבן געהאַט ביי די סקאַנדי־נאַווישע ברעגן, איז אין מיין זכרון פאַרבליבן כריסטיאַניע. מיר זענען אַהין צוגעשווומען אויפן צווייטן טאָג פון אונדזער נסיעה, אַרום פאַר־נאַכט, און שלום־עליכם איז אַ בעלן געווען אַראָפּצוגיין מיט די קינדער פונעם שיף, כאַפּן אַ קוק אויף דער נאָרוועגישער הויפּט־שטאָט, וואָס איז אַזוי אויסטערליש געמאָלט אין די ווערק פון קנוט האַמסון — זיין באַליבטסטער מאָדערנער שרייבער. מיר האָבן דערזען כריסטיאַניע אין ווינטערדיקן פאַרנאַכטיקן נעבל, די דעכער ווייס באַדעקט מיט פריש־געפאַלענעם שניי און ווי סודותדיק פאַרהילט אין אַ ווייטער, פרעמדלאַנ־דיקער דאָרפישער שטילקייט. לאָזן זיך טיף אין שטאָט אַריין איז קיין צייט ניט געווען. האָבן מיר זיך נאָר דערפרעגט צום טעאַטער־פּלאַץ, געזען דאָרטן די צוויי גרויסע סטאַטועס פון איבסען און ביערנסאָן, ווי זיי שטייען אָנגעכמורעטע איינס קעגן אַנדערן, פונקט אַזוי ברוגז צווישן זיך, ווי ביים לעבן, אַריין טרינקען קאַפע אין דער באַרימטער „גראַנד־קאַפע״, וואָס איז אונדז אויך באַקאַנט געווען פון האַמסונס דערציילונגען, און שלום־עליכם האָט זיך ניט געקאָנט אָפּחידושן, וואָס אינמיטן טומל פונעם געדיכט־באַזעצטן קאַפע־הויז, סאַמע ביים פענצ־טער, שטייט אויף אַן אָפּגעצאַמטער בימה אַ היפּשער ווייכער שטול, אויף וועלכן העבריק איבסען איז דאָ געזעסן און געטרונקען זיין טעג־

לעכע קאָפּע. „זעט נאָר, — האָט ער געערדט אין התפעלות, — אַ שטיק „קדשי־קדשים" אינמיטן אַ שענק! אָט דאָס הייסט אַ ליטעראַריש פאָלק, אַן „עם־הספר"! אָט ביי וועמען עס דאַרף זיך געשמאַק שרייבן!"....

נאָך כריסטיאַניע איז שוין מער ניט געווען וואָס צו דערוואַרטן אין משך פון גאַנצע צוועלף טעג, אויסער הימל און וואַסער. באַזונדערס איז די פּערספּעקטיוו געווען אַ טרויעריקע אין דער ערשטער קלאַס. מיר האָבן דאָ געהאַט מיט זיך נאָר צוויי באַקאַנטע, די זשורנאַליסטן אַ. קאַרטאָזשינסקי און מ. רעגאַלסקי, וואָס האָבן זיך אָפּגעזעגנט פון דער זשורנאַליסטישער מלחמה־גרופּע אין קאָפּענהאַגען און געפאָרן זוכן אַן אָנהאַלט אין דער ניו־יאָרקער יידישער פּרעסע. ווייטער איז דער ערשט־קלאַסיקער עולם באַשטאַנען כמעט דורכאויס פון סקאַנדינאַוויער, מיט וועמען ס'איז אַפילו קיין האָפענונג ניט געווען רעכט צונויפרעדן זיך. האָט שלום־עליכם פאָרגעלייגט, מיר זאָלן זיך אַרונטערלאָזן מאַכן אַ רע־וויזיע אין די נידעריקערע קלאַסן — אפשר האָבן זיך דאָרטן פאַרוואַל־גערט אַ פּאָר יידן. און כך הוה. ווי נאָר ער האָט זיך באַוויזן אויפן דעק פון צווייטער קלאַס מיט זיינע באַגלייטער, אַזוי האָבן פון די אויסגע־שטעלטע שורות דעק־שטולן זיך גענומען הייבן קעפּ מיט קרוביש־שמייכלענדיקע פּנימער, און באַלד איז ער אַרומגערינגלט געוואָרן פון אַן אויפגעלעבטן יידישן געזעמל, מאַנסביל און ווייבער. עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז מיר זענען אויפן שיף ניט אַליין. עס פאָרן דאָ מיט אונדז יידן פון רוסלאַנד, וואָס לויפן פון דער מלחמה, און אויך עטלעכע אַמעריקאַנער, וואָס די מלחמה האָט זיי פאַרכאַפּט אין רוסלאַנד, אויף זייער באַזוך ביי קרובים. זיי זענען אַלע געווען עדות, ווי אַזוי קאָפּענ־האַגענער יידן האָבן געגעבן שלום־עליכמען אַ האַרציקן זיי־געזונט פונעם האַפן, און זיי האָבן שוין אויסגעקוקט די אויגן, געגאַרט זען אים פון דער נאָענט.

די אמתע שמחה איז אָבער געווען גאַנץ אונטן, אויפן דעק פון דריטער קלאַס. דאָרט האָבן מיר געטראָפן אַ גאַנצע יידישע עמיגראַציע: קאָפּענהאַגענער יידישע בעלי־מלאכות פון דער „פּוילישער" קאָלאָניע, וואָס זענען געפאָרן זוכן גליקן אין אַמעריקע, און פּוילישע יידן, אמתע

מלחמה־קרבנות, וואָס האָבן פאַר די קאַרגע פיר חדשים פון מלחמה שוין באַוויזן איבערצולעבן אַלערליי צרות און פחדים, דייטשע אינוואַז־יעס און קאָזאַקישע פּאָגראָמען, קוים מיט נסים זיך אַרויסגעכאַפּט פונעם פייער און זיך דערשלאָגן, גאָט ווייסט אויף וואָסערע וועגן, צו דער קאָפּענהאַגענער שיף. צווישן די דריט־קלאַסניקעס, וואָס האָבן זיך גע־שטופּט אָנקוקן שלום־עליכמען, איז געווען אַזש אַ יידישע נעגערטע: זי האָט זיך מגייר געווען אין ניו־יאָרק, חתונה געהאַט דאָרט פאַר אַ יידישן בחור און איז געפאָרן קיין רוסלאַנד זיך באַווייזן פאַר איר יידישער שוויגער; איצט האָט זי זיך אומגעקערט צוריק צום מאַן, שוין אַן אָנערקענטע פון זיין משפחה, און דערהערט, אַז אויפן שיף איז דאָ אַ גרויסער מענטש, וואָס טראָגט דעם הייליקן יידישן נאָמען „שלום־עליכם", — איז זי אויך געקומען גאַפן אויפן וווּנדער, ווי אַ נאָ־ענטע מחותנתטע. די עמיגראַנטן האָבן זיך מיט איר געצאַצקעט, געש־שפּיגלט זיך אין איר שוואַרצן לאַכנדיקן פנים. „זי רעדט יידיש און בענטשט ליכט!" — האָבן זיי אין גרויס באַגייסטערונג זי פאָרגעשטעלט פאַר שלום־עליכמען.

צווישן דעם דאָזיקן עולם האָט שלום־עליכם אָפּגעזוכט אַן עלטערן יידן מיט אַ פנים פון אַ קליינשטעטלדיקן לאַנד־חכם, וואָס איז אים שטאַרק צונוץ געקומען. יענער איז געלאָפן ערגעץ פון אַ שטעטל אין לובלינער גובערניע, געפירט מיט זיך גאַנצע פעק מיט מעשיות פונעם סאַמע צאַפּן, אַלץ זאַכן, וואָס ער אַליין, צוזאַמען מיטן רב און מיטן „קאַזיאָנע רב" און מיט נאָך פיינע באַלעבאַטים פון זייער שטעטל, האָבן דורכגעמאַכט אין די ערשטע מלחמה־וואָכן סיי מיט די דייטשן, סיי מיט די רוסן. „הכלל, פונקט דאָס, וואָס איר דאַרפט פאַרן דרוק, פּאַני שלום־עליכם", — האָט דער ייד זיך אָנגעשלאָגן מעשה היינטוועלטיקער מענטש, וואָס פאַרשטייט דעם ענין פון „דרוק" בכלל און דעם ענין „שלום־עליכם" בפרט.

וויבאַלד אַזוי, האָט אים שלום־עליכם ניט אָפּגעלאָזט. עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד האָט ער זיך מיט אים מתיחד געווען (אין מיין אָנוועזנהייט) ערגעץ אין אַ ווינקל אויפן דעק פון דריטער קלאַס, אויסגעפאָרשט אים

פון אַלע זייטן, געצויגן פון אים רייד. דאָס איז געווען אַ מישמאַש פון אמתע פּאַסירונגען מיט בבא־מעשיות, געשאַפן אין דער צערודערטער פּאַנטאַזיע פון טויט־דערשראָקענע יידן, וועלכע האָבן זיך דערזען אַרומ־געריינגלט פון פייערן — אַ שטיק יידישע מלחמה־פּאָלקלאָר, וואָס האָט זיך יענע טעג אָנגעהויבן וועבן אינעם יידישן תחום, געגאַנגען פון איין שטעטל צום אַנדערן, איבערגעחזרט געוואָרן כמעט אין איין נוסח אין פאַרשיידענע ווייטע פונקטן. דאָ זענען געווען מעשיות וועגן דייטשן, וואָס האָבן געצוווּנגען יידן צו גראָבן פאַר זיך זייערע קברים, וועגן קאַזאַקן, וואָס האָבן אויפגעהאַנגען אַלטע יידישע רבנים אויף טעלעגראַ־פישע סלופּעס, וועגן פּאָליאַקן, וואָס האָבן געשפּילט אַ צוויי־פּנימדיקע ראָל, פאַרמסורט זייערע יידישע שכנים צו ביידע פיינדלעכע צדדים, — און אויך וועגן אַ יידישן זויג־קינד, וואָס האָט זיך פּלוצעם אויפגעכאַפּט אין וויגעלע, צוגערופן די מוטער און געזאָגט אים, ווי אַ גרויסער, נביאות זאָגן, אַז באַלד קומט משיח... פון דעם דאָזיקן פאַרמלאָזן שטאָף האָט שלום־עליכם געשאַפן זיין מלחמה־סעריע „מעשיות פון טויזנט איין נאַכט״, און דער לובלינער עמיגראַנט איז ביי אים אויסגעלייטערט געוואָרן אין דער פיגור פון יאַנקל יונעווער — אַ מין שאָטן פון „טביה דעם מילכיקן״, לויט די טראַגישע פּאָטערלעכע איבערלעבונגען און לויט דעם פּאַטעטישן טאָן, וואָס איז אונטערגעוואַרעמט מיט פּסוקים פון חומש און פון מחזור. ער האָט די סעריע אָנגעהויבן שרייבן גלייך אויפן שיף, געהאַט בדעה צו דעביוטירן מיט איר אין דער ניו־יאָרקער יידישער פּרעסע, אָפּגעבן ביי זיין קומען דעם ערשטן גרוס פון דעם אויפגע־טרייסלטן יידישן לעבן אין די מלחמה־לענדער.

פאַר וועמען ער שרייבט דאָס — האָט ער ניט געוווּסט. וואָס נעענ־טער מיר זענען צוגעקומען צו אַמעריקע, אַלץ מער האָט אים די דאָזיקע פראַגע ניט געלאָזט רוען: צו וועמען, אייגנטלעך, פאַרט ער? וועלכע פון די ניו־יאָרקער צייטונגען וועט אים אויפנעמען, ווי אַן אייגענעם? פון דעם „טאָגעבלאַט״ איז ער די לעצטע עטלעכע יאָר אינגאַנצן אָפּגע־פרעמדט געוואָרן, איבער דער קאַרגשאַפט פון די אַרויסגעבער, און אין „מאָרגען זשורנאַל״ איז ערשט פאַריקן זומער געשטאָרבן זיין באַהאַל־

טענער פריינד און פאַרערער, יעקב סאַפּירשטיין. סיידן די „וואַרהייט״? אָדער אפשר גאָר דער „פאָרווערטס״?... איינמאָל אויף אונדזער שפּאַציר, בעת מיר האָבן גראָד געהאַלטן ביי אַזאַ געשפּרעך, געמאַכט פאַרשיידענע השערות, האָט מען אים איבערגעגעבן אַ דראַטלאָזע טעלעגראַמע פון ניו־יאָרק. הערמאַן בערנשטיין האָט אים טעלעגראַפירט, אַז עס האָט זיך נאָר־וואָס געגרינדעט אַ נייע צייטונג מיטן נאָמען „דער טאָג״, און ער בעט אים ניט צו פאַרבינדן זיך מיט קיין אַנדערע צייטונגען, איידער ער וועט זיך מיט אים זען. „אָבער פונקט ווי ער וואָלט אונטערגעהערט אונדזער שמועס! — האָט זיך שלום־עליכם דערפרייט. — אַ פעאיקער צייטונגסמאַן, אַ מזיק! ער וועט מיר שוין דרייען אַ ספּאָדיק אין ניו־יאָרק״...

ענדלעך האָבן מיר דערלעבט צו זען די אַמעריקאַנער ברעגן, און צו אונדזער שיף איז צוגעפאָרן אַ גרופּע יידישע און ענגלישע רעפּאָר־טערס, מיט חנן מיניקעס און יעקב פאַלער, אַלס פאָרשטייער פון דעם קבלת־פּנים־קאָמיטעט. מע האָט אַרומגערינגלט שלום־עליכמען מיט פאָ־טאָגראַפישע אַפּאַראַטן, און עס האָט זיך איבערגעחזרט די אַלטע גע־שיכטע: די יידישע רעפּאָרטערס האָבן אַיינגעקנעלט מיט זייערע ענג־לישע קאָלעגן, אַז דער באַרימטער גאַסט איז באַרימט אַלס „דער יידישער מאַרק טווען״, און אַז דער נאָמען „שלום־עליכם״ מיינט אויף ענגליש: „פיעס בי וויטה יו״. די ענגלישע רעפּאָרטערס האָבן שטאַרק געוואָלט וויסן, ווי אַזוי איז די שטעלונג פון מר. פּיעס־בי־וויטה־יו צו דער מלחמה און צו די דייטשן, — האָט איינער אַ יידישער רעפּאָרטער, וואָס האָט אויף זיך גענומען די ראָלע פון אַן איבערזעצער, צעלייגט שלום־עליכמס ווערטער אויף טעלערלעך, אַזוי אַז דער אינטערוויו אין די ניו־יאָרקער ענגלישע צייטונגען איז אַרויסגעקומען אַ היפּש ביסל קאַפּויר.

דער קבלת־פּנים איז געווען אַ גאַנץ שוואַכער. אונטן אינעם האָבאָ־קענער האַפן, ווו די שיף האָט געלאַנדעט, האָט זיך עפּעס יאָ געטומלט. יונגעלייט האָבן געמאַכט מיט די היטלען, געשריען „שלום־עליכם!״, אַ העברעאישע שולע האָט געבראַכט פון מיין כבוד ווענן אַ קלאַס מיט

מיידלעך, געפּאַכעט מיט אַ ווייס־בלויער פאָן. ס׳איז אָבער געווען ניט יענער טאַרעראַם, ווי ביי שלום־עליכמס ערשטן באַזוך אין אַמעריקע מיט אַכט יאָר צוריק. פון דער ניו־יאָרקער יידישער פּראָמינענץ און פון די יידישע שרייבער איז קיינער ניט געקומען. נאָך דער האַרציק־געטרייער פאַרערונג, וואָס דאָס רוסישע יידנטום האָט דאָ ניט לאַנג אַרויסבאַוויזן זיין באַליבטן שרייבער אויף זיין לעצטן טור, איז דאָס פאַר אים געווען אַ גרויסער קאָנפוז, אַ שאַרפער ווייטאָג.

דערצו האָט נאָך פּאַסירט אַזאַ קוריאָז: איידער מיר זענען פּאַרטיק געוואָרן אויפן „פּיר" מיטן באַגאַזש, האָט מען אונדז געבראַכט די ניו־יאָרקער יידישע צייטונגען, ווו ס׳איז שוין געדרוקט געווען די ידיעה וועגן שלום־עליכמס אָנקומען, מיט זיין בילד אין צענטער פון די פּראָנט־זייטן. אין „טאַגעבלאַט" איז אָבער געווען אָנגעגעבן, אַז ס׳איז געקומען דער גרעסטער יידישער הומאָריסט שלום יעקב אַבראַמאָוויטש. די צייטונג, אין וועלכער שלום־עליכם האָט יאָרן־לאַנג געשריבן און געדרוקט אַ גרויסן טייל פון זיינע ווערק, האָט נאָך אַלץ ניט געוווסט דעם ריכטיקן נאָמען פון דעם „גרעסטן יידישן הומאָריסט", און האָט אים פאַרפּלאָנטעט מיטן נאָמען פון מענדעלע מוכר־ספרים.

איבערגעלייענט דאָס, האָט זיך שלום־עליכם הויך און ביטער צעלאַכט.

## כא
# ווידער אין ניו־יאָרק

מיר האָבן געטראָפן ניו־יאָרק, נאָך אַ היפשן משך פון יאָרן, קאָ־לאָסאַל צעוואַקסן — ברייטער און געדיכטער, רייכער און טומלדיקער, ווי מיר האָבן זי אַמאָל געזען. דערהויפּט האָט אונדז איבערראַשט דער אויסערגעוויינלעכער וווּקס פון דער יידישער באַפעלקערונג. די גרויסע אָנגעלאָפענע רוסיש־יידישע אימיגראַציע פון נאָך די אָקטאָבער־פּאָגראָמען פון 1905, וואָס אין אונדזערע טעג האָט זי נאָך געבלאָנזעט איבער די פרעמדע הויך־פּאַרמויערטע גאַסן אין היימלאָזער פּאַרווירטקייט און גע־פּאַלנקייט, האָט זיך דאָ גיך פּאַרפלאַנצט און אײַנגעוואָרצלט אויפן פרייען באָדן און האָט שוין אַצינד געבליט אין געדיכטע, שטאַרקע, אײַנגעבירגערטע מאַסן. מענטשן, וואָס האָבן זיך דאָ געפילט העכסט אומ־גליקלעך, ניט געקאָנט פאַרדייען דאָס פרעמדע אומבאַגרײַפלעכע לעבן, געזען אין דעם נאָר איבל און געשמאַקלאָזיקייט, אויסגעגאַנגען אין פיינלעכער בענקשאַפט נאָך דער ווייט־פאַרלאָזטער זיסער היים, — האָבן שוין איצט געהאַט יעדער זיין אויסגעקעמפטן ווינקל און זיין אויס־געטראָטענעם טעגלעכן וועג, זיך אײַנגעלעבט היימיש אין מאָדערנע באַקוועמע אַמעריקאַנער וווינונגען, ליב באַקומען דעם ניו־יאָרקער לעבנס־שטייגער און ריטם, און שוין גערעדט פון אַמעריקע אין אייפערדיקן פּאַטריאָטישן טאָן.

מיר זענען אַרײַנגעפאַלן אין דעם סאַמע רווישיקן צענטער פון האַר־לעם, אויף לענאָקס עוועניו און 116טע סטריט, און האָבן זיך גלייך דערפילט אַרומגערינגלט פון אַ שטאַרק־פולסירנדיקן, הייס־אָטעמדיקן יידישן לעבן. דאָס איז געווען אַ נייער מין יידיש לעבן, וואָס האָט געאָטעמט אין גאַנצן מיט חומר, מיט פריש־אויפגעקומענעם קרעפטיקן עולם־הזה: מיט גוט־אָורעקגעשטעלטע און גוט־באַזוכטע געשעפטן, מיט

שפּעדיקע „גראָסעריס״ (באַקאַליי־קלייטן), פליישערייען און פּרוכט־קלייטן, מיט זעטיק־שמעקנדיקע כשר־רעסטאָראַנען, מיט פול־געפּאַקטע סינעמאַ־טעאַטערס, מיט קלאַפּנדיקער נאַכט־מוזיק פון טאַנץ־זאַלן. עס האָט איבערראַשט די ניי־אַרויסגעשפּראָצטע יידישע יוגנט, וואָס איז גע־וואַקסן פיזיש שענער, שלאַנקער, זיכערער, מיט אויסגעגלייכטע רוקנס, אַראָפּגעוואָרפן פון די פּנימער די קרענקלעכע גרימאַסן פונעם אומגעזונטן און אומציכטיקן סלאַווישן גלות, געקוקט אויף דער וועלט מיט לעבעדיקע, דרייסטע, האָפערדיקע אויגן. עס האָבן איבערראַשט די יונגע גוט־גע־פּאַשעטע מוטערס מיט די ריין־געהאָדעוועטע „בייביס״ אין די ווייס־אויסגעבעטע וועגעלעך, וואָס האָבן אָנגעפילט אין די זוניקע נאָכמיטאָגן דעם נאָענטן סענטראַל־פּאַרק. די פּאַרדאַרטע קערנער פון דער ווייטער אָרעמער היים זענען אַריבערגעוואָרפן געוואָרן אויף פעטן זאַפטיקן באָדן, זיך גוט צוגענומען, צעגרינט זיך און צעבליט. ס׳איז געווען אַ ניי לעבן מיט נייע זעאונגען, וואָס האָט אויסגעקוקט אי אייגן, אי פרעמד, אי געפרייט, אי געשראָקן מיט דער דאָזיקער ניט־יידישער נייקייט.

אויך די יידישע פּרעסע, דער ווינקל, וואָס האָט אונדז אַממערסטן אינטערעסירט, איז שטאַרק אויסגעוואַקסן, און אויך זי ניט אַזוי אין גייסט, ווי אין חומר — אין ברייטער פאַרשפּרייטונג און זיכערן אַיינפלוס אויף די מאַסן. אַמאָל, ביי אונדזער ערשטן באַזוך אין אַמעריקע, האָט זי נאָך געטאַפּט דעם וועג צום אָנגעשטראָמטן און צערונענעם אימי־גראַנטן־פאָלק — איצט האָט זי אים שוין געהאַט אין זיכערע, אַיינגע־וואַרעמטע היימען און האָט אים באַהערשט. פון אַ פּראָווינציעלער געטאָ־פּרעסע מיט אַ פאַנפעוואַטן חיתוך־הדיבור און אַ הינטער־אויוונדיקן ריח (וועלכע האָבן זיך צום מיינסטן געלאָזט פילן פון איר אַלט־מאָדישן „אָרטאָדאָקסישן״ פליגל) איז זי געשטיגן צו דער ראָל פון אַ מעטראָ־פּאָליטאַנישער וואָרט־פירערין, מיט אַ סטאַנדאַריזירטער זשורנאַליסטישער אָרדענונג און מאַשינעריע, וואָס האָט גוט געקלאַפּט צום טאַקט פונעם גרויס־שטאָטישן ריטם און פונעם ברייטן רוישנדיקן יידישן לעבן. דעם אויבנאָן האָט דאָ פאַרנומען דער „פאָרווערטס״, וועלכער איז פאַרן לעצטן צענדליק יאָרן הויך געשטיגן אין פאַרנעם און איינפלוס, געוואָרן

די פאָלקסצייטונג פון דער יידישער אימיגראַציע. דעם דאָזיקן גרוס וועגן דער הערשאַפט פונעם „פאָרווערטס" אויף דער יידישער גאַס האָט מען שלום־עליכמען אָפּגעגעבן פון אַלע זייטן, אַפילו פון די, וואָס האָבן דעם „פאָרווערטס" זיין הערשאַפט ניט פאַרגונען.

די אַלע צוגעקומענע חידושים אין דעם אַמעריקאַנער יידישן לעבן האָט שלום־עליכם גלייך ביי זיין אָנקומען אויפגענומען, אויף זיין שטייגער, מיט טיפן אינטערעס און נייגעריקער באַוואונדערונג, אויסגע־שעפּט און אויסגעפאָרשט זיי פון זיינע אומצייליקע באַזוכער מיט אַלע זייערע אינטימע איינצלהייטן. נאָר אויפן האַרצן איז אים דערפון ניט געוואָרן פריילעך. אַ שווערער אומעט און אַן אומהיימלעכקייט האָבן אים גענומען דריקן גלייך פון די ערשטע טעג. איז דאָס געווען די אומהיימ־לעכקייט פון איינעם, וואָס איז אַריינגעפאַלן אַ פאַרשפּעטיקטער, אויף די עלטערע שוואַכע יאָרן, אין אַ שטאַרקן רוישנדיקן לעבן, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אָן אים, פליסט ווייט פון אים, אָן זיין ידיעה און באַטייליקונג? אָדער זי האָט פשוט געשטאַמט דערפון, וואָס די רייך־צעוואַקסענע, שטאַרק און זיכער שרייענדיקע פרעסע, זיין איינציקע לייב־לעכע קרובה אין דער דאָזיקער פרעמדער וועלט, איז דווקא צו זיין קבלת־פנים אַראָפּ אויף די שטילע טענער, געוואָרן פלוצעם אַיינגעהאַלטן און געלאַסן?... חנן מיניקעס און יעקב פאַלער, וואָס האָבן געטריי גע־אַרבעט ביי דער אַראַנזשירונג פון זיין ערשטן אָוונט, האָבן אים גע־ראָטן, ער זאָל פאַרבייגן זיין כבוד און אונטערוואַרעמען אַלע רעדאַקציעס פאַר איין מאָל מיט אַ באַזוך, ניט געקוקט דערויף, וואָס קיינער פון זיי האָט אים מיט אַזאַ העפלעכקייט פריער ניט באַערט. שלום־עליכם האָט דאָס אָנגענומען מיט אַ שווערן געמיט און איז מיט מיר דעם ערשטן שבת־צו־נאַכטס אַרויסגעפאָרן אויף דער איסט־סאַיד. די דאָזיקע באַזוכן, אין זייער גרעסטן טייל, זענען פאַר אים געווען אַן אָפּקומעניש. פון גרויס אויפרעגונג האָט ער ווידער באַקומען דאָרשט (די לעצטע וואָכן האָט אים דער דאָרשט געהאַט אָפּגעלאָזט) און האָט אין יעדער רעדאַקציע געפרעגט אויף וואַסער. עס האָבן אים, צום מיינסטן, באַ־געגנט קאַלטע, גלייכגילטיקע, וואָכעדיקע פּנימער, וואָס האָבן אָפן גע־

רעדט: „מיר זענען אַליין קיין „גדולים" ניט און ווערן פון „גדולים" ניט נתפעל"... „עפּעס מאַכן זיי דעם איינדרוק, צו אַלדי גוטע יאָר, — האָט שלום־עליכם געזאָגט, — ווי זיי וואָלטן מיט זייערע פּעדער ניט געשריבן, נאָר געקראַצט זיך גאַנצע טעג אין די פּאַטילניצעס"... אין איין רעדאַקציע האָט מען אים אויפגענומען אַזש בעמידה, פּשוט ניט געבעטן זיצן. דער רעדאַקטאָר, מיט וועמען מיניקעס האָט געהאַט אָפּ־גערעדט פון פריער, איז ערגעץ נעלם געוואָרן, און די מיטאַרבעטער זענען געווען פאַרטאַרעראַמט מיט פאַרענדיקן דעם זונטאָג־נומער. „ביי אונדז אין אַמעריקע, יו נאָו, — האָט אים איינער פון זיי דערציילט אַ נייעס, — איז מען אימער ביזי" (באַשעפּטיקט). האָט שלום־עליכם דערויף באַמערקט: „ביזי אַליין וואָלט מיך ניט געאַרט — ס'איז ביזי בזיונות"...

דעם איינציקן געמיטלעכן איינדרוק האָט ער אַרויסגעטראָגן פונעם „פאָרווערטס". דער רעדאַקטאָר, אַב. קאַהאַן, מיט וועמען ער האָט זיך צום ערשטן מאָל באַקענט, האָט אים באַגעגנט באַזונדער וואַרעם. ביידע האָבן באַטראַכט איינער דעם אַנדערן מיט גרויס נייגעריקייט. דער גע־שפּרעך איז אַוועק וועגן יידיש אין רוסלאַנד און וועגן יידיש אין אַמע־ריקע: פאַרוואָס אין רוסלאַנד האָט אין דער ליטעראַטור גובר געווען דער פּויליש־וואָלינער דרך, און אין דער אַמעריקאַנער יידישער פּרעסע (פון יענע יאָרן) — דער ליטווישער. דאָרט האָט זיך שלום־עליכם באַ־קענט אויך מיט אַ. ליעסין, דעם רעדאַקטאָר פון דער „צוקונפט". אַרויס־גייענדיק פונעם „פאָרווערטס", האָט ער מיר געזאָגט: „ענדלעך האָבן מיר אין אַ ניו־יאָרקער יידישער רעדאַקציע געהערט כאָטש אַ יידיש וואָרט. און קאַהאַן, לאָזט זיך אויס, איז אַן הערנער, גאָרניט ווי מע האָט מיר אים אָפּגעמאָלט".

מחמת דער לעבלעכער באַציאונג צו שלום־עליכמען מצד דעם גרעסטן טייל פון דער פּרעסע, האָבן די אַראַנזשירער פונעם קבלת־פּנים מורא געהאַט צו ריזיקירן מיט אַ גרויסן טעאַטער־זאַל און זיך באַנוגנט מיטן קליינעם זאַל פון „קופּער יוניאָן". דער עולם האָט זיך אָבער ניט גע־נייטיקט, מע זאָל אים אויפוואַרעמען, און האָט איבערגעפּאַקט דעם זאַל

אַזוי, אַז אַ סך הונדערטער זענען געבליבן פון דרויסן. דער קבלת־פנים איז דורכגעגאַנגען אין גרויס פייערלעכקייט, מיט באַגריסער פון אַלע ריכטונגען אויף דער יידישער גאַס, פון אַב. קאַהאַן ביז גדליה בובליק. שלום־עליכם האָט פאָרגעלייענט פונעם מאַנוסקריפּט די ערשטע צוויי קאַפּיטלען פון זיין מלחמה־סעריע „מעשיות פון טויזנט איין נאַכט", וואָס ער האָט אָנגעהויבן שרייבן נאָך אויף דער שיף, און די געשיכטע, ווי אַזוי יאַנקל יונעוועריס זון זאָגט זיך אָפּ אויפן פּראָנט צו שיסן צום שונא, ווייל „דאָרט זענען דאָך מענטשן", איז אויפגענומען געוואָרן פונעם עולם מיט רווישנדיקע אַפּלאָדיסמענטן, ווי אַ סימבאָליש שלאָג־וואָרט, וואָס באַצייכנט הומאָריסטיש־שאַרף די יידישע האַלטונג צו מלחמה און בלוט־פאַרגיסונג.

דער געלונגענער קבלת־פּנים האָט די אַראַנזשירער אַזוי אויפגעמונטערט, אַז זיי האָבן אויף מאָרגן גלייך געדונגען דעם גרויסן „קאַרנעגי־האָל" פאַר אַ צווייטן אָונט. שלום־עליכם אַליין איז אויך געוואָרן פריילעכער, און ער האָט צו דער טאָכטער ליאַלי, וואָס האָט זיך דעמאָלט באַזעצט ביי אירע שוויגער־עלטערן אין בעסאַראַביע, געשריבן (אויף רוסיש) אין אָפּטימיסטיש־געשטיגענעם טאָן, ווי זיין שטייגער איז געווען צו באַריכטן די קינדער פון זיינע ערפאָלגן:

ניו־יאָרק, 110 לענאָקס עוו. קאָר. 116טע סט.

19טן דעצעמבער, 1914.

טייערע ליאַלי!

פון דעם דאָזיקן בלאַנק זעסטו, אַז מיר האָבן זיך איינגעאָרדנט, דאָס הייסט, מיר האָבן אַ וווינונג מיט אַ קיך, און שלאָף־צימערן, און אַן עס־צימער, און אַפילו מעבל. אַלץ איז דאָ אויף קרעדיט — אויף אויסצאָלן.

איך האָב דיר שוין געשריבן. דעם 9טן יאַנואַר וועט זיין דער צווייטער אָוונט — אין קאַרנעגי־האָל, וווהין עס גייען אַריין פון דריי ביז פיר טויזנט. מיר דערוואַרטן פון דיר בריוו. תמרה טרעט אַריין אין סקול, און נומאַ — אַודאי און אַודאי. בערקאָוויטש האָט זיך איינגע־

אָרדנט ביי דער רעדאַקציע פונעם „קונדס", אַלס רעדאַקטאָר. מיך רייסט מען אין אַלע גרויסע צייטונגען. נאָר איך האָב „פאַרבראָכן" אַזאַ פּרייז, וואָס אין רוסלאַנד וואָלט מען זיך דערשראָקן, דהיינו: פאַר איין מאָל אין וואָך 100 דאָלער, דאָס הייסט, 200 רובל אַ וואָך, פאַר צוויי מאָל 150 דאָלער — 300 רובל אַ וואָך. דאָס מיינט, אָדער 10,000 אָדער 15,000 רובל [אַ יאָר], אויב צוויי מאָל אין וואָך צו קליינע פעליעטאָנען. עס ווילן מיך: דער „פאָרווערטס", די „וואַרהייט" און דער „טאָג". וווהין איך וועל אַריינפאַלן — ווייס איך נאָך ניט. איינלאַדונגען אויף צו לייענען האָב איך אין די צענדליקער. איך האָב אַוועקגעשטעלט אַ פּרייז: אַ גרויסע שטאָט 1,000 דאָל., אַ קליינע שטאָט 500 דאָל. פאַר אַן אַרויסטריט. דאָס לאַנד לעבט איבער אַ קריזיס.

איך קוש דיך, מיכאלן און בעלאָטשקען. אַ גרוס די עלטערן.

פּאַ.

מאַרוסין וואָלסטו ניט דערקענט — אַמעריקאַניזירט!

מיט די צייטונגען איז צוגעגאַנגען ניט אַזוי לייכט, ווי שלום־עליכם האָט עס פאָרגעשטעלט אין זיין בריוו. באמת „געוואָלט" האָבן אים נאָר צוויי: דער „פאָרווערטס" און דער „טאָג". די „וואַרהייט" האָט דעמאָלט דורכגעמאַכט אַן אינערלעכן קריזיס: איר רעדאַקטאָר און הויפּט־באַלעבאָס, לואי מילער, האָט ביים אָנהייב פון דער מלחמה גענומען אַן אויסגעשפּראָכענע שטעלונג פאַר די „עליייעס", דאָס הייסט, פאַר רוסלאַנד און קעגן דייטשלאַנד, און אַזוי ווי דער יידישער עולם איז געווען שאַרף געשטימט קעגן דעם צאַריסטישן רוסלאַנד, האָט די צייטונג אָנגעהויבן פאַרלירן אירע לעזער אין די טויזנטער. דאָס האָט געפירט דערצו, אַז מילער איז געווען געצוווּנגען צו פאַרלאָזן די „וואַר־הייט", און די צייטונג איז געבליבן ווי אַ שיף אָן אַ רודער. לכתחילה האָבן די פאַרבליבענע באַלעבאַטים פון דער „וואַרהייט" זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם געדאַנק, אַז שלום־עליכם וועט הייבן דעם געפאַלענעם פּרעסטיזש פון דער צייטונג; זיי האָבן אָבער געהאַט אַ גאַנץ קליינע השגה וועגן זיין געהאַלט, אַזוי אַז דער ענין איז בטל געוואָרן.

איז שלום־עליכם געבליבן נאָר צווישן „פאָרווערטס" און „טאָג". געצויגן האָט אים מער צום „פאָרווערטס". פאַר די עטלעכע וואָכן האָט ער זיך שוין געהאַט געטראָפן אַ פּאָר מאָל מיט אַב. קאַהאַנען, און ביידע האָבן שטאַרק געוואָלט דעם „שידוך". עס האָבן זיך פאַרבונדן פאַרהאַנדלונגען. דער „פאָרווערטס" האָט שלום־עליכמען פאָרגעלייגט פינף־און־זיבעציק דאָלער פאַר איין מאָל אין וואָך שרייבן. דער „טאָג" ווידער איז אַיינגעגאַנגען אויף הונדערט דאָלער אַ וואָך פאַר צוויי אַר־טיקלען, מיט אַ קאָנטראַקט אויף איין יאָר. שלום־עליכמס עצה־געבער האָבן זיך צעטיילט צווישן ביידע צייטונגען. פאַרן „פאָרווערטס" האָט שטאַרק געאַרבעט אברהם אליהו לובאַרסקי. ער האָט געטענהט, אַז דאָס איז פאַר שלום־עליכמען אַ „גאָסודאַרסטווענע" שטעלע — ער וועט שוין דאָרט, אם ירצה השם, זיין באַוואָרנט ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר. ער אַליין, לובאַרסקי, איז טאַקע אַ ציוניסט, נאָר האַנדלען זאָל מען מיט סאָציאַליסטן — דאָס זענען פאָרט מענטשן, וואָס שלאָגן זיך פאַרן יושר!... דערצו איז אין „פאָרווערטס" פאַראַן אַ רעדאַקטאָר, ס'איז דאָ מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן!... אויך שלום אַש, וואָס איז ביים אָנהייב פון דער מלחמה אַריבערגעפאָרן קיין אַמעריקע, האָט שלום־עליכמען צוגערעדט אָנצונעמען דעם פאָרשלאָג פונעם „פאָרווערטס" — ער האָט אים געוואָלט האָבן פאַר אַ קאָלעגע אין זיין צייטונג. פון דער צווייטער זייט איז דאָ אָבער געווען אַ פּשוטע פראַגע פונעם בודזשעט: מיט פינף־און־זיבעציק דאָלער אַ וואָך איז שווער געווען אויסצוהאַלטן אַ פאַמיליע אין ניו־יאָרק און אַ קראַנקן זון אין אַ סאַנאַטאָריע אין דענעמאַרק. שלום־עליכם האָט זיך מיט דעם פראָבלעם לאַנג געפייניקט, ניט געקאָנט באַשליסן, וואָס ער זאָל אויסקלייבן. ענדלעך האָט גובר געווען דער אַריטמעטישער חשבון. און איינמאָל אַן אָוונט האָט ער אַרויסגערופן קאַהאַנען אויפן טעלעפאָן און אים געגעבן צו וויסן, אַז ער האָט קיין אַנדער ברירה ניט, ער מוז אָננעמען די אַיינלאַדונג פונעם „טאָג", — אויף וואָס קאַהאַן האָט אים אויסגעדריקט זיין באַדויער און צוגעווונטשן גליק. באַלד נאָכן געשפּרעך האָט שלום־עליכם חרטה געהאַט אויף זיין באַשלוס און האָט זיך געפילט שטאַרק צערודערט. ער האָט

די דאָזיקע חרטה געפילט שפּעטער נאָך פיינלעכער, דורכלעבנדיק ניט איין ביטערן מאָמענט דורך דער ניו־יאָרקער יידישער פּרעסע ביי זיינע לעצטע טעג אין אַמעריקע.

נאָכן צווייטן אָוונט אין „קאַרנעגי האָל״, וואָס איז דורכגעגאַנגען מיט ניט ווייניקער ערפאָלג ווי דער ערשטער, האָט שלום־עליכם באַקומען אַ קבלת־פּנים אויך פון די ניו־יאָרקער „דייטשע יאַהודים״, מיטן באַווּסטן פינאַנסיסט יעקב שיף בראש. יענע האָבן דאָס פאַרבונדן מיט זייער טעטיקייט אויף דער איסט־סאַיד אין דער „עדיוקיישאָנאַל אַלייענס״ און האָבן דעם קבלת־פּנים דורכגעפירט אָנהייב יאָר 1915, אויף זייער יערלעכן מיטינג אין דער דאָזיקער אינסטיטוציע. עס האָט געהייסן, אַז די רייכע דייטשע יידן ווייזן־אַרויס אַ באַזונדער התקרבות צו זייערע אָרעמע ברידער, די „מזרח־יידן״, דערמיט, וואָס זיי גיבן אָפּ כבוד זייער באַרימטן פאָלקס־שרייבער.

דער זאַל פון דער „עדיוקיישאָנאַל אַלייענס״ איז יענעם אָוונט געווען איבערגעפּאַקט, און די גאַס איז פאַרפלייצט געוואָרן פון אַן עולם, וואָס האָט ניט געקאָנט אַריינגיין אינווייניק. די דייטשע יידן האָבן אַזויפיל מענטשן צו זייערע יערלעכע פאַרזאַמלונגען קיינמאָל ניט געזען, און זיי האָבן זיך אָנגעשטעקט מיט דער יום־טובדיקער שטימונג פון זייערע מזרח־ברידער. דער פּאָרזיצער, דער גרייז־גרויער ריכטער פונעם ניו־יאָרקער „סופרים קאָורט״, סעמיועל גרינבוים, האָט געהאַלטן אַ באַגייסטערטע רעדע וועגן דעם גאַסט (ער האָט זיך געהאַט צוגעגרייט צו דעם, איבערגעלייענט „סטעמפּעניו״ אין ענגלישער איבערזעצונג און אַ באַנד שלום־עליכמס דערציילונגען אין דייטש) און האָט פון זיין נאָמען געמאַכט אַ מין ענגלישן „נוטריקון״: „שלום־עליכם — שלום אַלייקום — שלום — אַי לאַיק הים!״... אויך יעקב שיף איז אַריינגעפאַלן אין מגידישן טאָן און האָט זיין דרשה לכבוד שלום־עליכמען פאַרענדיקט מיט אַ פּסוק פונעם דאַוונען, וואָס האָט זיך גליקלעכערווייז צוגעפּאַסט צום נאָמען פונעם גאַסט: „ה׳ עוז לעמו יתן, ה׳ יברך את עמו בשלום״...

אויף מאָרגן נאָכן קבלת־פּנים האָט פּאַסירט אַזאַ קוריאָז, וואָס איז געווען זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר די זיטן פון געוויסע יידישע צייטונ־

געןן אין יענע טעג: „דאָס טאָגעבלאַט“ האָט ניט געקאָנט פאַרשווייגן אַ פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער אַזאַ באַרימטער יידישער גביר, ווי יעקב שיף, האָט געהאַלטן אַ רעדע; וואָס־זשע טוט מען אָבער מיט שלום־עליכמען, וואָס איז אַריינגעטראָטן אַלס מיטאַרבעטער אין אַן אַנדער צייטונג, — ווי אַזוי פאַרגינט מען זיך עס צו דערמאָנען זיין נאָמען? האָבן זיך יידן למדנים געגעבן אַן עצה: אין דעם היפּשן באַריכט פונעם אָוונט האָט מען גערעדט בלויז וועגן שיפס רעדע, ווי אַזוי דער גרויסער באַנקיר האָט געפּרעדיקט שלום צווישן אַלע טיילן פונעם יידנטום, און ניט דערמאָנט אַפילו מיט איין וואָרט, אַז די רעדע איז געהאַלטן געוואָרן אויף אַ קבלת־פּנים לכבוד שלום־עליכמען. און נאָר צום סוף פונעם באַריכט איז געגאַנגען אַ קורצער פאַרשלייערטער זאַץ, אַז נאָך שיפס רעדע האָט דער גאַסט געלייענט פון זיינע ווערק. ווער דער דאָזיקער געהיימניספולער גאַסט איז געווען און פון וואַנען האָט ער זיך פלוצעם גענומען — דאָס איז פאַר די לעזער געבליבן אַ סוד.

אַז שלום־עליכם האָט דאָס איבערגעלייענט, איז אים באַפאַלן אַ געלעכטער. ער האָט אַלע זיינע באַזוכער יענעם טאָג באַוויזן די צייטונג און געפרעגט: „אַנו, טרעפט, ווער איז געווען דער גאַסט?“

— נו־יאָ, — האָט ער געזאָגט, — איר ווייסט דען ניט? זינט איך בין אַריין אין „טאָג“ האָבן די באַלעבאַטים פונעם „טאָגעבלאַט“ זיך געגעבן איינס דעם אַנדערן תקיעת־כף, אַז דער נאָמען „שלום־עליכם“ טאָר אין זייער גבול ניט דערמאָנט ווערן. וואָס־זשע טוט מען אָבער פרייטאָג־צו־נאַכטס מיט די „שלום־עליכמס“ אין סידור? איז טאַקע ניט גוט! זיי קומען פון שול אָנגעבלאָזענע, טוען אַ בורטשע אונטער דער נאָז צו זייערע ווייבער דעם „גוט־שבת“ און זעצן זיך גלייך צו די פיש...

## כב
# טרויעריקע טעג אין אַמעריקע

אַריינטרעטנדיק אָנהייב יאָר 1915 אין „טאָג״, האָט שלום־עליכם אויסגענומען אַ תנאי, אַז איינער פון די צוויי וועכנטלעכע אַרטיקלען, וואָס ער דאַרף צושטעלן דער צייטונג, וועט זיין די אויטאָביאָגראַפיע זיינע, וועלכע ער האָט איצט גענומען שרייבן אינגאַנצן פונדאָסניי אונטערן טיטל „פונעם יאַריד״. אַלס צווייטער אַרטיקל איז די ערשטע עטלעכע חדשים געגאַנגען זיין נייע מלחמה־סעריע „מעשיות פון טויזנט איין נאַכט״.ביידע ווערק זענען געווען ניט „אויף צו לאַכן״, נאָר פון שלום־עליכמס ליריש־פּאַטעטישן שטאָף, ווו דער הומאָר איז אַ שטילער, אַן אינווייניקסטער, שטאַמט מער פון געלייטערטער האַרציקער קלוגשאַפט, ווי פון קרום־שפּיגלדיקע, גראָטעסקע כוונות. דער מער אַנטוויקלטער לע־זער האָט אויפגענומען שלום־עליכמס לעבנסבאַשרייבונג מיט אַ נייעם אינטערעס, געשעפּט גענוס סיי פון דעם אינהאַלט, פון די ברייט־געעפנטע טירן צו דער נשמה פון אַן אינטערעסאַנטער פּערזענלעכקייט, סיי פון דעם וואַרעמען און רירנדיקן סטיל, וואָס האָט דורכגעלויכטן די לעבנס־פּאַ־סירונגען פונעם דערציילער מיט אינטימען ליכט פון מענטשלעכן אמת, פון לויטערער, ניט־געקליגלטער, ניט־ליטעראַריזירטער וואַרהאַפטיקייט.

ניט אַזוי איז שלום־עליכמס ווערק אָפּגעשאַצט געוואָרן אין דער רעדאַקציע פון דער נייער, ערשט־צונויפגעקלאַפּטער צייטונג. אייגנטלעך, איז דאָרט קיין רעדאַקציע גאָרניט געווען, ווייל עס האָט געפעלט אַ רע־דאַקטאָר. דער, וואָס איז דאָרט די ערשטע צייט געזעסן אויפן רעדאַקטאָר־שטול, איז געווען אַ צוגעצויגענער מענטש פון אַ פרעמדן ווינקל, פון דער ענגליש־יידישער זשורנאַליסטישער פּראָפעסיע, וואָס אַליין האָט ער זיך אין יידישן שרייבן ווייניק געמישט. פון אַזאַ רעדאַקציע האָט קיין פעסטע, קאָנטראָלירטע מיינונג ניט געקאָנט אַרויסקומען. די מיינונגען

און אָפּשאַצונגען זענען דאָרט אויפגעכאַפּט געוואָרן פון דער לופטן, פון דרויסנדיקער מבינות־זאָגעריי, און די „לופטיקע" מיינונג איז געווען, אַז מע האָט זיך מיט שלום־עליכמען אָפּגענאַרט. מע האָט געמיינט, אַז ער וועט דערלאַנגען די אמתע וואַרע, צושטעלן זאַכן, פון וועלכע דער עולם וועט זיך נאָכאַנאַנד האַלטן ביי די זייטן פון געלעכטער; לסוף שטעלט זיך אַרויס, אַז שלום־עליכם איז גאָר אַן ערנסטער שרייבער! ערנסטע שרייבער זענען אָבער פאַראַן אָן אים אויך גענוג — וואָס זשע איז מיט אים אַזוי דער יחוס, פאַרוואָס קומט אים אַזאַ אויסשליסלעך הויכער פרייז?... דערצו איז די צייטונג ביים אָנהייב, ווי דער שטייגער איז, געגאַנגען שלעכט, די באַלעבאַטים, נייע מענטשן אין דעם פאַך, האָבן באַדאַרפט אויסהאַלטן אַ שווערע פינאַנציעלע לאַסט, די שטימונג אין דער פאַרוואַלטונג איז געווען ניט קיין געהויבענע, און צווישן די אומגעלונגענע אויפטואונגען פון דער רעדאַקציע איז געווען פאַררעכנט אויך דער „מקח־טעות" מיט שלום־עליכמען.

דער אמת דאַרף געזאָגט ווערן, אַז אָפענע קריוודעס האָט שלום־עליכם פון דער רעדאַקציע ניט געזען, און די פאַרוואַלטונג האָט אים באַהאַנדלט, לויטן קאָנטראַקט, גאַנץ קאָרעקט — צוגעשיקט פּינקטלעך דעם טשעק אַלע וואָך. שלום־עליכם איז אָבער געווען זייער פילבאַר צו מענטשלעכע באַציאונגען, בפרט ווען זיי האָבן אָנגערירט ביי אים דעם עיקר — זיין ליטעראַרישע אַרבעט. ער האָט די אויטאָביאָגראַפיע געשריבן אין גרויסער קאָנצענטרירטער פאַרטיפונג, זיך אָפּגעצאַמט פון דעם אַרומיקן פרעמדן, רוישיקן לעבן, ווי אין אַן אייגענער זעלישער מחיצה, אַרויסגערופן פון דער ווייטער קינדהייט די ליבסטע בילדער. די טייערע זיסע איבערלעבונגען פון מענטשלעכן באַגינען, און וואָס ווייטער די קאַפּיטלען זענען געגאַנגען, אַלץ מער האָט ער געגלייבט, אַז דאָס שרייבט ער דאָס בעסטע פון זיינע ווערק, „דאָס בוך פון זיינע ביכער", „דעם שיר־השירים פון זיין נשמה", — און דאָרט, אין דער צייטונג, האָט מען זיין ווערק אויפגענומען פרעמד, מיט אַ קאַלטן ברוגז, ווי אַן אָנגעוואָרפענעם איבעריקן אַרטיקל. מע האָט אים וועגן דעם טאָקע קיין שלעכט וואָרט ניט געזאָגט; מע האָט אים נאָר שטום איגנאָ־

רירט, ניט אַרויסבאַוויזן קיין פריינדלעכע מינע צו זיין פּלייס, צו זיין אויפריכטיקן חשק — ווי זיין טבע איז תמיד געווען — גיצלעך צו זיין דער צייטונג, מיט וועלכער ער איז פֿאַרבונדן, ניט אַרויסבאַוויזן די מינדסטע פּיעטעט צו זיין נאָמען, צו זיין אָרט אין דער ליטעראַטור, צו זיין געאיינציקטער באַליבטקייט ביים פֿאָלק. עס קאָן זיין, אַז אין דעם האָט ניט געשטעקט קיין באַזונדערע בייזע כוונה — אין דער רעדאַקציע האָט זיך פּשוט ניט געפונען קיין איין באַשטימטע פּערזאָן, וואָס זאָל האָבן אין זינען אַזעלכע זאַכן און זיין פאַר זיי פֿאַראַנטוואָרט־לעך. שלום־עליכמען האָט אַזאַ באַציאונג אָפּגעשטויסן נאָך מער ווי, אַשטייגער, יאַצקאַנס אַריינמישן זיך אין זיין שרייבן. דאָרט איז כאָטש געווען אַ לעבעדיקער מענטש, מיט וועמען מע האָט געקאָנט קעמפן; דאָ איז געווען אַ תוהו־ובוהו. ער האָט אויף דער דאָזיקער רעדאַקציע גלייך פון די ערשטע וואָכן געוואָרפן אַן אום־חן, געווייכט פון איר ווי ווייט ס'איז נאָר געווען מעגלעך, און טאָמער האָט ער דאָרט עפּעס באַדאַרפט האָבן אַ נייטיקן ענין, האָט ער דאָס געטאָן דורך מיר. „איך קאָן אַהין ניט גיין, — האָט ער געזאָגט, — איך פיל מיך דאָרט, ווי אין אַ הקדש"...

פון דעסטוועגן האָט ער זיך צוגעהערט צו די „לופטיקע" מיינונגען פון דער רעדאַקציע, וואָס זענען צו אים דערגאַנגען, און נאָך דעם מלחמה־שטאָף „מעשיות פון טויזנט איין נאַכט" האָט ער אָנגעהויבן געבן עפּעס פריילעכערס — די סעריע פעליעטאָנען „דער פּראָגרעס אין כתרילעווקע", וואָס איז איבערגעריסן געוואָרן אין דער וואַרשעווער צייטונג „דאָס לעבן" ביים סאַמע אָנהייב, דורכן אויסבראָך פון דער מלחמה. איצט האָט ער דאָס באַאַרבעט אויף אַ נייעם שטייגער, און אַ טייל קאַפּיטלען אַפילו צוגעפּאַסט צום אַמעריקאַנער יידישן לעבן, דערהויפּט יענעם טייל, אין וועלכן עס ווערט באַהאַנדלט די פּרעסע פון דעם „פּראָג־רעסיוון כתרילעווקע": די צוויי כתרילעווקער צייטונגען, „די יאַרמלקע" און „דער קאַפּעליש", זענען געווען אַ דייטלעכע קרומע אָפּשפּיגלונג פון דעם ניו־יאָרקער „טאַגעבלאַט" און לואי מילערס נייער צייטונג „דער פירער". נאָר דערמיט האָט שלום־עליכם זיין געפאַלענע מערכה אינעם

„טאָג" ניט אויפגעהויבן: דער עולם האָט זיך אפשר פון דער „יאַר־מעלקע" מיטן „קאַפעליש" מער „געהאַלטן ביי די זייטן פון געלעכטער", ווי פון דעם געלייטערטן ווערק „פונעם יאַריד", נאָר דעם הונדערט־דאָלערדיקן טשעק, וואָס מע האָט אים יעדע וואָך פינקטלעך צוגעשיקט, האָט דאָס נאָך אַלץ ניט אויסגעקויפט.

שלום־עליכמס לאַגע איז דאָ געווען באַזונדער שווער, ווייל אויפן „טאָג" איז איצט געהאַנגען זיין גאַנצע עקזיסטענץ — קיין אַנדער מאַ־טעריעלן שטיץ־פונקט האָט ער פאַר זיך אין אַמעריקע ניט געזען. די אַלע קוואַלן פון שפע, וואָס זענען פאַר אים די לעצטע יאָרן אָפן געווען אין רוסלאַנד און האָבן אים געמאַכט אומאָפּהענגיק פון זיין לויפנדיקער צייטונגס־אַרבעט, זענען דאָ אינגאַנצן פאַרשטאָפּט געוואָרן. אַלע חלומות וועגן „אַמעריקאַנער גליקן" האָבן זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרנישט. נאָך די צוויי אָוונטן אין ניו־יאָרק, וואָס האָבן געקלעקט אויף צו באַצאָלן דער באַנק פאַר דער נסיעה קיין אַמעריקע, האָט ער זיך פאַרבונדן דווקא מיט אַ גוישן אימפּרעסאַריאָ, וועלכער האָט פאַר אים אויסגעאַרבעט אַ פאָרלעזונג־טור איבער די פאַראייניקטע שטאַאַטן, ביז קאַליפאָרניע. דער אימפרעסאַריאָ, איינער פון די פאַרוואַלטער אינעם דעמאָלטיקן ניו־יאָרקער „היפּאָדראָם", מיטן נאָמען בען אַטוועל, האָט געזען דעם איבער־געפּאַקטן „קאַרנעגי־האָל" ביי שלום־עליכמס קבלת־פנים, האָט ער זיך אָנגעצונדן מיט חשק „צו טאָן ביזנעס" מיט דעם „יידישן מאַרק טוועין". ער האָט אים אונטערגעשריבן אַ קאָנטראַקט אויף אַ גאַנצער רייע שטעט, מיט אַ גאַראַנטיע פון צוויי הונדערט פופציק דאָלער פאַר יעדן אַרויס־טריט, אַחוץ אַלע הוצאות פאַר צוויי פערזאָן (שלום־עליכם מיט זיין פרוי). נאָר ווייטער פון די ערשטע צוויי שטעט, באַלטימאָר און וואַ־שינגטאָן, האָט דער דאָזיקער געמישטער שידוך ניט אויסגעהאַלטן. דער אַמעריקאַנער אימפרעסאַריאָ האָט ניט געפונען דעם וועג צום יידישן עולם, און די קורצע לאַקאָנישע אַנאָנסן אין די יידישע און ענגלישע צייטונגען, אַז „בען אַטוועל פּרעזענטירט דעם יידישן מאַרק טוועין", האָבן קיין סך יידן אין טעאַטער־זאַל ניט געבראַכט. שלום־עליכם האָט צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן געהאַט די אומאַיינגענעמע דערפאַרונג

צו לייענען כמעט פּאַר ליידיקע בענקלעך. דער אַמעריקאַנער טעאַטער־מענטש האָט גלייך געבראָכן דעם קאָנטראַקט, יצחק אייזיק הורוויץ, אַלס שלום־עליכמס אַדוואָקאַט, האָט זיך גענומען פירן קעגן אים אַ פּראָצעס, נאָר דערפון איז גאָרנישט אַרויסגעקומען.

שפּעטער, אַרום פרילינג, אַז די נויט האָט זיך געלאָזט פילן (מע האָט שוין געהאַט גענומען אין „טאָג" אַן אַוואַנס אויפן ווייטערדיקן חשבון, און דער אַיינגעדאַרטער געהאַלט האָט מער ניט געקלעקט), בין איך אַליין געוואָרן שלום־עליכמס „אימפּרעסאַריאָ". איך האָב זיך דורכגעשריבן מיט אַ צאָל שטעט אין קאָנעקטיקוט, אָהייאָ און קענעדע, די אויסזיכטן זענען געווען ניט קיין גלענצנדע, נאָר שלום־עליכם האָט באַשלאָסן צו מאַכן דעם קליינעם טור. אין די ערשטע עטלעכע שטעט האָט אים באַגלייט, אַלס סעקרעטער און באַוואַכער, אַ יונגערמאַן מיטן נאָמען משה יאַמפּאָלסקי, און דערנאָך בין איך געווען זיין באַגלייטער. שלום־עליכם האָט זיך געפילט פון דער דאָזיקער נסיעה קראַנק און צעבראָכן, דערצו איז ער געווען איבערגעמידט פון צוויי מאָל אַ וואָך שרייבן — האָבן מיר ניט געזשאַלעוועט קיין הוצאות און באַשטעלט אין צוג אַ באַזונדערע איינצל־קופּע („דראָאינג רום"). ער איז געזעסן אין דעם אָפּגעזונדערטן קליינעם סאַלאָן אַ טרויעריק־פּאָרטראַכטער, באַהערשט פון אַ נאָגנדיקער מעלאַנכאָליע, וואָס האָט אים אין אַמעריקע אָנגעהויבן אָפּט צו באַפאַלן, זיך צוגעשפּאַרט מיטן קאָפּ צום ווייכן ווענטל פון דער סאָפע, די אויגן האַלב־פאַרמאַכט, געהאַלטן אין איין האַנט דאָס קליינע בלאָקנאָטל, אין דער אַנדערער די פען — ער האָט דעם גאַנצן וועג געשריבן פאַרן „טאָג" די סעריע פריילעכע פעליעטאָנען פון דעם פּראָגרעסיוון כתרילעווקע.

די רעזולטאַטן פון דער נסיעה זענען געווען זייער מאָגערע. די פּראָווינציעלע זאַלן האָבן זיך אַרויסבאַוויזן קליין, דער עולם — פרעמד און פאַרגרעבט, און שלום־עליכם האָט זיך געפילט אויף די אָונטן צערייצט און געפאַלן, ווי אַ יורד. נאָר אין מאָנטרעאַל איז דער קבלת־פּנים געווען אַ געהויבענער: דאָרט זענען מיר געווען די געסט פון ראובן בריינין, וועלכער האָט אונדז אויפגענומען ביי זיך אין הויז מיט אַ באַ־

זונדערער קאָלעגיאַלער וואַרעמקייט, פאַרשאַפט שלום־עליכמען כבוד מיט דער ברייטער האַנט.

פון יענעם קליינעם טור איז ביי די אַמעריקאַנער יידן אויף דער פּראָווינץ פאַרבליבן וועגן שלום־עליכמען פאַרשיידענע מעשיות און ווערטלעך, פון וועלכע איך גיב דאָ איבער אַ פּאָר, די סאַמע כאַראַקטע־ריסטישע (איך האָב זיי אויך געהערט פון שלום־עליכמען אַליין):

צוגעפאָרן איינמאָל צו אַ גרויסער שטאָט אין אָהייאָ, אין דער באַ־גלייטונג פון זיין צייטווייליקן סעקרעטער משה יאַמפּאָלסקי, אַ יונגערמאַן פון גיגאַנטישן וווקס (ביי אונדז האָט ער געהייסן „שוין איין מאָל משה" — אויפן נאָמען פון שלום־עליכמס כתרילעווקער העלד), רופט זיך אָן צו אים שלום־עליכם אַזוי:

— הערט נאָר אויס, יאַמפּאָללסקי! (אויפן שטייגער פון די רוסישע יידן אין אַמעריקע, וואָס האָבן אין זייערע פאַמיליעס דעם ווייכן רוסישן „למד" פאַרביטן אויף אַן ענגליש־האַרטן, — פלעגט ער די האַרטקייט פונעם „למד" דרייפאַכיק באַטאָנען). דער טאָג איז היינט אַ קאַלטער, אַ רעגנדיקער, און חברה וועלן דאָך געוויס קומען צום וואָקזאַל מיך מקבל־פּנים זיין אין אַן אָפענעם „פאָרדל", און וועלן מיך אויפן וועג געוויס וועלן אינטערוויואירן, און איך וועל מיך געוויס פאַרקילן. דע־ריבער וועלן מיר דאָ מאַכן אַ בייט: איר זענט שלום־עליכם און איך בין אַייער סעקרעטער.

— וואָס הייסט, איך בין שלום־עליכם? — דערשרעקט זיך יאַמ־פּאָלסקי אויף טויט.

— וואָס איז, איר זענט חלילה קליין? מיט אַזאַ וווקס, ווי ביי אַייך, קיין עין־הרע, קאָנט איר זיין דריי מאָל שלום־עליכם. איר האַלט זיך נאָר ערנסט און, למען השם, לאַכט ניט, וועט זיין גימל [גוט]!

און אַזוי איז עס געבליבן. אַראָפּגעגאַנגען פונעם צוג, טרעפן זיי שוין אַ גאַנצע דעלעגאַציע. איינער, אַן אָרטיקער זשורנאַליסט, גייט גלייך צו שלום־עליכמען:

— מיסטער שלום־עליכם?

שלום־עליכם, מיט אַן אויפגעשטעלטן קאָלנער פונעם פּוטער, ווייזט מיט דער האַנט אויף יאַמפּאָלסקין:

— אָט איז שלום־עליכם. מיין נאָמען איז יאַמפּאָלללסקי.

דער עולם קוקט אַ ביסל פאַרווירט. יאַמפּאָלסקי שטייט אין אַ באַשיידענער פּאָזע מיט די אויגן צו דער ערד.

— וואָס קוקט איר? — פרעגט שלום־עליכם. — איר דערקענט ניט שלום־עליכמען?

— נו, געוויס! — פאַרכאַפּט זיך דער זשורנאַליסט. — פאַרוואָס זאָלן מיר אים ניט דערקענען? איין קלייניקייט!

און ער גייט־צו מיט דרך־ארץ צו יאַמפּאָלסקין און באַגריסט אים. און נאָך אים — דער איבעריקער עולם.

מע האָט זיך אויסגעזעצט אין אַ „פּאָרדל", און טאַקע אין אַן אָפּענעם. יאַמפּאָלסקין האָט מען אַוועקגעזעצט אינמיטן און גענומען אים אויפן וועג „אינטערוויואירן". יאַמפּאָלסקי האָט זיך געבלאָזן, ווי ווייט ער האָט געקאָנט. ער האָט געענטפערט אויף די געשטעלטע פראַגעס מיט גרויס ווערדע און ערנסטקייט. ער האָט אָבער אינמיטן געכאַפּט בגנבה אַ קוק אָן דער זייט, דערזען, ווי ביי שלום־עליכמען זענען די אויגן פול מיט טרערן פון פאַרשטיקטן געלעכטער — האָט ער מער ניט געקענט אויסהאַלטן און זיך שטאַרק צעלאַכט.

דער אמת איז אויפגעדעקט געוואָרן נאָך איידער מען איז צוגעפאָרן צום האָטעל.

— איך האָב אָבער גלייך פאַרשטאַנען, אַז מע פירט אונדז דאָ אין באָד אַריין! — האָט געטענהט דער זשורנאַליסט. — וואָס־זשע, איך וועל ניט דערקענען שלום־עליכמען? איין קלייניקייט!...

אין האָטעל האָט דער זעלבער פּראָווינציעלער זשורנאַליסט שפּעטער געטראָפן שלום־עליכמען לייענענדיק אַ נייַ ביכל מיט פאַבלען פון ה. הירש, אונטערן נאָמען: „הונדערט טראָפּן טינט". מע האָט זיך צערעדט וועגן די פאַבלען. דער זשורנאַליסט האָט זיי אינגאַנצן מבטל געמאַכט.

— ווײַבאַלד איר זענט אַזאַ מבין אויף פאַבלען, — מאַכט צו אים שלום־עליכם, — בין איך שוין אַ בעלן אַייך ווייזן מיינע אַ פאַבל!

און שלום־עליכם גייט אַרויס מיטן ביכל אינעם צווייטן צימער, שרייבט דאָרט אַראָפּ אויף פּאַפּיר איינע פון די הונדערט פאַבלען און טראָגט זי אַרויס דעם זשורנאַליסט. יענער נעמט דאָס פּאַפּיר און לייענט מיט אַ ליכטיקן פּנים.

— נו? — פרעגט אים שלום־עליכם.

— וואָס פרעגט איר שאלות? וואָס פאַר אַ פאַרגלייך? הירש — און שלום־עליכם! איין קלייניקייט!

— זאָלט איר טאַקע וויסן, — זאָגט שלום־עליכם, — אַז די פאַבל איז ניט מיינע, נאָר איך האָב זי איבערגעשריבן פון אָט דעם ביכל.

— וואַרט, לאָזט מיר נאָך אַ מאָל אַ קוק טאָן! — בעט זיך דער זשורנאַליסט און נעמט ווידער דאָס פּאַפּיר, לייענט־איבער אַ צווייטן מאָל און פאַרענטפערט זיך: — די פאַבל האָט מיר לכתחילה אויסגעוויזן צו זיין ניט קיין שלעכטע פאַבל. אָבער איצט זע איך טאַקע, אַז ס'איז ניט דאָס!... ווייס איך! ווי קומט אַזאַ קוואַטש צו שלום־עליכמס פעדער? איין קלייניקייט!...

— זאָלט איר טאַקע וויסן, — זאָגט צו אים שלום־עליכם, — אַז די פאַבל איז פאָרט מיינע!...

דער זשורנאַליסט איז שוין גאָר צעטומלט געוואָרן.

געקומען צוריק קיין ניו־יאָרק אַן אויסגעפּייניקטער פון דער רייזע, איז שלום־עליכם אַרויסגעפאָרן אין די קעטסקיל־בערג, אויף „פליישמאַנס סטיישאָן", וווּ ער האָט פאַרבראַכט אַ קורצע צייט. די מאַטעריעלע לאַגע איז פון די עטלעכע אָרעמע פאָרלעזונגען ניט פאַרבעסערט געוואָרן. אַדרבה, איצט איז געשטאַנען פאַר די אויגן אַ נייע זאָרג: מע האָט באַדאַרפט אויסשרייבן פון דענעמאַרק דעם קראַנקן זון מישאַ מיט דער טאָכטער עמאַ, און ס'איז ניט געווען מיט וואָס. דער איינציקער אַרויסקוק איז געווען אויף שיקאַגאָ, ווו מע האָט געפּלאַנט אַ גרויסן שלום־עליכם־אָוונט. עס האָט זיך דאָרט אָרגאַניזירט אַ קבלת־פּנים־קאָמיטעט, וועלכער איז אָבער גלייך צעשפּאָלטן געוואָרן אויף צוויי קאָמיטעטן: אַ ראַדיקאַלן, מיט די פּועלי־ציון בראש, און אַ בורזשואַזן, באַפּוצט מיט נעמען פון יידישע „דזשאַדזשעס" אויף די געדרוקטע בריוו־בלאַנקען. דער אָרגאַ־

ניזירער פון דעם קאָמיטעט מיט די „דזשאָדזשעס", וואָס האָט מיך פאַר־וואָרפן מיט בריוו, האָט צוגעזאָגט גאָלדענע בערג — עס האָט גע־האַלטן דערביי, אַז צום קאָמיטעט זאָל צושטיין אַזש דער באַרימטער מיליאָנער און מעצענאַט ראָזענוואַלד אַליין! נאָר דערווייל האָבן ביידע קאָמיטעטן זיך געאַמפּערט צווישן זיך, געשטערט איינער דעם אַנדערן, אַזוי לאַנג, ביז מע האָט דעם אָוונט אָפּגעלייגט אויפן קומענדיקן ווינטער. שלום־עליכם האָט מיר געשריבן פון די בערג אין ביטערן טאָן, איך זאָל אַ שפּיי טאָן אויף די „דזשאָדזשעס" מיט די „מעצענאַטן" און זאָל בעסער זוכן אין ניו־יאָרק עפּעס אַ רעכטן פּראָצענטניק, וועלכער לייט געלט אויף הויכע פּראָצענטן. און טאָמער איז דאָס פאַר מיר אַליין שווער דורכצופירן, זאָל איך בעטן מיניקעסן, אפשר ווייסט ער פון אַזעלכע לייט אויף דער איסט־סאַיד — וואָרעם דאָס איז דער איינציקער וועג אין אַמעריקע, אויף וועלכן מיר קאָנען געהאָלפן ווערן...

## כג
# י. ל. פרצעס טויט

יענעם פרילינג, אַרום פסח־צייט, איז געשטאָרבן י. ל. פרץ. די אומ־געריכטע ידיעה וועגן זיין טויט, וואָס האָט זיך דורכגעריסן קיין אַמע־ריקע דורך די פאַרטויבנדיקע דונערן פון דער מלחמה, ווי אַ בליץ, און אויפגערודערט די יידישע שרייבער־משפחה צוזאַמען מיט דער יידי־שער אינטעליגענץ, האָט געטראָפן שלום־עליכמען באַזונדער שמערצלעך. די אַלע פריערדיקע ברוגז־געפילן און מוטנע פלעמלעך פון „קנאת־סופרים", וואָס דאָס ענגע לעבן פלעגט פון צייט צו צייט אויפבלאָזן, זענען מיט אַ מאָל פאַרשלונגען געוואָרן אין אויפריכטיקן הברשן טרויער נאָך אַ גרויסער פלאַמענדיקער פערזענלעכקייט, וואָס איז אויסגעלאָשן געוואָרן אין דער יידישער ליטעראַטור. עס זענען דערגאַנגען ידיעות, אַז פרץ איז געשטאָרבן אין טראַגישן גערודער פון אויפגעאָפּערטער טעטיקייט פאַר די יידישע מלחמה־אַנטרונענע אין וואַרשע, אַז זיין הייס האַרץ האָט געפּלאַצט פון יידישע צרות, — האָט דאָס נאָך טיפער באַ־שטראַלט זיין ליכטיק געשטאַלט אין דער טרויער־ראַם פונעם טויט. דערצו האָט שלום־עליכם אויפגענומען פרצעס טויט מיט אַ באַזונדערן אינטימען פאַרגעפיל, ווי אַ סיגנאַל פאַר זיינע אייגענע געציילטע טעג אויף דער ערד. די לעצטע יאָרן האָט מען אַלץ מער און מער גענומען רעדן וועגן דעם קלאַסישן דריילינג, וועגן די דריי עכטע זיילן, אויף וועלכע עס בויט זיך די יונגע יידישע ליטעראַטור — מענדעלע, פרץ און שלום־עליכם. און אָט איז דער מיטלסטער זייל פלוצעם געפאַלן — ווי לאַנג וועלן זיך נאָך האַלטן די איבעריקע צוויי? וויפיל טעג זענען נאָך באַשערט פאַר אים, פאַר דעם ייגנסטן פון זיי, וואָס איז דער סאַמע וואַקלדיקער, דער סאַמע פיזיש־שוואַכער?...

דער לעצטער מאָטיוו האָט גערירט אויך די הערצער פון דער ניו־יאָרקער יידישער שרייבער־משפחה, און מענטשן פון דער פּראָפעסיע,

קיבעצאַרניע־זיצער, וואָס האָבן ביז איצט זיך באַצויגן צו שלום־עליכמען קאַלט, אָדער אַיינגעהאַלטן, מיט דער אַרונטערגעדריקטער טעמפּעראַטור פון קלענערע „גדולים" צו גרעסערע פון זיי, זענען געקומען צו אים אין שטוב אַריין מנחם־אָבל זיין, וועלנדיק דערמיט באַטאָנען, אַז איצט איז ער געוואָרן באַזונדער טייער און ציטעריק. מע האָט זיך צוזאַמען באַראָטן, אויף וואָסער אופן די ניו־יאָרקער יידישע שרייבער זאָלן באַערן פרצעס אָנדענק, און שלום־עליכם האָט פאָרגעלייגט צו גרינדן אויף פרצעס נאָמען אַ ליטעראַרישן פאָנד פאַר די נויטן פון דער יידישער ליטעראַטור און יידישע שרייבער, אויפן שטייגער פון דעם רוסישן שריפט־שטעלער־פאָנד אין פעטערבורג. ער האָט שוין אַפילו געהאַט דעם ערשטן מעצענאַט פאַר דעם — דעם באַקאַנטן ניו־יאָרקער גביר און משכיל יצחק גאָלדבערג, וואָס איז געווען שלום־עליכמס נאָענטער שכן אין האַרלעם און אַן אָפטער אַריינגייער ביי אים אין שטוב. דערווייל האָט מען זיך מיט אים געדונגען וועגן דער סומע, וואָס ער דאַרף אַוועקלייגן אַלס פונדאַמענט פון דעם דאָזיקן פאָנד. צו דעם צוועק האָט מען פאַר־רופן אַ פייערלעכע פאַרזאַמלונג פון שרייבער אינעם „פאָרווערטס"־האָל. נאָר דאָ האָט זיך די שרייבער־משפחה אַרויסבאַוויזן מיט איר גאַנצער אומבאַהאָלפנקייט אין קאָנסטרוקטיוון אויפטו. אַנשטאָט זוכן אַ וועג, ווי אַזוי צו פאַרווירקלעכן איין פּלאַן, האָבן פון פאַרשיידענע זייטן אָנגעהויבן פליען אַנדערע, „בעסערע" פּלענער — ביז צו שטעלן פרצן אַ דענקמאָל אויף ראָטגערס סקווער (דער נאָקעטער, פאַרטריקנטער סקווער אַקעגן די רעדאַקציעס פון די יידישע צייטונגען). עס האָט זיך אויפגע־הויבן אַ שטורעם פון דעבאַטן, דער טומל איז געוואָרן גרויס, די געפילן האָבן זיך צעוואַרעמט, און עס האָבן אויך ניט געפעלט קיין שאַרפע, בייסנדיקע באַמערקונגען פון איין דעבאַטאַנט אויפן חשבון פונעם אַנדערן. שלום־עליכם, אַ בלייכער, אַ פאַרווירטער, איז קוים אַיינגעזעסן. ער האָט מיר שטיל אַ זאָג געטאָן: „לאָמיר אַוועק פון דאַנען איידער עס וועט ווערן אַ סקאַנדאַל"... ביי זיך אין שטוב האָט ער נאָכדעם דערפון גערעדט מיט ביטערער איראָניע: „ניין, איך מוז וואָס גיכער אַוועקפאָרן פון אַמעריטשקע, שטאַרבן ערגעץ אַנדערש"...

אַן אָפּקלאַנג פון יענער שרייבערשער אסיפה האָט שלום־עליכם יענעם זומער געגעבן אין זיין סעריע „כתרילעווקער פּראָגרעס", אין דעם קאַפּיטל „אַ מעשה מיט אַ לויה", וווּ עס ווערט דערציילט אין שאַרפן סאַטירישן טאָן, ווי אַזוי די כתרילעווקער שרייבער האָבן מספּיד געווען זייער פאַרשטאָרבענעם חבר, אברהם יצחק וויינגאָרטן, המכונה אביון. און שפּעטער מיט אַ האַלב יאָר האָט ער דערויף דייטלעך רעאַגירט אין זיין צוואה: „קיין שום דעבאַטן און דיסקוסיאָנען פון מיינע קאָלעגן וועגן פאַראייביקן מיין נאָמען, וועגן אויפשטעלן מיר אַ מאָנומענט אין ניו־יאָרק א. ד. ג. זאָל ניט זיין. איכ'ל ניט קאָנען איינליגן רואיק אין קבר, אַז מיינע חברים וועלן זיך נאַריש מאַכן..."

נאָך פּרצעס טויט האָט שלום־עליכם פאַרעפנטלעכט וועגן אים אינעם „טאָג" אַ קאַפּיטל זכרונות: „אַ וואָך מיט י. ל. פּרץ", וווּ ער האָט ניט דערמאָנט מיט קיין איין וואָרט זייערע ברוגזע יאָרן, נאָר דערציילט פון פּרצעס גרויסקייט אַלס שריפטשטעלער און חבר, דערהויפּט ווי אַזוי ער האָט זיך אַרויסבאַוויזן צו אים מיט אַ יאָר צוריק, אויף זייער לעצטער באַגעגעניש אין וואַרשע. צו שלושים, אויפן טרויער־אָוונט, וואָס די ניו־יאָרקער שריפטשטעלער האָבן געגעבן אין קאַרנעגי־האָל, האָט שלום־עליכם געעפנט די פאַרזאַמלונג אין קורצע ווערטער, געזאָגט מיט אַ געבראָכענער קראַנקער שטים, אַז ער קלייבט זיך אויך אַהין, וווּהין פּרץ איז אַוועק, און איבערגעגעבן דעם פאָרזיץ צו ד"ר חיים זשיטלאָווסקי. ער האָט אויך פאָרגעלייענט פּרצעס „באָנציע שוויג".

אין משך פון לעצטן יאָר, זינט די מלחמה איז אויסגעבראָכן, האָט שלום־עליכם אינגאַנצן זיך אָפּגעריסן פון זיינע ליטעראַרישע פריינד אין אויסלאַנד, זיי קיינעם קיין בריוו ניט געשריבן. די פּאָסט פון אַמעריקע קיין אייראָפּע פלעגט דעמאָלט דורכמאַכן אַ לאַנגן עטאַפּ דורך ענגלאַנד, וווּ זי איז צענזורירט געוואָרן און אָפט פאַרלאָרן געגאַנגען, דערצו האָבן בריוו קיין רוסלאַנד ניט געטאָרט געשריבן ווערן אין יידיש — האָט זיך די האַנט ניט געהויבן, ביי אַזעלכע באַדינגונגען, צו פירן אַ ליטעראַרישע קאָרעספּאָנדענץ. איצט, אַז פּרץ איז געשטאָרבן, האָט זיך שלום־עליכם דערמאָנט אָן דעם אַלטן זיידן מענדעלע, און עס האָט

זיך אים פאַרגלוסט אָנשרייבן אים כאָטש עטלעכע ווערטער. ער האָט אים געשריבן אַ קורצן רוסישן בריוו — שוין דעם לעצטן. צוויי בריוו האָט שלום־עליכם פאַר זיין לעבן געשריבן צו מענדעלען אויף רוסיש: דעם סאַמע ערשטן, מיט דרייסיק יאָר צוריק, בשעת ער האָט זיך פאַר אים פאָרגעשטעלט און זיך אָנגעבעטן אַלס זיינער אַ נאָכפאָלגער, און דעם סאַמע לעצטן, אין וועלכן ער האָט זיך מיט אים אָפּגעזעגנט „אויף דער וועלט". ווען שלום־עליכם אַליין וואָלט דאָס געקאָנט נעמען אויפן זינען, וואָלט ער אין דעם, אויף זיין שטייגער, געוויס געזען אַ באַזונ־דערע „באַשערטקייט", אַ פאַטאַליסטישן חידוש. דער לעצטער בריוו צו מענדעלען, אין יידישער איבערזעצונג, לייענט זיך אַזוי:

טייערער זיידע!

וויפיל מאָל האָב איך מיך געקליבן אַייך צו שרייבן! נאָר עס האָט זיך אָנגעזאַמלט אַזויפיל אויף דער נשמה, אַז ס'איז שוין אפשר בעסער גאָרניט צו שרייבן. פון דעסטוועגן, ווי אַזוי זשע טוט מען? עס גלוסט זיך פאָרט דורכשמועסן זיך מיט אַ לייבלעכן און נאָענטן מענטשן. לעבט איר? זענט איר געזונט? דאָס איז דאָך דער עיקר פון אַלע עיקרים. ווייטער איז אַלץ נאַרישקייטן, מען איז שוין גע־וווינט געוואָרן. וועגן זיך וועל איך ניט מאריך זיין. צופיל וואָלט מען באַדאַרפט שרייבן. סיידן אין צוויי דריי ווערטער. אָט האָט איר עס. עס האָבן מיך געפּאַקט די פיינדלעכע דייטשן. צוגענומען דאָס געזונט, דאָס געלט און דאָס גלייכגעוויכט פונעם געמיט. לאַנג געשלעפּט זיך איבער די נייטראַלע לענדער. געקרענקט פיזיש און זעליש. שיר אינגאַנצן ניט אַוועקגעשטאָרבן. זיך געווענדט צו פריינד, געבעטן הילף; קיינער, ווי דער שטייגער איז, האָט זיך ניט אָפּגערופן. קוים מיט נסים אַריינ־געפאַלן מיט דער פאַמיליע אָן אַ גראָשן געלט קיין אַמעריקע. דאָ האָט מען מיך אויפגענומען קייזערלעך. זיך איינגעאָרדנט ביי אַ צייטונג מיט אַ געהאַלט פון צען טויזנט [געמיינט: רובל. — י. ד. ב.]. איך שרייב מער, ווי ווען עס איז. און מיט ליבשאַפט צו דעם, וואָס איך שרייב. בין מונטער און פּראָדוקטיוו, ווי קיינמאָל ניט. נאָר איין צרה: דאָס ווייב איז

קראַנק, די קינדער קרענקען־אונטער אָפּטלעך, און אַליין איז מען אויך ניט קיין גרויסער גיבור. בערקאָוויטש איז מיט אונדז, אַרבעט אויך, שרייבט אין זשורנאַלן. נומאַ, דער מיזיניק, איז אַזאַ מזיק אויף ענגליש רעדן, אַז מע קאָן מיינען — אַן אַמעריקאַנער! ער האָט אַ טאַלאַנט צום מאָלן. און שטעלט אַייך פאָר — ער מאָלט קאַריקאַטורן. די אַכט־יאָריקע תמרה, טיסיס טאָכטער, וואַקסט אַ פּראָפעסאָר. קיפּלינגן האָט זי שוין דורכגעלייענט, איצט נעמט זי זיך צו שעקספּירן. אָט דאָס איז גאָר. גיט איבער מיין גרוס ביאַליקן, ראַווניצקין און די אַנדערע פריינד. אויף ווידערזען. צי וועלן מיר זיך נאָך זען מיט אַייך אויף **דער** וועלט? שרייבט, זיידע!

אייער

שלום־עליכם.

אויפן צווייטן האַלבן זומער, נאָך דעם קליינעם און אומגעלונגענעם פאָרלעזונג־טור, איז שלום־עליכם אַריבערגעפאָרן פון די קעטסקיל־בערג צום ים, קיין בעלמאַר, ניו דזשערסי. ער האָט דאָרטן פאַרבראַכט עטלעכע שווערע חדשים אין מאַטעריעלער דחקות, אין ענגשאַפט און אין טיפער ערגערניש פאַר די קינדער, מישאַ און עמאַ, וועלכע האָבן זיך נאָך אַלץ געפונען אין דענעמאַרק. ער האָט דעמאָלט געשריבן צו זיין טאָכטער ליאַלי קיין רוסלאַנד אין קורצן געדריקטן טאָן, גאָרניט ווי זיין טבע איז געווען: „וויניק פריילעכעס. — — —. מיר קומען דאָ אָפּ אין לעכער, וואָס טראָגן דעם נאָמען ווילע („באָנגאָלאָ”). — — —. מיר וואַרטן, אַז די מלחמה זאָל זיך ענדיקן, וועלן מיר אינגאַנצן אַוועקפאָרן אַהיים...”

זייטיקע מענטשן האָבן פון זיין געדריקטער לאַגע ווינציק־וואָס געוווּסט. עס איז געשטאַנען אַ הייסער קלאָרער זומער, מיט אַ פרישן, שטאַרקן, באַרוישנדיקן ים, מיט אַ לויטערן זוניקן זאַמד־ברעג, וואָס ציט זיך ווייט אַוועק אין אַן אומענדלעכן יום־טוב. אויף דעם דאָזיקן ליכטיקן פאָן האָט שלום־עליכם, אין זיין חנעוודיקן ווייסן אָנטאָן, מיטן טונקעלן לייכטן סוועטער פון אויבן, אויסגעזען ווי אַ ליבע, מילדע,

באַרוטע קינסטלער־געשטאַלט, וואָס טראָגט מיט זיך פאַר די גוט־געַ־שטימטע זומערניקעס אַ סך פרייד און מונטערקייט. באַקאַנטע פלעגן אים אַרומרינגלען, שפּאַצירן מיט אים ביים ברעג ים, אָנקוועלן פון זיינער אַ וויציקער באַמערקונג, פון אַ פּעפּערדיקן קלוגן וואָרט. ער האָט זיך אָפּט באַגעגנט מיט שלום אַש און פּינחס רוטענבערג, וואָס האָבן געווינט נאָענט ביים וואַסער, אויפן סאַמע זאַמד. עס פלעגן צו אים אויך קומען פון שטאָט אויף באַזוך אייניקע פון דער גרופּע „יונגע", דערהויפּט אָפּאַטאָשו און מאַני לייב, וועלכע האָבן ביי אים באַזונדער נושא־חן געווען. דאָס אַלץ האָט פאַרמילדערט דעם שווערן, טיף־נאַגנדיקן אומעט, וועלכער איז סיידוי געווען פאַרבאָרגן פון פרעמדע אויגן. ווי באַלד אָבער ער איז געבליבן מיט זיך אַליין, אַזוי איז דער אומעט אויסגעוואַקסן נאָך שווערער און טיפער.

דאָס איז געווען דער אומעט פון הילפלאָזיקייט, פון אויסגעשעפּטע כוחות נאָך אַ שטורעמדיקן לעבן פון מוטיקן, ענערגישן קאַמף, פון גרויסע ראַנגלענישן פאַר דער עקזיסטענץ. דאָ אין אַמעריקע, אין דער רייכער און טומלדיקער וועלט, האָט ער דערפילט, אַז די כוחות הייבן אים אָן צו פאַרלאָזן. ער האָט זיך נאָך געפּרוּווט ראַנגלען, ער האָט דאָס שוין אָבער געטאָן אָן דעם פריערדיקן גלויבן, אָן יענער אייביק־יונגער האַסטיקייט, וועלכע איז קיינמאָל ניט נתפּעל געוואָרן פון דורכגעלעבטע שטרויכלונגען. ער האָט זיך נאָך געפּרוּווט טרייסטן מיט חלומות וועגן פילמירן זיינע ווערק, וועגן „אַריינרעדן" זיינע מאָנאָלאָגן אין גראַמאָ־פאָנישע פּלאַטן. ער האָט געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט דער פילם־געזעלשאַפט „ווהיטאָגראַף", און איז איינמאָל אין אַ ברענענדיקן זומער־טאָג, אין קראַנקן, פאַרשמאַכטן צושטאַנד, געפאָרן אין שטאָט צו דער „וויקטאָר"־געזעלשאַפט מאַכן אַ פּראָבע אויפן גראַמאָפאָן. ס'איז אָבער געווען צו זען, אַז ער אַליין גלייבט שוין ניט, אַז פון דעם וועט עפּעס אַרויסקומען. (נאָך זיין טויט איז פון אַלע יענע פּלענער פאַרבליבן נאָר די פּראָבע אויפן גראַמאָפאָן — אַ פּלאַטע, אין וועלכער ס'איז אויפגעהיט געוואָרן זיין שטים, אין קלאָרער, דייטלעכער דיקציע, דורך צוויי אַריינ־גערעדטע פראַגמענטן פון זיינע ווערק: „ווען איך בין רויטשילד" און

אַן אָנהייב פון אַן אומבאַקאַנטער זאַך אונטערן טיטל „אַ פריילעכע חתונה״, וואָס ער האָט, אַפּנים, געהאַט בדעה אָנצושרייבן).

ער האָט יענעם זומער, ווי אַלע מאָל אין צייטן פון דרינגלעכער נויט. אויך געשריבן אַ נייע פּיעסע, הגם אויך פון דער דאָזיקער זייט איז קיין באַזונדערע האָפענונג פאַר אים ניט געווען. דאָס יידישע טעאַטער אין ניו־יאָרק איז דעמאָלט געשטאַנען מיט אַ סך טרעפּ נידע־ריקער, ווי אין די פריערדיקע יאָרן. אַדלער איז שוין געווען אַלט און האָט מער קיין גרויסע אַקטיאָרישע אַמביציעס ניט געהאַט, קעסלער האָט געשפּילט אָפּערעטעס, און טאָמאַשעווסקי, וועלכער איז געקומען אויף שלום־עליכמס אײַנלאַדונג אויסצוהערן זיין „שווער צו זיין אַ ייד״, האָט גלייך נאָכן צווייטן אַקט דערקלערט, אַז ס'איז אַ פּיעסע ניט פאַרן יידישן טעאַטער־עולם.

פון דעסטוועגן האָט ער אין בעלמאַר אָנגעשריבן אַ נייע קאָמעדיע, „דאָס גרויסע געווינס״ — זיין לעצטע דראַמאַטישע שאַפונג. אַרומרעדנדיק מיט מיר דעם סוזשעט פון דער קאָמעדיע, וועלכער איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס שימעלע סאָראָקער, אַן אָרעמער שניידער, ווערט פּלוצעם רייך דורך אַ גרויסן לאָטעריי־געווינס, און פאַרלירט אָבער באַלד זיין געוווּנענעם פאַרמעגן דורך אַ שווינדל פון צוויי זשוליקעס, — האָט שלום־עליכם דערקלערט, אַז ער האָט דאָ די כוונה אַרויסצושטעלן, אונטער אַ היימישן, כתרילעווקער שלייער, דעם טיפּ פונעם יידישן „אָלראַיטניק״ אין אַמעריקע, דעם רייך־געוואָרענעם שניידער מיט זיינע פאַרגרעבטע קאָמישע געננג. אַז ער האָט זיך אָבער פאַרטיפט אין דער אַרבעט, האָט זיך שימעלע סאָראָקער ביי אים אַרויסגעוויקלט אין אַ גאַנץ אַנדער געשטאַלט — ווי אַ סימפּאַטישער, פיינער פאָלקס־טיפּ, וואָס איז אָנגע־קוואָלן מיט אומבאַרירטער האַרציקער גוטסקייט. איך האָב די פּיעסע אָנגעהויבן איבערשרייבן אויף ריין, בשעת זי איז נאָך געווען ביי שלום־עליכמען אין מיטן דער אַרבעט. שימעלע האָט מיך גלייך געפאַנגען, און ס'איז מיר נאָר געווען פאַרדראָסיק, וואָס די לויטערקייט פון זיין כאַראַקטער ווערט ערטערווייז געפלעקט מיט ווולגאַריזמען, וואָס האָבן זיך באמת מער געפּאַסט צו דעם פאַרגרעבטן טיפּ פון אַן אַמעריקאַנער

„אַלראַיטניק”. ס'איז מיר אויך ניט געווען געפעלן אין דער פּיעסע דער עלעמענט פון שווינדל, וואָס האָט באַזירט די האַנדלונג אויף אַ צופעליקייט, אַנשטאָט צו געבן איר אַן אינוויינעניקסטן דראַמאַטישן גאַנג. איך האָב מיט שלום־עליכמען וועגן דעם געהאַט וויכוחים און אים אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז ער וואָלט בעסער די האַנדלונג באַדאַרפט בויען אויפן זעלבן באַזיס פון זיין דערציילונג „פינף און זיבעציק טויזנט”, דאָס הייסט, אַז שימעלע זאָל דאָס גרויסע געווינס באַקומען דורך אַ טעות אינעם לאָטעריי־צעטל, און ווען דער טעות ווערט אויפגעדעקט, ווערט דער נייער גביר צוריק אַן אָרעמאַן. שלום־עליכם, שרייבנדיק די פּיעסע אין קראַנקן, ניט פריילעכן צושטאַנד, איז פון מיינע באַמערקונגען געוואָרן נערוועז, געזאָגט, אַז איך שטער אים אין דער אַרבעט. און כאָטש ער האָט מיר אין אייניקע פּונקטן נאָכגעגעבן, איז ער אויף מיר דאָך געווען אָנגעשטויסן, אַזוי אַז ער האָט מיר אַפילו ניט מיטגעטיילט, וואָס ער האָט בדעה צו טאָן מיט דער פאַרענדיקטער קאָמעדיע. איך האָב זיך נאָכדעם דערוווסט, אַז ער האָט זי פאַרגעלייענט פאַר דוד קעסלער, דערביי האָט ער איינגעלאַדן פאַר אַ צוהערער יהואָשן, מיט וועמען ער האָט זיך יענע טעג שטאַרק באַפריינדט. יהואָש האָט מיר דערציילט, אַז די פאָרלעזונג איז פאַר שלום־עליכמען געווען אַ העכסט פיינלעכע: קעסלער האָט בשעת מעשה פּשוט געדרעמלט...

שפּעטער האָט מיר שלום־עליכם אַליין עטלעכע מאָל דערמאָנט, אַז אויב איך וויל „דאָס גרויסע געווינס” באַאַרבעטן לויט דער פאַבולע פון „פינף־און־זיבעציק טויזנט”, קאָן איך דאָס פרווון טאָן. ס'איז אָבער ניט געווען קיין טעאַטער, וואָס זאָל אויף דעם זיין אַ בעלן. געטאָן האָב איך עס ערשט מיט יאָרן נאָך שלום־עליכמס טויט, ווען די פּיעסע איז אויפגעפירט געוואָרן אינעם יידישן קונסט־טעאַטער, דורך מאָריס שוואַרץ. נאָכדעם האָט „דאָס גרויסע געווינס” געהאַט אויך אַנדערע טעאַטראַלישע גלגולים — ביז דער עקסטרעם־גראָטעסקער טראַנספאָרמאַציע פון גראַנאָווסקין אין גייסט פון דעם באָלשעוויסטישן רוסלאַנד.

## כד
# די צוואה

סוף זומער, 1915, אַז שלום־עליכם איז צוריקגעקומען פון בעלמאַר קיין ניו־יאָרק, האָט זיין פאַמיליע געטראָפן אַ גרויס אומגליק, וואָס האָט אים צעבראָכן דאָס האַרץ און דערנעענטערט זיין סוף: זיין עלטערער זון מישאַ איז פּלוצעם געשטאָרבן.

דאָס לעצטע יאָר פון מישאַס לעבן איז פאַר שלום־עליכמען מיט זיין פרוי געווען אַ קייט פון אויפרודערונגען און טיפע זעלישע יסורים. שוין דאָס אַליין, וואָס אַוועקפאָרנדיק מיט דער פאַמיליע קיין אַמעריקע, האָבן פאָטער און מוטער געמוזט איבערלאָזן דעם קראַנקן זון אין דער פרעמד, אין אַ דענעמאַרקער סאַנאַטאָריע. און צוזאַמען מיט אים אויך די טאָכטער עמאַ, צו וועמען שלום־עליכם איז באַזונדער געווען צוגע־בונדן, — האָט זיי קיין באַרוטע מינוט ניט געגעבן. ס'איז אָבער געווען ווינטער, און מע האָט ביי זיך ניט געקאָנט פועלן מיטצונעמען קיין אַמעריקע, אין דעם שווערן אומבאַוואָרנטן לעבן, אַ טובערקולאָז־קראַנקן יונגן מענטשן, פאַר וועמען מע האָט ביז אַהער ניט געשפּאָרט קיין מיטלען און פאַרשאַפט אים די בעסטע קוראַציע און אַלע דער־גרייכבאַרע באַקוועמלעכקייטן. מע האָט אַלץ געהאָפט אויפן זומער, אויף די וואַרעמע טעג, ווען די זאַך וועט זיין לייכטער דורכצופירן. שלום־עליכם באַזונדער האָט זיך געטרייסט מיט אַ חלום, אַז אויב אים וועט געלינגען צו פאַרווירקלעכן זיינע פּלענער וועגן פילם און גראַמאָפאָן, וועט ער מיט מישאַן אַוועקפאָרן קיין קאַליפאָרניע, אין לאָס־אַנדזשעלעס. נאָר אָט איז ביסלעכווייז אַוועק אויך דער זומער, און די קינדער זענען נאָך אַלץ פאַרבליבן אויף יענער זייט ים. מניעות זענען געווען פאַר־שיידענע, נאָר די שאַרפסטע פון זיי און די סאַמע פילבאַרע פאַר שלום־עליכמען איז געווען די מאַטעריעלע מניעה — עס האָבן אויסגעפעלט

די נייטיקע מיטלען דערצו. שלום־עליכמס עלנט אין ניו־יאָרק איז געווען אַזוי גרויס, אַז ער האָט אַפילו ניט געהאַט צו וועמען צו ווענדן זיך נאָך אַ גמילות־חסד אין אַ נויטפאַל. די עטלעכע רייכע פריינד און פאַרערער, וואָס פלעגן צו אים אָפט אַריינקומען און שטוב זיך קוויקן מיט זיין געזעלשאַפט, זענען ביי אים געווען פאַררעכנט ניט מער ווי אָנגעלייגטע באַזוכער, מיט וועמען ס׳איז גוט צו צעשטרויען זיך אינאָוונט ביי אַ גלעזל טיי, אָדער ביי שפילן אַ „זעקס־און־זעכציק״ — ווייטער דערפון איז דאָס ניט געגאַנגען. אין זיין סקעפּטישער באַציאונג צום אַמעריקאַנער יידנטום האָט ער ניט געגלייבט, אַז דער אויפגעקו־מענער יידישער גביר אין אַמעריקע איז פעאיק צו זיין ברייטהאַרציק, און ער האָט ניט געוואָלט זיך „מיאוס מאַכן״ פאַר אים, בייגן פאַר אים זיין שטאָלץ. ער האָט אַפילו פאַר זיין אייגענעם ברודער, וואָס איז דעמאָלט געווען אַן ערפאָלגרייכער פאַבריקאַנט אין נואַרק, ניט אַנט־פּלעקט זיין שווערע לאַגע: אין דער משפחה האָט שלום־עליכם ליב געהאַט צו געבן, ניט צו נעמען. פון דער צייטונג, אין וועלכער ער האָט מיטגעאַרבעט, האָט ער געוויס ניט געקאָנט דערוואַרטן אַ באַזונדערע טובה אין אַ ביטערן מאָמענט — דאָרט איז ער שוין לאַנג געווען „אומפּאָפּולער״.

די ישועה איז געקומען פון אַ גאַנץ באַשיידענעם ווינקל. איך האָב וועגן דעם צופעליק געהאַט אַ שמועס מיט איינעם אַ פריינד פון דעם שרייבערשן קרייז, און יענער, הגם אַליין ניט קיין גביר, איז אַזוי צע־קאָכט געוואָרן דערפון, וואָס שלום־עליכם דאַרף ביטער אָפּקומען אין אַמעריקע, אַז ער האָט זיך אָנגעשלאָגן אויסצולייען אים די נייטיקע סומע. שלום־עליכם האָט דעם שטילן בעל־טובה דעם גמילות־חסד באַ־וואָרנט מיט וועכנטלעכע אויסצאָלונגען פון זיין געהאַלט אינעם „טאָג״, וואָס איז שוין אַזוי אויך געווען פאַרקלענערט דורך אַ פריערדיקן אַוואַנס. די ישועה האָט אָבער פאַרשפּעטיקט. פאַר דער דאָזיקער צייט האָט מיט די קינדער דאָרט, אין דענעמאַרק, פּאַסירט עפּעס אומפאַר־שטענדלעכעס. זיי האָבן געזאָלט אַרויספאָרן פון קאָפּענהאַגען, ווי ס׳איז געווען אָפּגערעדט דורך בריוו, מיט דער סקאַנדינאַווישער שיף „פרע־

דעריק דער אַכטער", און זיי האָבן וועגן זייער אָפּפאָר באַדאַרפט געבן צו וויסן דורך אַ קייבל, נאָר אַנשטאָט דעם איז פון זיי בכלל קיין ידיעות ניט געקומען. דאָס איז געוועזן אַ צייכן ניט צום גוטן, און די אומרו־איקייט אין שטוב איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. שלום־עליכם האָט דאָך, אויף זיין שטייגער, זיך געקלאַמערט ביים ביטחון און איז געפאָרן אין דער באַגלייטונג פון ב. צ. גאָלדבערג (זיין צוקינפטיקער איידעם) קיין האָבאָקען באַגעגענען די שיף, נאָר די קינדער האָט ער דאָרט ניט געטראָפן. איינער אַ באַקאַנטער שריפטשטעלער פון דער קאָפּענהאַגענער גרופּע, וואָס איז געקומען מיט דער שיף, האָט אים עפּעס געזאָגט וועגן זיי עטלעכע אומקלאָרע, אויסמיידנדיקע ווערטער, אַזוי אַז די צע־רודערטקייט איז ביי אים דערפון נאָך מער געשטיגן. געקומען אַהיים אַ דערשלאָגענער, פול מיט טריבע פאַרגעפילן, האָט ער אָפּגעוואַרט אַ פּאָר טעג, אַרויסגעקוקט, טאָמער וועט דאָך קומען אַ גוטע בשורה, און לסוף אָנגעשריבן דעם זון אַ בריוו, וועלכן ער האָט אָבער ניט אַרויס־געשיקט — אַזוי אומרואיק איז אים געווען אויף דער נשמה. דער בריוו, געשריבן אין רוסיש, לייענט זיך אין יידישער איבערזעצונג אַזוי:

ניו־יאָרק, 15טן סעפּטעמבער, 1915.

טייערע מיינע, עמאַ און מישאַ!

לכתחילה האָב איך געהאַט אין זינען צו באַשרייבן אַלצדינג, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט פאַר די דאַזיקע צוויי וואָכן, דאָס הייסט, פון דעם מאָמענט, וואָס מיר האָבן אָנגעהויבן צו וואַרטן אויף אייער קומען, ביז דער גרויסער אַנטוישונג, דאָס הייסט, ביז דעם מאָמענט, וואָס איך בין אַרויס (דעם 13טן) צו באַגעגענען „פרעדעריק דעם אַכטן" און האָב דאָרט באַגעגנט אַנשטאָט אייך — דעם הער [...] !... אָבער דערנאָך האָב איך מיך איבערגעלייגט, מחמת מיין פען האָט זיך אַרויסבאַוויזן צו זיין שוואַך. לאָמיר בעסער שמועסן וועגן דעם, וואָס עס וועט זיין, איידער וועגן דעם, וואָס ס'איז געווען. איך קאָן ניט נאָכגעבן דעם געדאַנק, אַז מיר וועלן ניט פאַרווירקלעכן מיין אָנגעצייכנטן פּלאַן צו פאַרברענגען מיט דיר, מישאַ, דעם ווינטער צוזאַמען אין קאַליפאָרניע. מיר שמייכלט

זייער די דאָזיקע פּערספּעקטיווו. מיר האָבן באַשלאָסן, אַז באַלד נאָך יום־כּיפּור זאָל די מאַמע אַרויספאָרן צו אַייך קיין קאָפּענהאַגען און פון דאָרטן וועט זי מיט דיר קומען צו פאָרן סוף אָקטאָבער אַהער. זומער וואָלט איך אַליין געקאָנט פאָרן קיין קאָפּענהאַגען, וואָרעם פאַר מיר איז דאָס אַ שפּאַציר־רייזע, נאָר איצט הייבט זיך גראָד אָן מיין אַרבעט (דאָס טעאַטער, די רעדאַקציע, רעקאָרדס און לעקטשורס). דאָ אין אַמעריקע איז דאָס קלימאַט אַ סך בעסער ווי אין סקאַנדינאַוויע. דערצו זענען דאָ פאַראַן וואַרעמע, ווי אויך קאַלטע קלימאַטישע סטאַנציעס. אַ שאָד, וואָס דו ביסט זומער ניט געקומען מיט דער ערשטער שיף. נאָר אויב די מאַמע וועט ניט קאָנען פאָרן, וועל איך אַייך פון דעסטוועגן אַרויסשיקן צוויי שיפס־קאַרטעס ערשטער קלאַס דעם 22טן סעפּטעמבער, וועט איר קאָנען דעם 12טן אָקטאָבער (מיט „פרעדעריק דעם אַכטן”) אַרויספאָרן אַהער. אויך געלט אויף הוצאות וועט איר באַקומען. ס'איז שווער, און אוממעגלעך אַפילו, צו שיקן געלט טעלעגראַפיש. נאָר איך וועל פּרווון טעלעגראַפיש. הייסט עס — אין אַ חודש אָדער אין פינף וואָכן אַרום, האָף איך, וועלן מיר זיך זען. ס'איז שוין צייט. דאָס האַרץ איז אונדז שוין אַזוי אויך צעריסן אויף שטיקער. שוין באַלד אַ יאָר, אַז איך האָב דיך ניט געזען, מישאַ, און איך וואָלט זייער געוואָלט דיך זען! און אויך דיך, עמאַ! שוין גענוג האָבן מיר זיך אָנגעליטן. מיר האָבן אָנגעקוקט וווינונגען און יעדן מאָל געפּלאָנט: אָט דאָס איז מישאָס צימער, און דאָס איז פאַר עמאַן מיט מאַרוסין. אַפילו אַ שרייבטיש (אַ קליינעם דעסק) פאַר מישאַן. שוין פאָרגעשטעלט זיך אויף די באַ־געגעניש. אַפילו תּמרה — אויך זי פרעגט אַלץ: ווען זשע וועט מישאַ צו אונדז קומען? און דער עיקר — קאַליפאָרניע, לאָס־אַנדזשעלעס א. א. וו. ביין, מיט דער ערשטער שיף נעמט און קומט צו פאָרן! איך נעם אַייך אַרום אין די געדאַנקען און קוש אַייךביידן.

פּאַפּאַ.

דאָס איז אויסגעפאַלן אַרום יום־כּיפּור, און פאַר שלום־עליכמען, וואָס פלעגט אויפנעמען די יידישע ימים טובים אין עכטער טראַדיציאָנעלער שטימונג, מיטן אָפּגעהיטן געשמאַק און ריח פון די ווייטע קינדער־

יאָרן, זענען דאָס געווען באַזונדער פּאַרכטיקע טעג, טעג פון געבראָ־כענעם געמיט. איך געדענק זיין קראַנק בלייך פּנים מיטן ווייטאָגדיקן בליק אין די אויגן אונטערן יום־טובדיקן צילינדער, בשעת ער האָט זיך געגרייט גיין אין דער נאָענטער האַרלעמער שול „אוהב צדק״ הערן יאָסעלע ראָזענבלאַטס כל־נדרי (ער האָט זיך געהאַט שטאַרק צוגעבונדן צום באַרימטן זיסן חזן, וואָס איז דעמאָלט געווען אין זיין יונגן בליאונגס־פּעריאָד, און פלעגט פון אים רעדן אין הויכער באַגייסטערונג, אַז פּונקט אַזאַ יאָסעלע האָט ער זיך פאָרגעשטעלט אין זיין ראָמאַן „יאָסעלע סאָלאָווייי״). פאַר מיר איז זיין טרויעריק אויסזען געווען באַזונדער פיינלעך, ווייל איך האָב שוין געהאַט אַ חשד, אַז אים דערוואַרט אַ גרויסער בראָך. איך האָב זיך געטראָפן מיטן אָנגעקומענעם קאָלעגע פון קאָפּענ־האַגען, און יענער האָט מיר געזאָגט, אַז איך דאַרף צוגרייטן שלום־עליכמען און זיין פרוי צו אַ קאַטאַסטראָפע, וואָס קאָן פּאַסירן יעדן טאָג. איך האָב אַרויסגערופן שלום־עליכמס ברודער פון נואַרק, און ביידע האָבן מיר דעם טאָג פון יום־כיפור פאַרבראַכט אויף דער נאָענטער טע־לעגראַפישער סטאַנציע, געוואַרט אויף אַ ידיעה פון קאָפּענהאַגען, וועלכע האָט ניט געטאָרט אַריינפאַלן צו שלום־עליכמען אין הויז. די ידיעה איז אָנגעקומען אויף מאָרגן נאָך יום־כיפור און איז אַריינגעפאַלן גראָד צו שלום־עליכמען אין האַנט אַריין. ער איז פון דעם קלאַפּ צעטרייסלט געוואָרן, באַקומען מיט אַ מאָל דאָס אויסזען פון אַ געבראָכענעם אַלטן מאַן. עס זענען פאַרבליבן אין זכרון זיינע ציטערדיקע, וויינענדיקע ווערטער, מיט וועלכע ער האָט געפּרוווט אַיינשטילן דאָס געוויין פון דער אומגליקלעכער מוטער: „וואָס קאָן מען טאָן, וואָס קאָן מען טאָן? ער וועט צו אונדז ניט צוריקקומען, מיר וועלן שוין גיין צו אים״... עס האָט געהאַט אַ ביבלישן קלאַנג — אַזוי, מיט דעם זעלבן נוסח, האָט דוד המלך באַוויינט דעם טויט פון זיין זון...

יענעם אָוונט, נאָכדעם ווי דער ערשטער שאַרפער טרויער איז אַיינ־געשטילט געוואָרן און יעדער איינער אין שטוב האָט זיך מרה־שחורהדיק פאַרקליבן אין זיין ווינקל, האָט זיך שלום־עליכם פאַרשפּאַרט ביי זיך אין אַרבעטס־צימער און עטלעכע שעה נאָכאַנאַנד זיך ניט באַוויזן. באַ־

אומרואיקט דערפון, וואָס מע זעט אים ניט אַזוי לאַנג, האָב איך שטיל געעפנט זיין טיר און אים געטראָפן, ווי ער שטייט אָנגעבויגן צו זיין שרייב־שטענדער און שרייבט עפּעס פּאַרטיפט אויף אַ גרויסן בויגן פּאַפּיר. זיין שטיין ביים הויכן שרייבטיש אין אַ געבויגענער, געבראָכענער פּאָזע, אָנגעטאָן אין זיין לאַנגן וויזיט־ראָק, האָט אויף מיר געמאַכט דעם אַיינדרוק פון אַן אָבל ביים עמוד, און איידער איך האָב צייט געהאַט מאַכן אַ באַוועגונג אויף צוריק, האָט ער צו מיר אויסגעדרייט דאָס פּנים, אינגאַנצן נאַס פון טרערן, אַ ווײלע מיך אָנגעקוקט פאַרווירט און שטום אַ ווונק געטאָן מיט דער פען, איך זאָל אים ניט שטערן. איך בין אַרויס פון זיין צימער אַ פאַרגאַפטער פון דער דאָזיקער אומגעוויינלעכער גייסטיקער קראַפט — צו קאָנען באַהערשן די פען אין אַזאַ שווערן מאָמענט פון זעלישער צעטרייסלונג. איך האָב אַ טראַכט געטאָן: אפשר שרייבט ער דאָס אַ בריוו אין דעם ווייטן רוסלאַנד, צו דער טאָכטער ליאַלי, גיסט־אויס פאַר איר זיין ווייטאָג?

ערשט מיט אַ האַלב יאָר שפּעטער, נאָך זיין טויט, אַז מיר האָבן געעפנט זיין צוואה, וועלכע הייבט זיך אָן מיטן פּסוק: „היינטיקן טאָג, מחרת־יום־הכיפּורים, עס האָט זיך נאָר־וואָס אָנגעהויבן אַ נייעס יאָר, און אַ גרויס אומגליק האָט געטראָפן מיין פאַמיליע — געשטאָרבן מיין עלטערער זון מישאַ...״ — ערשט דעמאָלט איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז דאָס האָט ער יענעם אָונט געשריבן די צוואה. ער האָט באַהערשט דעם גרויסן פּיין פון זיין נשמה דורך וווּנדערלעך־געפערלטע אותיות, וואָס פערלען זיך ווי טרערן, דורך געלייטערטע טיף־מענטשלעכע ווערטער, וואָס זענען אויפגענומען געוואָרן פון דעם יידישן עולם, ווי דאָס רירנד־סטע פון זיינע ווערק, וואָס האָבן אָפּגעקלונגען אין טויזנטער הערצער, ווי דער לעצטער פאַטעטישער אַקאָרד פון אַ שיינער, האַרמאָנישער, לעבנס־לוסטיקער, און דאָך ליידנדיקער מענטשלעכער זעל.

צו זיין טאָכטער ליאַלי און צום איידעם מיכאל קויפמאַן, וואָס האָבן זיך דעמאָלט באַזעצט אין אָדעס, האָט ער געשריבן מיט צוויי טעג נאָכדעם. ער האָט פאַר זיי אויסגעגאָסן זיין געפייניקט פאָטערלעך האַרץ (דער בריוו, ווי געוויינלעך, איז געגאַנגען אין רוסיש):

ניו־יאָרק, 21טן סעפּטעמבער, 1915.

טייערע ליאַליטשקע! ליבער מיכאל!

עס ווילט זיך אויסגיסן דאָס אומגליק, וואָס האָט אונדז געטראָפן, אויף פּאַפּיר, אין ווערטער אַרויסזאָגן דעם טרויער, וואָס האָט אונדז אַרומגעכאַפּט. נאָר ווו נעמט מען ווערטער? ווו איז פאַראַן יענע שפּראַך, אויף וועלכער מע קאָן עס טאָן? עס וועט אַלץ אַרויסקומען בלייך, באַנאַל און אַפילו לעכערלעך. מע האָט באַדאַרפט איבערלעבן כאָטש אַ טייל פון יענער דערוואַרטונג, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט. מע באַדאַרף לייענען די בריוו — מישאָס לעצטע בריוו, ווו ער שרייבט אונדז פון זיין בענקשאַפט און פון זיין ליבע צו אונדז. „איך בין ניי־געבוירן — שרייבט ער אין אויגוסט. — איך האָב באַגריפן, אַז איך האָב אַייך ליב און אַז איר האָט מיך ליב, און איך בענטש דעם טאָג, ווען איך וועל אַייך ווידער זען". און צו דער מאַמע שרייבט ער באַזונדער: „איך בין גליקלעך פונעם באַוווסטזיין, אַז איך וועל זיין מיט אַייך, איך וועל אַכטונג געבן אויף דיין קראַנקן פוס". און לאָזט־אויס: „דו האָסט מיר געזאָגט אין סאַנאַטאָריע, בשעת דו האָסט זיך געזעגנט, אויף ווידערזען — הייסט עס, אַז מיר וועלן זיך זען". דעם 22טן אויגוסט שרייבט ער: „ביי דעם וואָרט מאַמע אַליין ווערט שוין פריילעך אויף דער נשמה"... דאָס איז געוועזן זיין לעצט וואָרט. וואָס ווייטער איז פאָרגעקומען — ווייסן מיר נאָך דערווייל ניט, מחמת עמאָטשקאַ איז נאָך אין קאָפּענהאַגען (דעם 30טן פאָרט זי אַרויס און וועט דאָ זיין דעם 12־14טן אָקטאָבער). פון דער טעלעגראַמע האָבן מיר זיך נאָר דערוווּסט, אַז טובערקולאָז אין מאַרך האָט אים דערשלאָגן — און ער איז ניטאָ. ניטאָ מער מישאַן אויף דער וועלט. און מיר זיצן שבעה לויטן דין. און אַ מנין איז ביי אונדז צוויי מאָל אַ טאָג. און איך זאָג קדיש — לויטן דין. אָבער וואָס קומט־פאָר אין אונדזערע פאַרוווּנדעטע הערצער? וואָס טוט זיך אין אונדזערע צעריסענע נשמות? ווי אַזוי זאָל מען עס אַרויסברענגען? ווי אַזוי זאָל מען עס אויסמאָלן? אין מיין צוואה בעט איך מיינע קינדער (די זין), אויב זיי וועלן חשק האָבן, קאָנען זיי זאָגן נאָך מיר קדיש. אויב אָבער זיי וועלן קיין חשק ניט האָבן, זאָלן זיי מיך דערמאָנען

דערמיט, וואָס זיי וועלן זיך צונויפקלייבן אַלע אינאײנעם און איינער פון זיי וועט פאַרלייענען וואָס־עס־איז פון מיינע ווערק, אַפילו דאָס סאַמע פריילעכע, און זאָל מיין נאָמען דערמאָנט ווערן מיט געלעכטער, ניט מיט טרערן, צו מיין יאָרצייט. דאָס איז אַלץ איינס, אַבי דער נאָמען זאָל ניט פאַרגעסן ווערן. איך אָבער רעכן מיך פאַר אַ יידן פון די אַלטע טראַדיציעס און האַלט פון זאָגן קדיש. און איך זאָג קדיש. נאָך וועמען? נאָך מיין עלטערן זון. אין דער צייט, וואָס דאָס האָט ער באַדאַרפט טאָן, ניט איך. דאַרף מען נאָך אַ גרויזאַמערע טראַגעדיע? — ווי אַזוי האָט זיך אויף אונדז אָפּגעשפּיגלט אָט דער טויט? אומגלייבלעך. וואָס ס'איז שייך דער מאַמע — גיב גאָט, זי זאָל עס אַריבערטראָגן. און איך — גאָרנישט: איך טראָג אַן אָרון פון אַ מת אין מיין נשמה. און איך וועל אָט דעם אָרון אַוועקטראָגן מיט זיך אין קבר אַריין. פון אַ סך פאַרלאַנגען איז דער סאַמע ערשטער פאַרלאַנג ביי מיר, אַז ס'זאָל זיך וואָס גיכער ענדיקן אָט די מלחמה פון ברודער־מאָרד, און אויב מיר וועלן לעבן און וועלן זיך אומקערן צוריק קיין אייראָפּע, וועלן מיר אומבאַדינגט זיין אין קאָפּענהאַגען און וועלן גיין אויף זיין קבר, און די ווערטער, וואָס איך וועל אים זאָגן, וועלן זיין קורץ: „זיי מוחל, מאַרטירער!"... וואָרעם אַ מאַרטירער איז ער געווען דאָס גאַנצע לעבן. שוין זיין אַריינטרעטן אין גימנאַזיע אַליין איז געווען אַ גאַנצע ריי פון יסורים, און דאָס אָנקומען אין אוניווערסיטעט איז געווען די קרוין פון זיינע ליידן. און דער פּועל־יוצא פון אַלעם דעם איז געווען — קראַנקייט און סאַנאַטאָריע, סאַנאַטאָריע און קראַנקייט. און וואָס פאַר אַ ריינע נשמה ער האָט פאַרמאָגט! אָט דאָס יינגל האָט דאָך פאַר זיין גאַנץ לעבן קיין ליגן ניט געזאָגט! זאָל דאָס זיין אַ זעלבסט־איינרעדעריי פון אַ פאָטער? — ניין. ער איז געווען ריין, ווי קרישטאָל. ריין אין גוף און ריין אין דער נשמה. אונדזער פיין און אונדזער אומגליק ווערן פאַרגרעסערט נאָך דערפון, וואָס מיר האָבן אויף אים געוואַרט פון טאָג צו טאָג, וואָס אַלצדינג איז געווען גרייט אַרומצונעמען אים מיט ליבע; מיר האָבן געוואַרט נאָר אויף איין וואָרט: „אַרויסגעפאָרן" — און אָנגעקומען איז אַן אַנדער וואָרט: „געשטאָרבן". וואָלט ער כאָטש נאָך איין

וואָך מיט אונדז געלעבט! וואָלט ער כאָטש אויף דער מאַמעס הענט אויסגעהויכט דעם לעצטן אָטעם! וואָלט כאָטש איך, זיין פאָטער, געקאָנט באַגלייטן אים צו זיין אייביקער רו! אַצינד אָבער — גאָר דאָרטן ערגעץ, אין דעם וויטן קאַלטן דענעמאַרק! אַך, ווי דער ביזוויליקער שיקזאַל האָט עס אונדז צעוואָרפן און צעריסן איבער דער גאָרער וועלט! ווו וועט ערגעץ אַהינקומען מיין געביין?... זיי מוחל, ליאַליטשקע, די מאַמע איז ניט אימשטאַנד צו שרייבן. מאַרוסי האָט דיר נעכטן עטוואָס געשריבן. אויך עמאָטשקאַ נעבאַך קאָן מסתמא ניט שרייבן. אויף איר חלק איז אויסגעפאַלן דאָס סאַמע שווערסטע. נומטשיק איז אויך דער־שלאָגן. אויך ער האָט באַגריפן אונדזער בראָך (מיין אָרעמער בן־יחיד אַצינד!). שרייב אונדז, ליאַלי, דו קאָנסט דאָך שרייבן, און טרייסט אונדז מיט גוטע בשורות וועגן זיך, וועגן מיכאלן און בעלאָטשקען. איך נעם אַרום אייך דרייען.

פאַפּאַ.

פּ. ס. — אויב דו ווילסט, דאָס הייסט, אויב דו פילסט אַ באַדערפעניש, קאָנסטו זיך זעצן שבעה — אויף איין שעה.

## כה
# דער לעצטער ווינטער

נאָכן טויט פון זיין זון האָט זיך שלום־עליכם שטאַרק געענדערט, סיי אין אויסערלעכן אויסזען, סיי אין אויסדרוק פונעם געמיט — עס האָט זיך אויף אים מיט אַ מאָל ווי אָנגערוקט די עלטער, קעגן וועלכער ער האָט אַזוי מוטיק געקעמפט די לעצטע זיבן יאָר פון זיין קראַנקייט. אום צו פאַרטויבן דעם שאַרפן ווייטאָג, האָט ער געביטן דאָס ווױנ־פלאַץ — ער האָט זיך אַריבערגעצויגן פון האַרלעם אין די בראָנקס, אויף 968 קעללי סטריט, וואָס איז שוין געווען זיין לעצטע וווינונג. נאָר דאָס האָט ווייניק געהאָלפן. דער טרויער האָט זיך ביי אים פאַרקליבן טיף אין האַרצן, ניט אויפגעהערט דאָרט צו נאָגן, פאַרצויגן די בלויע ליכטיקע אויגן מיט אַ מעלאַנכאָלישער מידקייט, אַלץ טיפער און טיפער געבויגן די געבראָכענע קראַנקע פלייצעס. איצט האָט מען שוין אין שטוב פון אים זעלטן געזען אַ פריילעכע מינע, נאָך ווייניקער געהערט זיין הילכיקן האַרציקן געלעכטער, אין וועלכן אַלע שווערקייטן פונעם לעבן פלעגן צעשמאָלצן און אויפגעלייזט ווערן. אויך אויף זיינע טעגלעכע שפּאַצירגענג אין דער בראָנקס, וואָס זענען געווען קאָנצענטרירט אויף אַ קליינעם שטח פון עטלעכע גאַסן אַרום זיין וווינונג, האָט ער אויס־געזען ווי אַ שטילער, געבראָכענער שאָטן אויף דער ערד. ער האָט געשפּאַצירט פּאַמעלעך, טרויעריק פאַרטיפט אין זיך, שוין מער ניט גע־וואָרפן זיין פלינקן, זשעדנעם, פיקענדיקן בליק אויף רעכטס און אויף לינקס, ווי פריער. און וויפיל מאָל, אַז ער פלעגט בלייבן אַליין אין שטוב, פלעגט צו מיר דערגיין פון זיין ווייטן אַרבעט־חדר (אונדזערע ביידנס חדרים זענען געווען די עקסטע אין דער וווינונג) אַ שוידערלעך־געצויגענער אויסגעקלעמטער זיפץ, וואָס פלעגט זיך פאַרענדיקן מיט אַ דינעם ווײמוטיקן קלאַנג, פול מיט ענדלאָזן טרייסטלאָזן טויטלעכן אומעט.

נאָר אין איין ווינקל האָט אויף אים דער טרויער נאָך אַלץ ניט געהאַט קיין שליטה — אין זיין אַרבעט. דאָ איז געווען זיין אַנטרינונגס־פּלאַץ, ווו ער האָט זיך אָפּגעצאַמט און געשיצט פון זיינע זעלישע ליידן. איצט איז ער געוואָרן באַזונדער טעטיק, באַזונדער פלייסיק, עפּעס מאָדנע שווייגנדיק פאַרטיפט און פאַרטאָן אין דער אַרבעט, ווי ער וואָלט מיט דעם דאָזיקן גרויסן ערנסט געטריבן פון זיך אַלע קליינ־לעכע געפּאַלענע מחשבות. ער איז יעדן טאָג אָפּגעשטאַנען שעהן־לאַנג ביי זיין הויכן שרייב־שטענדער אין ווינקל פון זיין צימער, און כאָטש די טיר איז געווען אָפן און די שטוב־מענטשן זענען אָפט אַריין און אַרויס, האָט ער דאָ אויסגעזען ווי אַן אָפּגעזונדערטער אין זיין אייגענעם „מקום־קדוש", ווי אַן איינזאַמער בעל־תפילה פאַרן עמוד, וואָס האָט נאָך אַ סך צו „זאָגן" פאַר זיך אַליין, אַ סך „תפילות בלחש", און איילט זיך, ווייל אַריינכאַפּן כל־זמן ס'איז נאָך ניט שפּעט... דער טאָכטער ליאַלי האָט ער דעמאָלט פון זיין אַרבעט געשריבן: „וועגן מיין גייסטיק־שעפערישן לעבן קאָן איך זיך ניט באַקלאָגן. איך שרייב כסדר, ווי מיין שטייגער איז, און דרוק צוויי ווערק צוזאַמען, אַחוץ זייטיקע אַרבעטן. די באַגייסטערונג צום שאַפן פאַרלאָזט מיך ניט אויך אין די דאָזיקע שווערע טעג. עס קאָן זיין, אַז דאָס גיט מיר כוחות אַריבערצוטראָגן די קלעפּ פונעם שיקזאַל"...

ער האָט איצט געהאַלטן אינמיטן צווייטן טייל פון זיין לעבנסגעע־שיכטע, ביים איבערגאַנג פון די יינגל־יאָרן צו בחורשאַפט, און דער דאָזיקער קאָמפּליצירטער, נעבלדיקער יסורים־פעריאָד אינעם לעבן פון אַ מענטשן האָט זיך ביי אים אויסגעגאָסן דווקא אין לויטערע, דורכ־זיכטיקע בילדער, אין איינפאַכע, קלאָרע, ערלעך־דורכגעטראַכטע באַ־שרייבונגען, וואָס האָבן אָפּגעקלונגען מיטן טיפן אמת פון אַ מענטש־לעכן ווידוי. ער אַליין האָט ערשט איצט דערפילט דעם אמתן שרייבערשן טעם אין זיין ווערק, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן צעוואַקסן אין אַ גרויסער אויטאָביאָגראַפישער עפּאָפּעיע, אין אַ הויך־אינטערעסאַנטן וואָרהאַפטיקן, ניט־אויסגעטראַכטן ראָמאַן. איך געדענק, ווי אַזוי איינער אַ זשורנאַליסט און ליטעראַטור־קריטיקער פון דער ניו־יאָרקער קאָמפּאַניע האָט אים דעמאָלט

אָנגעשריבן וועגן די לויפנדיקע קאַפּיטלעך „פונעם יאַריד" אַ באַגייס־טערטן בריוו, — האָט ער מיר דעם בריוו צוגעטראָגן מיט אַן אויפגעשיינטן קינדערשן אויסדרוק אויפן קראַנקן, פאַרעלטערטן פּנים: „נו? אַזאַ בריוו וואָלט מען זיי באַדאַרפט שרייבן!"...

„זיי" — האָט ער געמיינט די לייט פונעם „טאָג", וואָס האָבן נאָך אַלץ געהאַלטן, אַז שלום־עליכם איז פאַר זיי אַ דורכפאַל, ניט געקוקט דערויף, וואָס זיין אויטאָביאָגראַפיע איז געליבט געוואָרן פון אַלע זייטן און האָט אַרויסגערופן ביים עולם וואָס ווייטער אַלץ מער אינטערעס. שלום־עליכם, אַ געקרענקטער, אַ טיף־פאַרביטערטער פון דער דאָזיקער טעמפּקייט, האָט פון דעסטוועגן זיך געפלייסט אָנצוהאַלטן מיט דער צייטונג פריינדלעכע באַציאונגען און האָט זי פון צייט צו צייט מפצה געווען אויך מיט אַמעריקאַנער שטאָף, געשריבן, אַחוץ דער אויטאָביאָגראַפיע, לייכטע שאַרזשען און פעליעטאָנען, וואָס האָבן אָנגערירט דעם קאָמישן אויבערפלאַך פון דעם אַמעריקאַניש־יידישן לעבן: „עולם הבא", „מיסטער בוים אין קלאָזעט", „מיסטער גרין האָט אַ דזשאַב", „בערל־אייזיק", „פריילעך אין די מאונטעינס"... אַפילו איצט, אַ קראַנקער און אַ צעטרייסלטער פונעם גרויסן פאַמיליען־בראָך, האָט ער זיך יעדע וואָך אָפּגעריסן פון זיין הויפּט־ווערק, פון זיין גייסטיקן באַלזאַם, און האָט צוגעשטעלט דעם „טאָג" אַ נייעם ראָמאַן מיט אַן עכטן אַמעריקאַנישן נאָמען: „דער מיסטייק" — עפּעס אַ פּלאָנטער פונעם ניו־יאָרקער יידישן לעבן, וואָס איז אַזוי ווייט געווען פון דעם ריין־געלייטערטן „פונעם יאַריד", פונקט ווי געשריבן פון אַ גאַנץ אַנדער האַנט!...

געטריבן צו דעם האָט אים דער ביטערער מאָטיוו פון עקזיסטענץ: ס'איז געגאַנגען צו סוף יאָר, דער קאָנטראַקט מיטן „טאָג" האָט געהאַלטן ביי ענדיקן זיך, קיין שום אַנדערע אויסזיכטן זענען ניט געווען, — האָט ער מיט די לעצטע כוחות זיך געקלאַמערט אָן דעם דאָזיקן אייניציקן אָנהאַלט אויפן וואַסער. זיינע מיאונגען זענען אָבער געווען אומזיסט: נאָך איידער דאָס יאָר איז אויסגעגאַנגען, האָט מען אים פון דער צייטונג אויף אַ קאַטעגאָרישן אופן געקינדיקט, ניט געוואָלט אַפילו רעדן פון אַנדערע, פאַרקלענערטע באַדינגונגען. ס'איז געווען אי אַ קלאַפּ,

אי אַ באַליידיקונג, און פון דעסטוועגן, אין דעם ערשטן מאָמענט פון פאַרצווייפלונג, האָט שלום־עליכם געבראָכן זיין שטאָלץ און איז אַליין, אָן פאַרמיטלער, געפאָרן זוכן יושר ביים אויבער־פאַרוואַלטער פון דער צייטונג, וואָס האָט דעמאָלט געהאַט די דעה איבער די ליטעראַרישע ענינים, — אַ זאַך, וואָס ער האָט קיינמאָל פריער ניט געטאָן ביי די ביטערסטע אומשטענדן. ער איז צוריקגעקומען אַ פינצטערער, אַ טויט־דערשלאָגענער. ער האָט נאָר געזאָגט: „איך האָב זיך קוים אַרויפגע־קאַראַבקעט צו אים אויפן פינפטן, צי אויפן זעקסטן שטאָק, שיר ניט געחלשט אויף די טרעפ"...

איצט האָט אברהם אליהו לובאַרסקי, שלום־עליכמס אַלטער ליטע־ראַרישער פאַרמיטלער, איבערגענומען די זאַך אין זיינע הענט. ער האָט אויפגערודערט די ליטעראַרישע קאַפע, די „קיבעצאַרניע", און די „קיבע־צאַרניע" איז פון דעם ענין געגאַנגען אויף רעדלעך. שלום־עליכם איז שוין יענע טעג ביי דער ניו־יאָרקער שרייבער־משפחה געווען פאַררעכנט ווי אַ ציטעריקער, וועמען מע האָט מורא געהאַט צו פאַרלירן, און אַלע הערצער האָבן זיך צו אים געווענדט מיט טיפער סימפּאַטיע. דער גוט־באַקאַנטער בלינדער א. מינץ. דער געטרייער באַוואַכער פון דער דאָזיקער משפחה, וואָס דרינגט אַריין מיט זיין אינערלעכן בליק אין אירע פאַרבאָרגענע ליידן, האָט מיך פאַרבעטן צו זיך אין דעם קליינעם אָפיס פון דער „פרייער אַרבייטער שטימע", ווו ער איז געווען דער פאַרוואַל־טער, אַרויסגערופן אויפן טעלעפאָן איינעם אַ שותף פון דער צייטונג, לאַנג געטענהט מיט אים, שיר ניט געוויינט, געטופּעט מיט די פיס...

שלום־עליכם האָט וועגן דער ניט־פריילעכער לאַגע אַזוי געשריבן צו די קויפמאַנס אין אָדעס — זיינע איינציקע קאָרעספּאָנדענטן אין יענע טעג:

„וואָס זאָל איך אייך אַרייבן? וויניק פריילעכעס. עס ענדיקט זיך דאָס יאָר (1915), און צוזאַמען מיט דעם ענדיקט זיך מיין קאָנטראַקט מיט דער צייטונג, אין וועלכער איך אַרבעט. — — —. נאָר מיר האָבן אַ שטאַרקן גאָט, און אַמעריקע איז אַ גרויסע מדינה. מירן זען. אפשר וועלן מיר ניט פאַרפאַלן ווערן. איין שטיקל נחמה, וואָס אין אייראָפּע

איז אַצינד פיל ערגער! מיר קוקן־אַרויס אויפן סוף פון דער מלחמה. אוי, ווען מיר זיך עס דערמאָלט אַ לאָז טאָן קיין אייראָפּע! נאָר שאַ — שטיל! זאָגט עס קיינעם ניט אויס, אַניט וועט דער שלום פאַרהאַלטן ווערן..."

אַרום יענער צייט איז שלום־עליכם קראַנק געוואָרן און איז אָפּגע־לעגן אין בעט זעקס וואָכן. דערווייל האָט לובאַרסקי ניט גערוט, ביז ער האָט געבראַכט צו אים אין שטוב אַריין דעם אַרויסגעבער פון דער „וואַרהייט", הערמאַן פּאַלעי, צוזאַמען מיטן רעדאַקטאָר, יצחק גאָניקמאַן. און דאָ, ביי זיין קראַנקן־בעט, איז גיך געשלאָסן געוואָרן אַן אָפּמאַך, אַז פון אָנהייב יאָר 1916 טרעט שלום־עליכם אַריין אַלס מיטאַרבעטער אין דער „וואַרהייט". דער געהאַלט איז געווען ניט אַזאַ געהויבענער: סך־הכל פערציק דאָלער פאַר צוויי מאָל אין וואָך שרייבן (מיט אַ צוגאָב פון נאָך 25 דאָלער אַ וואָך פאַר אַרויסגעבן אין בוכפאָרם די ערשטע צוויי טייל „פונעם יאַריד"). נאָר שלום־עליכם איז דאָך געווען צופרידן: ערשטנס, וואָס מע האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט צו שרייבן פאַר דער צייטונג די ווייטערדיקע טיילן פון זיין אויטאָביאָגראַפיע, און צווייטנס, וואָס די דאָזיקע לייט פון דער „וואַרהייט" האָבן זיך אַרויס־באַוויזן ווי זייער צוגעלאָזטע מענטשן, מיט גרויס דרך־ארץ און פאַר־ערונג צו אים, — און אַזוי איז טאַקע פאַרבליבן זייער באַציאונג צו אים ביז זיינע לעצטע טעג.

אַן אויפגעמונטערטער פון אַזאַ אויסגאַנג, האָט שלום־עליכם, נאָך ליגנדיק אין בעט, זיך גענומען פאַר דער אַרבעט מיט פרישן פלייס. אַחוץ די פאָרזעצונגען פון זיין לעבנסגעשיכטע, האָט ער אָנגעהויבן שרייבן פאַר דער „וואַרהייט" דעם צווייטן טייל פון „מאָטל פייסי דעם חזנס" — מאָטל אין אַמעריקע. דאָס איז פאַר אים געווען ווידער אַ ליי־טעראַרישע דערמונטערונג, אין וועלכער ער האָט געפונען טרייסט אין זיינע שווערע טעג: ער האָט שוין לאַנג זיך געריסן צו פאַרענדיקן די געשיכטע פון מאָטל דעם חזנס, דעם ליבסטן פון זיינע פאַרשוינען. און הגם ער האָט אין מאָטלס נייער אַמעריקאַנער סביבה זיך ניט געפילט אַזוי פריי, ווי אין זיין אַלטן היימישן שטעטל, האָט ער דאָך אינטור־

איטיוו אָנגעטאַפּט דעם וועג צום יידישן אימיגראַנטן־לעבן אין ניו־יאָרק, דערהויפּט אין זיין ערשטער „גרינער" סטאַדיע, און האָט אָנגעהויבן אויפדעקן אַ נייע ליכטיקע פּאַנאָראַמע, מיט נייע הומאָריסטישע סיטו־אַציעס, וואָס האָבן צוגעזאָגט דעם לעזער גרויס אינטערעס און געניס.

אָנהייב 1916 האָט שלום־עליכם דערלעבט צו זען אויך אַ שטיקל פּאַרווירקלעכונג פון זיינעם אַן אַלטן חלום אין אַמעריקע: די ניו־יאָרקער „וואָרלד" האָט ביי אים אָפּגעקויפט די ענגלישע איבערזעצונג פון „מאָטל פּייסי דעם חזנס" און האָט זי אָנגעהויבן דרוקן אין אירע זונטאָגדיקע ביילאַגעס אונטערן טיטל „אָפּף פאָר אַמעריקאַ". פאַר שלום־עליכמס פּאַרטרויערטן געמיט איז דאָס געווען אַן אָפּפרישונג, און צו די קויפמאַנס קיין אָדעס איז שוין איצט געגאַנגען אַ מונטערער בריוו, כמעט אין דעם אַלטן גוטן אויפגעלעבטן טאָן: „פון דעם ערשטן יאַנו־אַר — האָט ער זיי געשריבן — בין איך אַרויס פון דער צייטונג „טאָג" און בין איבערגעגאַנגען אין אַן אַנדער צייטונג — „וואַרהייט". די באַ־דינגונגען זענען ניט קיין שלעכטע. אַרבעט — צוויי מאָל אַ וואָך. איך פיל זיך אין דער דאָזיקער צייטונג אַ סך בעסער. אַן אמתער פּרעמיער. אַחוץ דעם, דרוק איך זיך פון דעם ערשטן יאַנואַר, אין איבערזעצונג, אין דער ענגלישער צייטונג „וואָרלד" (די וועלט) מיט איר סינדיקאַט. דאָס מיינט, אַז אין אַלע פּאַראייניקטע שטאַטן דערשיינט יעדע וואָך, זונטאָג, מיין פעליעטאָן אין וואָסערע צוואַנציק, אָדער מער, גרויסע צייטונגען, וואָס האָבן ביז פינף מיליאָן לעזער, אָדער מער. זיי דרוקן „מאָטל פּייסי דעם חזנס" מיט אילוסטראַציעס. די רעקלאַמע איז אַ קאָ־לאָסאַלע. למשל, אין ניו־יאָרק, אויף אַלע סטאַנציעס פון דער שטאָטישער לופטבאַן, איז מיט גרויסע אותיות אָנאָנסירט: „לייענט שלום־עליכמען, דעם יידישן מאַרק טוועין, אינעם זשורנאַל „וואָרלד"! אָריגינעל! ניי! הומאָריסטיש! לייענט שלום־עליכמען!" — דאָס איז אַ גוטער אָנהייב. אַזאַ הויכן ערפאָלג האָט נאָך ניט געהאַט קיין איין יידישער שרייבער, ניט אויסגעשלאָסן אויך זאַנגוויל. דאָס גיט מיר אַ מעגלעכקייט אַריינצו־טרעטן אין דער ברייטער ענגלישער ליטעראַטור..."

דורכן ענין מיט דער „וואָרלד" איז אויך די מאַטעריעלע לאַגע

אַ ביסל פאַרלייכטערט געוואָרן, אַזוי אַז שלום־עליכם האָט זיך געקאָנט דערלויבן אַרויסצופאָרן קיין לעיקווּוד, זיך ערהאָלן פון זיין קראַנקייט. די לעצטע צוויי ווינטערן אין אַמעריקע האָט לעיקווּוד ביי אים געשפּילט די ראָלע פון „במקום נערווי": ביי יעדער מעגלעכקייט האָט ער זיך אַהין געצויגן, געלעכצט נאָך דער וואַרעמער זון. איצט איז ער אַהין געפאָרן צוזאַמען מיט דער יינגערער טאָכטער עמאַ, וואָס איז נאָך מישאָס טויט געקומען פון קאָפּענהאַגען. ער האָט אָבער אין לעיקווּוד לאַנג ניט פאַרבראַכט. ער איז פון דאָרט אַרויסגערופן געוואָרן קיין פילאַדעלפיע אויף אַ גרויסן אָוונט, וואָס איז פאַר אים אַראַנזשירט געוואָרן אין מעטראָפּאָליטאַן טעאַטער דעם 4טן מערץ. דאָס איז געווען זיין לעצטע פאָרלעזונג, נאָר דער רעזולטאַט האָט זיך אויסגעלאָזט אַזאַ, וואָס איז געווען באַזונדער כאַראַקטעריסטיש פאַר שלום־עליכמס טרויעריקע „גליקן" אין אַמעריקע: דעם אָוונט האָבן אַראַנזשירט פון פריער צוויי פילאַדעלפיער יידן, וואָס האָבן זיך אָנגעגעבן אין זייערע בריוו פאַר געזעלשאַפטלעכע טוער, און ניט געקוקט דערויף, וואָס שלום־עליכם איז געווען ערשט אויפגעשטאַנען פון אַ קרענק, האָבן זיי אים ניט געלאָזט רוען און זענען באַשטאַנען, אַז ער מוז קומען צום טערמין. זיי האָבן אים אַפילו צוגעזאָגט שיקן אַ דאָקטאָר, וואָס זאָל אים באַגלייטן אויפן וועג פון לעיקווּוד קיין פילאַדעלפיע. קיין דאָקטאָר האָבן זיי ניט געשיקט, און שלום־עליכם איז געפאָרן קיין פילאַדעלפיע אין דער באַגלייטונג פון זיין פרוי, געהאַט דאָרט אַ פאָרלעזונג פאַר אַן איבערגעפאַקטן טעאַטער, נאָר אויף מאָרגן נאָכן אָוונט האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז די צוויי פילאַדעלפיער געזעלשאַפטלעכע טוער זענען געווען פשוטע שווינדלער. שלום־עליכם אַליין, קומענדיק צוריק אין ניו־יאָרק אַ העכסט־אויפגערעגטער פון דער מעשה, האָט וועגן דעם געשריבן צו זיינעם אַ פריינד (לאַיער ס. שוגערמאַן) דווקא אין לייכטן טאָן:

„— — — והשנית זייט וויסן, אַז איך בין הי. קיין לעיקווּוד וועל איך ערשט פאָרן נאָך פּורים (אם ירצה השם). איך בין געווען אין פילאַדעלפיע. דאָס מעטראָפּאָליטאַן־טעאַטער איז געווען געפּאַקט. מער אַז 5,000 מאַן, זאָגט מען. חברה בלאָפערס האָבן מיך גוט אָפּגעבלאָפט און

אָפּגעלעקט, זאָגט מען, אַביינדל. זיי האָבן אַיינגענומען, זאָגט מען, $2,200. מיך זענען זיי אָפּגעקומען מיט $250. אי דאָס האָבן זיי מיר אַריינגערוקט אַ טשעק. געקומען קעשן דעם טשעק, לאָזט זיך אויס, אַז זיי האָבן דעם טשעק אָפּגערופן, און מיר האָבן זיי געלאָזט אָט דאָס, וואָס מע עסט חמשה־עשר בשבט און מע מאַכט דערויף בורא פּרי העץ... עס באַשטייט בסך־הכל פון דריטהאַלבן פינגער...״

נאָכן פילאַדעלפיער אָוונט איז שלום־עליכם ווידער קראַנק געוואָרן, איצטיקס מאָל שוין ערנסט. מע האָט אַיינגעלאַדן דעם אַלטן פּראָפעסאָר אַלפרעד מאַיער, און יענער האָט באַצייכנט אַ שאַרפע אַנטצינדונג פונעם האַרץ־שיידל. דערשראָקן פון דער נייער קראַנקייט, האָט שלום־עליכם, האַלב שפּאַסנדיק און שווער כאַפּנדיק דעם אָטעם, זיך געבעטן ביים פּראָפעסאָר: „איך האָב נאָך אָנצושרייבן צען בענדער, צען וויכטיקע בענדער, איך וויל ניט שטאַרבן איידער איך שרייב זיי אָן״... ד״ר איסר גינזבורג, וואָס איז יענעם ווינטער געווען איינער פון שלום־עליכמס דאָקטוירים, האָט אויסגעקוקט זייער פּעסימיסטיש. ער האָט מיך אַרויסגערופן אין דרויסן און געזאָגט, אַז מיר אין שטוב ווייסן ניט, אַפּנים, ווי ווייט די לאַגע פונעם קראַנקן איז ערנסט. פאַרשטייט זיך, מע דאַרף ניט פאַרלירן די האָפענונג. שלום־עליכם איז אַ זעלטן גוטער פּאַציענט, און עס קאָן געשען אַ נס...

דער נס איז געשען. שלום־עליכם האָט זיך ניט געוואָלט אונטערגעבן. ער האָט אָנגעווענדט די גאַנצע קראַפט פון ווידערשטאַנד, זיך געראַנגלט מיטן טויט און אים גובר געווען — נאָך אויף זעקס־זיבן וואָכן. אויפגעשטאַנען פונעם בעט, האָט ער נאָך צייט געהאַט צו באַווייזן זיך דעם 25טן מערץ אויפן גרויסן באַזאַר לטובת די יידישע מלחמה־קרבנות, אין גרענד סענטראַל פּאַלאַס, ווו ער איז, אַ שוואַכער, אַ שרעקלעך אָפּגעצערטער, וואַרעם און רירנד אַרומגערינגלט געוואָרן פון אַ מחנה יונגע שרייבער און איז צום לעצטן מאָל רוישיק באַגריסט געוואָרן פון אַ טויזנט־קעפּיקן יידישן עולם.

כו
# אין שטורעם

ס'איז געקומען פסח, שלום־עליכמס ליבסטער יום־טוב, און אין שטוב האָט זיך אָנגעהויבן רודערן אויפן אַלטן שטייגער פון די גוטע יאָרן. דעם טאָן פון יום־טובדיקייט האָט געגעבן שלום־עליכם אַליין, וואָס האָט פון זיך מיט אַ מאָל ווי אָפּגעטרייסלט דעם שווערן טרויער פונעם פאַרגאַנגענעם ווינטער, באַהערשט זיין קראַנקן געמיט־צושטאַנד און זיך אָנגענומען מיט מונטערקייט מקבל־פּנים צו זיין אין אַ געהעריקער שטימונג דעם ליכטיקן פרילינג־גאַסט, דעם פריידיקן מלאך פון זיינע קינדער־יאָרן, וועמען ער האָט אַזוי האַרציק באַזונגען אין וואָסערע דריי צענדליק פון זיינע דערציילונגען.

קודם־כל האָט ער זיך געפּעדערט און באַזאָרגט זיין צייטונג, די „וואַרהייט", מיט גאַנצע צוויי פּסחדיקע זאַכן, פון וועלכע איינע מיטן טשיקאַווון נאָמען „קדלת וקדשת", געשריבן אין קורצע, לייכטע, שפּילעוודיקע זאַצן, אינעם סטיל פון „מאָטל פּייסי דעם חזנס", האָט געאָטעמט מיט אַזאַ יונגן, פריילעכן, עכט־פּסחדיקן הומאָר, אַז ס'איז שווער געווען צו גלייבן, אַז דאָס האָט געשריבן אַ מענטש אַ קראַנקער, אַ צעבראָכענער, אַ גרויסער בעל־יסורים, וואָס קאָן ביינאַכט ניט אַנטשלאָפן ווערן אָן נאַרקאָטישע מיטלען. פאַרטיק געוואָרן מיט זיין פּסחדיקער ליטעראַרישער אַרבעט, איז שלום־עליכם פון דעם אַליין שוין אַריין אין פולער פּסחדיקער שטימונג. ער האָט אַרויסגעקוקט פון זיין אַרבעט־חדר אָן אויפגעשיינטער, מיט אַ וואַרעמען, יום־טובדיקן פּנים, ווי זיס באַרוישט פון זיין אייגענעם געווירצטן פּסחדיקן שטאָף, וואָס האָט זיך צונויפגעגאָסן מיטן ערב־פּסחדיקן טאַרעראַם אין שטוב און מיט די רייצנדיקע פּסחדיקע ריחות, וואָס טראָגן זיך שוין פון קיך. ער האָט זיך אָנגעצונדן מיט חשק אַליין אויך עפּעס צו טאָן לכבוד יום־טוב, העלפן אויסשטעלן

דעם סדר־טיש, איבערגיסן דעם ווייַן אויף ארבע כוסות, פאַרהערן דאָס אייניקל אין די פיר קשיות. עס איז אים באַזונדער געפעלן געוואָרן, ווי אַזוי „אַמעריטשקע" טרייבט טיכטיק די פסחדיקע ביזנעס, פילט־אָן די יידישע צייטונגען מיט אַ פריילעכן רעש פון פסחדיקע אַנאָנסן, קלעפּט־אָן כשר־לפסחדיקע „לעיבלס" ווו מע דאַרף און ווו מע דאַרף ניט. האָט ער זיך מיישב געווען און נאָכגעמאַכט „נוסח אַמעריקע", אָנגעשריבן מיט געכתיבהטע אותיות אַ גאַנצן הויפן צעטלעך „סטריקטלי כשר לפסח" און זיי אויסגעקלעפּט אויף די סיפאָנעס מיט סאָדע־וואַסער, וואָס זענען געווען צוגעגרייט אויפן סדר־טיש. זאָל דער עולם צום סדר האָבן פסח־דיקן שפּאַס!

ער האָט אויך ניט פאַרגעסן די קויפמאַנס אינעם ווייטן מלחמה־לאַנד, אין רוסלאַנד, די איינציקע קינדער, וואָס האָבן אים אויסגעפעלט צו דער פולער יום־טובדיקער שטימונג, און האָט זיי ערב־פסח געשריבן אַ בריוו — דעם לעצטן פון זיינע פאַמיליען־בריוו:

ניו־יאָרק, 17טן אַפּריל, 1916.

ערב פסח.

טייערע ליאַלי און מיכאל.

ענדלעך איז אָנגעקומען אייער בריוו פון יאַנואַר 1916. אויסער דעם, האָבן מיר זינט דעקאַבער 1915 פון אייך גאָרנישט ניט געהאַט. עס הייבט זיך ניט די האַנט צו שרייבן צו מענטשן, וואָס אין אַפּריל איז ביי זיי דער 17טער דעקאַבער אין קאָפּ... טייערע ליאַלי! דו האָסט מסתמא נאָך ניט פאַרגעסן, וואָס פאַר אַ שטימונג ביי מיר איז, אַז עס קומט פסח. עס גלוסט זיך מיר דעמאָלט אַלעמען, אַלעמען האָבן צום סדר. נאָר וואָס קאָן מען טאָן מיטן שיקזאַל, וואָס באַגייט זיך תמיד אַזוי ווי ער וויל!... מע דאַרף זיך אונטערגעבן דעם ווילן פון דעם, וואָס פירט די וועלט...

אַצינד — אַ ביסל נייעס: ביי אונדז אין ניו־יאָרק איז געווען אַ „יידישער באַזאַר" לטובת די געליטענע פון דער מלחמה. טיסי איז געווען איינע פון די דאַמען־פּאַטראָנעסן. עמאַ און מאַרוסי (און אויך

תמרה) זענען געווען פאַרקויפערינס. געלט האָט מען צונויפגעקליבן אַרום 200 טויזנט רובל. צווישן אַנדערע זאַכן האָט מען אויפן באַזאַר געשפּילט אויף פּלעטן מיינעם אַן אַלטן כתב־יד (20 יאָר אַלט). פאַר אַ בריוו פון לעוו טאָלסטאָי צו מיר האָט איינער שטרויס (אַ מיליאָנער) באַצאָלט 300 רובל. מע האָט פאַרקויפט אַ סך פאָרטרעטן — מיינע, דעם „זיידנס", פּרצעס און פון אַנדערע שריפטשטעלער. פאַר מיין אויטאָגראַף (איין שורה) האָט מען באַצאָלט 20 רובל (10 דאָלער). דאָרטן איז אויך אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ זאַמלבוך און עס האָט זיך געדרוקט אַ צייטונג „דער באַזאַר". סך הכל איין וואָך. איצט גרייט מען אַ יאָרצייט־אָוונט נאָך פּרצן. מע וועט קלייבן געלט פאַר יידישע [מלחמה־] יתומים.

די ערשטע טעג חול־המועד רעכענען מיר צו פייערן באַשיידן ביאַליקס יובילעי. ס'איז טרויעריק. וואָלטן מיר דען אָט אַזוי געפייערט דעם דאָזיקן יובילעי ביי אַנדערע אומשטענדן? ליאַלי! היות אַזוי ווי דו ביסט, אין אַ געוויסער מאָס, אַ דאַמע און אַ דאָקטאָרס אַ ווייב, פאַסט עס דיר ניט צום פּנים. זאָל־זשע בעלאָטשקע אַ קוש טאָן ביאַליקן פאַר מיר לכבוד זיין יובילעי. עס וועט זיין אַ שאָד, אויב בעלאָטשקע וועט ניט קענען העברעאיש געבוג, אום צו לייענען אין אָריגינאַל אונדזער הערלעכן פּאָעט!

איך קוש אייך דרייען שטאַרק.

פּאַפּאַ.

מיט דער מאַמען טאָר מען אַציגד ניט רעדן — ערב־פּסחדיק! זי מאַכט אַלצדינג כשר. דאַרפט איר איר מוחל זיין. זי קושט אייך אין די געדאַנקען.

פּאַפּאַ.

דער לעצטער סדר ביי שלום־עליכמען איז געווען אַ פריילעכער, אַ טומלדיקער, מיט אַ היפּשן עולם איינגעלאַדענע געסט אַרום אַ שורה צונויפגעשטעלטע טישן — צו מיינסטן מלחמה־געסט פון רוסלאַנד, צווישן וועלכע עס האָבן זיך אויך געפונען פּינחס רוטענבערג, לעאָן מאָצקין און דער ייִנגערער פון די ציוניסטישע ברידער אין ווילנע, באָריס גאָלדבערג. געפּראַוועט דעם סדר האָט שלום־עליכם, ווי אַלע מאָל,

פייערלעך, אין פולן טראַדיציאָנעלן ערנסט. ער האָט נאָר היינטיקס מאָל, אום צו האַלטן די געסט אין פריילעכער שטימונג, פאָרגעשלאָגן, אַז אַנשטאָט צו זאָגן די הגדה אַלע אינאיינעם, וועט יעדער איינער פון די מאַנסביל באַקומען אַן „עליה" — אַ שטיקל זאָגעכץ סאָלאָ. ער האָט דערביי געהאַט אַ שטיפערישע כוונה: אַזוי ווי צווישן עולם האָבן זיך געפונען אויך אַזעלכע, וועמען ער האָט חושד געווען, אַז זיי זענען שוואַך אין דער „עברי," איז ער טשיקאַווע געווען צו נעמען זיי אויפן עקזאַמען. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ סך געלעכטער: די שוואַכע בעלי־עברי, נאָכדעם ווי זיי זענען דורכגעגאַנגען דעם עקזאַמען מיט צרות, זענען באַלוינט געוואָרן מיט רוישיקע אַפּלאָדיסמענטן, און שלום־עליכם, דער קאַפּעלמייסטער פון דער דאָזיקער פּסחדיקער שמחה, האָט געשיינט, ווי אַ קראַנק קינד בשעת עס צעשפּילט זיך. פאַר זיך אַליין האָט ער איבערגעלאָזט דעם „אַדיר במלוכה", וועלכן ער האָט שטיל און באַדאַכט געזונגען מיט אַ ווייכן לירישן ניגון, אויפן וואָלינער שטייגער, און דער עולם, צום מיינסטן ליטוואַקעס, האָט אים נאָך די ערשטע פערזן אונטער־געהאָלפן אין כאָר. ער האָט אויסגעזען אַזוי חנעוודיק אין זיין צע־וואָרעמטער יום־טובדיקער פריילעכקייט, און אַזוי האַרצרייסנד מיט זיין טיף־באַהאַלטענעם קראַנקן טרויער אונטער דער דאָזיקער פריילעכקייט, אַז ווען איך דערמאָן מיך אָן יענער לעצטער סדר־נאַכט, שטעלט ער זיך מיר פאָר, ווי אַ צאַנקנדיק ליכט אין זיין לעצטן העלן אויפפלאַקער.

נאָך פּסח האָט זיין ליכט אָנגעהויבן צאַנקען אויף אַן אמת, הגם קיינער פון אונדז האָט פון דעם די קלענסטע אַנונג ניט געהאַט. ער האָט זיך געפילט ניט גוט, נאָר לכתחילה האָט דאָס אויסגעזען ניט אַזוי ערנסט. ער האָט זיך נאָר באַקלאָגט, אַז עס איבלט אים אָפּט, און מע האָט דאָס צוגעשריבן צו דער ווירקונג פון דער פּסחדיקער דיעטע. די ערשטע וואָך נאָך פּסח האָט ער זיך נאָך געהאַלטן אויף די פיס, געשריבן שטייענדיק ביים הויכן שטענדער. אַחוץ די וועכנטלעכע פאַר־זעצונגען פאַר דער צייטונג, „פונעם יאַריד" און „מאָטל פּייסי דעם חזנס", האָט ער דעמאָלט אָנגעשריבן אויך אַן אַרטיקל לכבוד ביאַליקס פינף־און־צוואַנציק יאָריקן יובילעי. איך בין סוף ווינטער געווען אַריינ־

געטראָסן אין אַ נייער אַרבעט, געגרינדעט מיט דער הילף פון אַ גרופּע ניו־יאָרקער העברעער און רעדאַקטירט דעם וועכנטלעכן „התורן", און אַזוי ווי איך האָב צו ביאַליקס יובילעי געגרייט אַ ספּעצעלן ביאַליק־נומער, האָט מיר שלום־עליכם געמאַכט אַ סורפּריז און אָנגעשריבן פאַר דעם נומער אַ קאַפּיטל זכרונות, אונטערן טיטל „מיין באַקאַנטשאַפט מיט ח. נ. ביאַליק", וואָס איך האָב איבערגעזעצט אויף העברעאיש. גלייך נאָכדעם האָט ער זיך דערפילט שלאַף און זיך געלייגט אין בעט, פון וועלכן ער איז שוין מער ניט אַראָפּגעגאַנגען.

ער האָט נאָך אָבער אויסגעזען ניט אין ערנסטן צושטאַנד. זיין הויז־דאָקטאָר האָט געפונען, אַז ס'איז ניט מער ווי אַ לייכטע מאָגן־שלאַפקייט, גיכער — פון אַ נערוועזן כאַראַקטער. שלום־עליכם האָט געטאָן דאָס, וואָס אַלע מאָל ביי זיינע אָפטע פאַרשלאַפונגען: ער איז געלעגן אין בעט און געשריבן. ער האָט אַפילו אין די ערשטע טעג פון זיין קראַנק־קייט אָפּגעשפּילט מיט מיר אַזאַ שפּאַס:

וויסנדיק, אַז איך בין אַ גרויסער מקפיד, דער „התורן" זאָל אַרויס ריין פון דרוקפעלערן, האָט ער פון די ערשטע נומערן אויף זיך גענומען אַן אַרבעט: ער האָט געזוכט אין מיין זשורנאַל גרייזן. נאָכן ביאַליק־נומער, אַז איך בין איינמאָל געקומען פון דער רעדאַקציע אַהיים, האָט מיר מיין פרוי געזאָגט, אַז דער פאָטער וואַרט אויף מיר מיט אומגעדולד — ער דאַרף מיך זען וועגן עפּעס זייער אַ וויכטיקער זאַך. איך בין מיט איר גלייך אַריין צו אים אין צימער.

— אָ, ענדלעך! — האָט שלום־עליכם אַ זאָג געטאָן פון בעט. — מע קאָן זיך גאָר אויף אייך ניט דערוואַרטן!

איך האָב אַ קוק געטאָן אויף אים: זיין קראַנק פּנים האָט אויסגעזען מאָדנע ערנסט און עפּעס ניט־צופרידן. ער האָט גענומען פונעם טישל, וואָס ביי זיין בעט, דעם ביאַליק־נומער און גערעדט צו מיר מיט טיפן באַדויער:

— איך ווייס, עס וועט אייך געוויס פאַרשאַפן גרויס עגמת־נפש. איך טאָר עס אָבער ניט פאַרשווייגן. עס האָט דאָ פּאַסירט ביי אייך זייער אַ מיאוסע זאַך, פּשוט אַ סקאַנדאַל. ווי איז דאָס אַ מענטש אַזוי

ניט פאַרזיכטיק? אויף אַייך וואָלט איך זיך אַזעלכעס ניט געריכט. ביאַליק האָט דאָס ביי אַייך אַוודאי ניט פאַרדינט!...

— וואָס איז געשען? — האָב איך זיך דערשראָקן.

— מילא, — האָט שלום־עליכם גערעדט אַלץ אין דעם זעלבן טאָן, דערביי געבלעטערט דעם „התורן“, — ס׳איז שוין אַ זאַך וואָס פאַרפאַלן. און אפשר איז עס נאָך ניט אינגאַנצן פאַרפאַלן? עפּעס וועט איר מוזן טאָן דערצו! מע קאָן עס אַזוי ניט איבערלאָזן! ס׳איז פּשוט אַ חילול השם פאַר דער העברעאישער ליטעראַטור!...

איך בין צוגעגאַנגען צו זיין בעט אין אמתער פאַרווירונג: וואָס האָט ער אַזעלכעס אין דעם ביאַליק־נומער געפונען?

— נאַט זעט, — האָט שלום־עליכם געזאָגט שאַרף און געטייטלט מיטן פינגער אויף אַן אַנאָנס אינעם נומער — נאַט זעט און קלייבט נחת: אַ „הא“ (היי) אַנשטאָט אַ „חית“ (חעס)!

אַ ווײַלע האָט ער מיך אָנגעקוקט אין טיפן ערנסט, דערנאָך אַ קוק געטאָן אויף דער טאָכטער — און ביידע האָבן זיך הויך צעלאַכט: ס׳איז ביי זיי געווען אַן אָפּגערעדטע זאַך.

מער האָב איך שוין שלום־עליכמען ניט געהערט לאַכן. וואָס אַ טאָג ווייטער, איז זיין צושטאַנד געוואָרן אַלץ ערגער. דער איבל איז געוואַקסן, און ער האָט שוין מער קיין שפּייז ניט געוואָלט נעמען. ער האָט פּלוצעם ווי פאַרלאָרן זיין גאַנצע קראַפט פון ווידערשטאַנד, און צוזאַמען מיט דעם די לוסט צו לעבן. ער האָט אָנגעהויבן רעדן, אַז ער ווייסט וואָס ביי אים איז — ס׳איז אַ קרעבס אין דער שפּייז־רער, דאָס אייגענע, פון וואָס זיין פאָטער איז געשטאָרבן. ער האָט נאָך אַ סימן: ער האָט שוין דערגרייכט זיבן און פופציק יאָר, די עלטער, וואָס זיין פאָטער און זיין פאָטערס פאָטער האָבן ניט איבערגעלעבט. זיין הויז־דאָקטאָר איז אָבער נאָך אַלץ געווען אָפּטימיסטיש. ער האָט איינמאָל מיט אים לאַנג אַריינגעטענהט, אַז ער מוז זיך אַליין נעמען אין די הענט, וואָרעם ער איז ניט קראַנק, ער איז נאָר נערוועז. האָט אים שלום־עליכם אויסגעהערט מיט אַ מידן, אומבאַטייליקטן אויסדרוק אין די פאַרצערטע אויגן און לסוף איראָניש געזאָגט (דער געשפּרעך איז

געגאַנגען אויף רוסיש): „נו? איר האָט שוין געענדיקט אייער שיינע דרשה? איצט מעגט איר גיין אַהיים רואיק שלאָפן". און אַז דער דאָקטאָר איז אַרויס אינעם צווייטן חדר, האָט ער צו מיר אַ זאָג געטאָן אין טיפן פאַרדראָס: „אַזאַ טיפש! איך פיל, אַז עס עקט זיך מיר דאָס לעבן, רעדט ער מיט מיר פון נערוון!"...

ער האָט געוווּסט מער פון אונדז אַלעמען, אַז דאָס לעבן עקט זיך אים. ביי זיין בעט האָט זיך די לעצטע וואָך געפונען, אַחוץ פרוי שלום־עליכם, זיין געטרייע לעבנס־וועכטערין, אויך איינע פון זיינע אַמאָליקע פרייוויליקע אויפפּאַסערינס אין באַראַנאָוויטש, פריילין גוטע טעץ. זי איז זינט די באַראַנאָוויטשער טעג שטאַרק צוגעבונדן געוואָרן צו שלום־עליכמס הויזגעזינד. איצט איז זי געווען אַ ניו־יאָרקערין, האָט שלום־עליכם געבעטן, זי זאָל אויף אים ווידער אויפפּאַסן — אפשר וועט ער אין איר „באַראַנאָוויטשער" זכות געהאָלפן ווערן, ווי אַמאָל, מיט אַכט יאָר צוריק. פריילין טעץ האָט עס גערן אויף זיך גענומען. פאַר איר האָט שלום־עליכם נאָך אין די ערשטע טעג פון זיין קראַנקייט אַנטפּלעקט זיין סוד, אַז ער שטאַרבט. ער האָט זי צוגערופן צום בעט און סודותדיק־שטיל אַ זאָג געטאָן: „מע רופט, מע רופט אַהינצוצו... און איצט וועלן ניט העלפן קיין טענות — מע וועט מוזן גיין"... פריילין טעץ, אַ צע־רודערטע פון אַזעלכע ווערטער, האָט דאָס דעמאָלט דערציילט נאָר מיר אַליין, ניט וועלנדיק מצער זיין די פרויען אין שטוב.

און פון דעסטוועגן האָב איך נאָך אַלץ ניט פאַרלאָרן די האָפענונג. איך האָב זיך אַליין געמונטערט דערמיט, וואָס שלום־עליכם שרייבט נאָך, האַלט נאָך אין האַנט די פען, זיין בעסטע שיצערין פון אַלע אומ־גליקן. ער האָט נאָך אַפילו אַליין גערעדט פון זיין שרייבן. דינסטאָג דעם 9טן מאַי אינאָוונט (געווען איז דאָס פיר טעג פאַר זיין טויט) האָט מען מיך אַרויסגערופן דורכן טעלעפאָן פון דער רעדאַקציע „התורן", געזאָגט, אַז שלום־עליכם וויל מיך זען. איך בין געפאָרן פון דער איסט־סאַיד אין די בראָנקס אין איין שרעק, נאָר געטראָפן האָב איך שלום־עליכמען דווקא אין אַ פאַרבעסערטער שטימונג, ווי אויפגעלעבט. ער איז דעם טאָג אונטערזוכט געוואָרן פון אַ מאָגן־ספּעציאַליסט, וועלכער

האָט פאַראָרדנט אײַנצוגעבן אים נאַרונג אויף אַ קינסטלעכן אופן, ווייל ער איז שרעקלעך אָפּגעשוואַכט פון ניט־עסן. איצט האָט שלום־עליכם, אין קראַנקער, קורץ־אָטעמדיקער באַגייסטערונג, גערעדט דערפון, וואָס פאַר אַ וווּנדערלעכע ווירקונג די קינסטלעכע נאַרונג האָט אויף אים געמאַכט. דערביי איז געווען צו מערקן, אַז ער איז נתפעל ניט אַזוי פון דער נאַרונג אַלייך, ווי פון דעם חידוש, וואָס אַ מענטש קאָן ווערן זאַט אומגעגעסן. ער האָט מיך געפרעגט, צי ווייסט מען אין דער רע־דאַקציע פון דער „וואַרהייט", אַז ער איז קראַנק, און געבעטן, איך זאָל זיי דאָרט זאָגן, אַז זיי מעגן זיין רואיק, ער שרייבט, ער וועט זיי חלילה אָן מאַטעריאַל ניט איבערלאָזן. אָט האָט ער ערשט פאַריקע נאַכט היפּש געשריבן. „איך ליג אַזוי און ליג אַ גאַנצע נאַכט, — האָט ער דערציילט אין שווערן אָטעם — שלאָפן קאָן איך ניט, די געדאַנקען טראָגן... וואָס־זשע איז דער תכלית אַזוי צו ליגן? זאָג איך צו דער מאַמע: וואָס וועל איך דאָ אויסליגן? ביז טאָג איז נאָך ווייט... אַמער, גיב אַהער די פען און די פאַפּקע מיטן פּאַפּיר, וועל איך כאָטש שרייבן. שרייבן איז מיר פאָרט גרינגער, וואָרעם סיי ווי סיי מוטשען די געדאַנקען, לאָזן ניט צורו... און אָט אַזוי פאַוואָלינקע האָב איך אָנגעשריבן עטלעכע קאַ־פּיטלען פון מאָטלען"...

און ניט נאָר שרייבן — ער האָט נאָך אויך געוואָלט וויסן, וואָס עס טוט זיך אויף דער גרויסער וועלט, ווי אַזוי גייט עס מיט דער וועלט־מלחמה? אַלע טאָג פלעגט צו אים קומען יהואָש און לייענען פאַר אים די יידישע צייטונגען. ער האָט נאָך אַפילו געפּרוּווט שפּילן אַ „זעקס־און־זעכציק" מיט אברהם אליהו לובאַרסקי, דערביי איז ער געווען שטאַרק ניט־צופרידן, וואָס זיין פאַרטנער לאָזט זיך עפּעס נאַרן, גיט לייכט אַוועק אַ קאָרט נאָך אַ קאָרט. „וואָס איז מיט אײַך פּלוצעם געשען? — האָט ער זיך געוווּנדערט. — איר שפּילט דאָך עפּעס גאָר ווי אַ ווייסטע קאַליקע!"... „וואָדען? — האָט אים לובאַרסקי געענטפערט כלומרשט אין לייכטן שפּאַס. — איך וועל מיך גיין שלאָגן, משטיינס געזאָגט, מיט אַזאַ איידעלער, כרופּקער כלי, ווי איר?"... דער עפּיטעט „כרופּקע כלי" איז שלום־עליכמען מאָדנע געפעלן געוואָרן, ער האָט זיך אַזש צעלאַכט —

שוין מיט אַ געפּאַלענעם, קראַנקן, קורץ־אָטעמדיקן געלעכטער. „אַזאַ איידעלע, זאָגט ער, כּרופּקע כּלי... אַי, אַ גוט וואָרט!... טאַקע באמת אַ כּרופּקע כּלי... אָט־אָט צעבערעכט זי זיך"...

מיטוואָך, דעם 10טן מאַי, האָט זיך דעם קראַנקנס צושטאַנד פּלוצעם ראַדיקאַל פאַרערגערט. מע האָט אַרויסגערופן צוויי ניו־יאָרקער באַרימט־קייטן, די פּראָפעסאָרן קויפמאַן און רודיש, וועלכע האָבן אָפּגעוואָרפן די השערה פון אַ מאָגן־קראַנקייט און געשטעלט דעם דיאַגנאָז אויף אַ קאָמפּליצירטער נירן־קראַנקייט, וואָס איז פאַראורזאַכט געוואָרן פון דער פריערדיקער דאָרשט־קראַנקייט און געבראַכט אין רעזולטאַט בלוט־פאַרגיפטונג דורך דער אורין (אורעמיע). די לאַגע איז שוין געוועזן אַזוי ערנסט, אַז די דאָקטוירים האָבן זיך פאַרלאָרן. דאָס אומגליק האָט זיך אָנגערוקט נאָענט, ווי אַ פינצטערע כמאַרע, אין וועלכער יענע עטלעכע צערודערטע טעג זענען פאַרשלונגען געוואָרן, ווי אין אַ תהום.

אין זכרון איז נאָר שאַרף פאַרבליבן דער לעצטער טאָג, פרייטאָג, דעם 12טן מאַי, נאָכדעם ווי די פּראָפעסאָרן האָבן אָפּגעהאַלטן דאָס לעצטע קאָנסיליום און אויפגעגעבן אַלע האָפענונגען. אַרום פאַרנאַכט האָט שלום־עליכם אָנגעהויבן גוססן, נאָר די גסיסה האָט זיך געצויגן לאַנג, ביז אויף מאָרגן פרי. אַרום הויז אויף קעללי סטריט האָבן ביז שפּעט אין דער נאַכט זיך באַוועגט שאָטנס פון אויפגערודערטע מענטשן, באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע, די זענען אַוועק און די זענען געקומען — די ידיעה, וואָס האָט זיך פאַרשפּרייט אין שטאָט, אַז שלום־עליכמס מינוטן זענען געציילטע, האָט ניט געלאָזט שלאָפן אַ סך ניו־יאָרקער יידן. ביי מיר, אין דעם עקסטן חדר פון אונדזער וווינונג, האָבן זיך פאַרזאַמלט שריי־בער און נאָענטע פריינד. מע האָט זיך צונויפגעשלאָגן אין אַן ענגער ברידערלעכער גרופּע ערב אַן אומגליק און גערעדט צווישן זיך אין שטילער צעטראָגנקייט. מע האָט נאָך אַלץ געוואַרט ניט אויפן סוף, נאָר אויף אַ נס — מע האָט אַזוי ניט געוואָלט און אַזוי ניט געגלייבט, אַז שלום־עליכם וועט אַוועק פון דער וועלט. מע האָט בעסער געוואָלט גלייבן, אַז אַ נס איז נאָך מעגלעך, וואָרעם אָט ציען זיך די שעהן איינע נאָך דער אַנדערער, עס איז שוין שפּעט אין דער נאַכט, און שלום־

עליכם לעבט נאָך. די פאַרבליבענע דאָקטוירים, גינזבורג און הילקאָוויץ, טראָגן אָפּט אַרויס פון זיין חדר, ווו עס קומט פאָר די געהיימניספולע, מיסטישע ראַנגלעניש אויפן ברעג פונעם אָפּגרונט, די טרייסטנדיקע בשורה: ער לעבט נאָך! דער גרעסטער חידוש איז געווען, וואָס מע האָט מער פון אַלץ געזען די סכנה אין זיין קראַנקן אָפּגעשוואַכטן האַרץ — און דאָס האַרץ וויל ניט אויפהערן צו לעבן. האָט זיך די האָפענונג אָן דעם געקלאַמערט: אפשר וועט שלום־עליכמס לעבעדיק און לעבנס־דאָרשטיק האַרץ פאָרט גובר זיין?... נאָך אַ חידוש האָבן באַמערקט די וואָס שטייען אַרום זיין בעט: וואָס ער ציט זיך נאָך אין זיין גוססן צושטאַנד צו בייסן די נעגל, ווי ער איז געווען געוויינט געווען ביים שרייבן. און אָפּט מאַכט ער נאָך מיטן פינגער פון דער רעכטער האַנט אין דער לופטן, ווי ער וואָלט געשריבן מיט אַ פען. עס האָט אָבער געשראָקן זיין מאָדנע געענדערט פאַרדומפּט קול, וואָס האָט זיך עטלעכע מאָל געלאָזט הערן פון זיין צימער אין דער שטילקייט פון דער נאַכט, ווי אויפגעוואַכט פון אַן אַנדער ווייטער סומנער וועלט: „איך וויל זיצן, איך וויל זיצן"... איין מאָל איז צווישן די דאָקטוירים און די וועכטערינס פאָרגעקומען אַן אויפגעלעבטע באַוועגונג: אָסיפּ דימאָוו'ס פרוי, אַליין אַ מע־דיקערין, האָט געפּרוּווט דעם גוססן געבן טרינקען וואַסער, אפשר וועלן די נירן אָנהייבן אַרבעטן, — האָט ער געטרונקען. האָט זי געפּרוּווט געבן נאָך, — האָט ער שוין מער ניט געוואָלט. ער האָט פּראָטעסטירט: „לאָזט מיך, לאָזט מיך!"... ער האָט אַ מאַך געטאָן פאַר זיך מיטן פינגער הין און הער, און עס האָט אויסגעזען ווי ער וויל זאָגן: „שטערט מיר ניט, איך געהער שוין צו אַן אַנדער רשות, ווייט פון די דאָזיקע ענינים"...

עס האָט זיך אַוועקגעצויגן אַ לאַנגע נאַכט, אַ גאַנצע אייביקייט.

די פאַרזאַמלטע האָבן ניט אויסגעהאַלטן די גרויסע אָנשטרענגונג — זיי זענען אַוועק מיט דעם, אַז זיי וועלן מאָרגן פרי צוריקקומען און נאָך טרעפן שלום־עליכמען ביים לעבן, אפשר אַ גרעסטעוועטן... אָט איז שוין פאַרטאָג, די פענצטער הייבן אָן בלויען אין באַגינענדיקער דעמערונג, און פלוצעם איז די שטוב אויפגעציטערט געוואָרן פון אַ גע־שריי: עס האָט געשלאָגן די לעצטע שעה. מיר האָבן זיך אַלע צונויפגע־

קליבן אַרום זיין בעט. איך האָב אין ציטערניש אויפגעוועקט מיין קליין טעכטערל פון שלאָף. אַרום דעם גוססן פאָטער איז אויסגעבראָכן אַ געוויין. דער יינגסטער נומאַ האָט געיאָמערט: „פאַפאַ, לעב, לעב! דו האָסט דאָך מיר צוגעזאָגט, אַז דו וועסט לעבן!” די מוטער האָט אים געבעטן: „עפן אויף די אויגן, טייערער!” האָט ער זי דערהערט, געעפנט די אויגן, הימל־בלויע, שוין ניט ערדישע, אַ קוק געגעבן אויף יעדן איינעם פון זיינע נאָענטע מיט טיפן צער, מיט אַ ווייט־אָפּגעשיידטן בליק פון יענער זייט לעבן.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן די ווייען פון יציאת נשמה — אַ שטורעם פון הויכע, האַסטיקע, פיינלעכע זיפצן. עס האָט געדויערט לאַנג — אפשר אַ שעה, און אפשר צוויי. מיר זענען אַלע געשטאַנען, אייגענע און פרעמדע, אין אַן ענגער רינג אַרום זיין בעט, פאַרגאַפּטע אין שטילן ציטער פון דער דאָזיקער גרויזאַמער און געהויבענער זעאונג, ווי אַזוי אַ גרויסע, ליכטיקע, לעבנסדאָרשטיקע נשמה ראַנגלט זיך מיט טיפער קראַפט, וויל ניט אַוועקגיין פון גאָטס ערד, וועלכע זי האָט אַזוי ליב געהאַט, אַזוי פיל פרייד פון איר גענומען און אַזוי פיל פרייד איר געגעבן.

אין פענצטער האָט שוין אַריינגעקוקט דאָס גרויע טאָג־ליכט, בעת דער שטורעם איז אַיינגעשטילט געוואָרן. ד״ר הילקאָוויץ, וואָס האָט גע־האַלטן דעם פולס, האָט פלוצעם אָפּגעלאָזט די האַנט, זיך אָנגעבויגן צום בעט און זיך צעוויינט: שלום־עליכם איז געשטאָרבן. ער איז געשטאָרבן אַזוי שיין, ווי ער האָט געלעבט, וואַרעם אַרומגערינגלט פון זיין פאַ־מיליע, פון זיינע פריינד, פון טויזנטער יידן איבער דער גרויסער שטאָט ניו־יאָרק, וואָס האָבן יענע נאַכט קיין רו ניט געהאַט. אַרום זיין בעט האָבן זיך אין דער לעצטער מינוט געפונען, אַחוץ זיינע אייגענע און זיין צוקינפטיקן איידעם ב. צ. גאָלדבערג, — דוד פינסקי, פינחס רוטענ־בערג און זיין שוועסטער רחל, גוטע טעץ, יהושע גאָרדאָן און זיין פרוי, די דאָקטוירים איסר גינזבורג, הילקאָוויץ און קאַץ. איינער האָט אַ קוק געטאָן אויפן זייגער: ס׳איז געווען ניין־און־צוואַנציק מינוט נאָך זיבן. ס׳איז געגאַנגען דער טאָג פון שבת, דער 10טער אייר און דער 13טער מאַי.

שלום־עליכם איז געשטאָרבן ? — איך האָב מיך פאַרקליבן אין מיין חדרל, געזעסן אַליין, ניט געקאָנט גלייבן, ניט געקאָנט באַגרייפן די דאָזיקע ערשט־געשעענע קאַטאַסטראָפע. ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך, אַז שלום־עליכם איז טויט ? ווי אַזוי קאָן דער פינצטערער טויט אַריינגעמען צו זיך דעם דאָזיקן נאָמען, וואָס איז געווען אַ קוואַל פון לעבן און ליכט פאַר נאָענטע און ווייטע, פאַר אַ גאַנצן פאָלק ? ווי אַזוי וועט איצט אויסזען דאָס יידישע לעבן, די יידישע וועלט, אָן דעם איינציקן שלום־עליכם, אָן דעם איינציקן ווונדער־צויבערער, וואָס האָט געגאָסן טייכן מיט פרייד אין דעם דאָזיקן פאַראומערטן לעבן ? ער איז דאָך געווען ניט נאָר אַ גרויסער דיכטער, נאָר אַ גרויסע דערשיינונג, אַ היסטאָרישער נס, אַזאַ וואָס ווייזט זיך נאָר איין מאָל ביי אַ פאָלק און חזרט זיך מער ניט איבער. ער איז דאָך געווען ביים פאָלק דער אויסדערוויילטער, זיין בן יחיד, זיין ליבסטער שליח, וועלכער האָט מיטן גייסט און מיטן לשון און מיטן אָטעם פון דעם פאָלק אַזוי לייכט און אַזוי אינטים און אַזוי זיס, ווי אַ שפיל־פייגעלע, אויסגעזונגען זיין לעבן, אויסדערציילט זיין האַרץ פאַר דער וועלט. ער איז געווען פאַר זיין פאָלק נאָך מער פון דעם — ער האָט אים אויפגעמונטערט פון זיין געפאַלנקייט, פאַרוואַנדלט זיין אַלטן טרויער אין יונגער פרייד, אַרויסגעבראַכט פון זיינע פינצטערע טיפענישן דעם גרויסן סוד פון זיין לעבנסקראַפט — דעם רירעוודיקן, לייכט־באַוועגלעכן דמיון, וואָס מאַכט צו נישט די האַרטע ווירקלעכקייט, און זיין באַגלייטער דאָס באַפרייענדיקע געלעכטער, וואָס מאַכט פון שלעכט גוט און פון ביטער זיס. ווי אַזוי זשע קאָן דאָס געמאָלט זיין, אַז שלום־עליכמס פריילעכער גייסט וועט מער ניט מונטערן די פאַרצאָגטע הערצער פון זיינע ברידער ?... איך האָב אויך געטראַכט פון די עלף יאָר, וואָס מיר איז באַשערט געווען צו זיין נאָענט צו אים — אַ לאַנגער ליכטיקער יום־טוב. און אָט איז שוין אויס יום־טוב... עס האָט זיך ביי מיר געעפנט אַ הייסער קוואַל פון טרערן, אַזאַ וואָס איך האָב שוין לאַנג ניט געוווסט, זינט די ווייטע קינדער־יאָרן.

מיט צוויי שעה שפעטער איז די שטוב פול געווען מיט אבלים, וואָס זענען געקומען פון אַלע ווינקלען פון ניו־יאָרק. צווישן זיי, אַלס שליח

פון דער ניו־יאָרקער קהילה — ד״ר י. ל. מאַגנעס. מע האָט געעפנט שלום־עליכמס צוואה, אַלע האָבן זיך פאַרזאַמלט אין מיין צימער, און ד״ר מאַג־נעס האָט זי אָנגעהויבן לייענען פאַרן עולם. עס האָבן אים אָבער געשטיקט די טרערן, האָט שמריה לעווין פאַרענדיקט דאָס לייענען אין געריירטן פייערלעכן טאָן.

די איינציקע, וואָס איז געבליבן מיט שלום־עליכמען אין זיין חדר, איז געווען די פאַריתומטע מוטער. זי האָט אַרומגענומען זיין ווייך־גע־לאָקטן, רואיק־געוואָרענעם קאָפּ מיט אירע מוטערלעכע הענט, געקוקט אויף אים, ווי אויף איר פאַרלאָרענעם גליק, מיט צערטלעכן רחמנות, מיט טיפן טרויער, מיט אומענדלעכן וויימוט...

ניו־יאָרק — תל־אביב
1933 — 1930

# אינהאַלט

